לעאָן קאָברין

# די נייע אדם און חוה

פ א ר ל א ג  ח. ב ז ש אָ ז א

וו א ר ש ע / 1929

# די נייע אדם און חוה

א ראָמאַן פון דער היינטיקער צייט

# ערשטער קאַפּיטל

## די אומבאַקאַנטע

קומענדיק אין די קעטסקיל-בערג פון די ענגע, שרייענדיקע, איינטאָניק-גרויע, שטיינערנע גאַסן פון ניו-יאָרקער יידישן קוואַר-טאַל, האָט ברוינשטיין די ערשטע פאָר טעג געפילט, ווי אַ בלינ-דער, וואָס ער איז פּלוצלינג זעענדיק געוואָרן אינמיטן אַ העלן פרילינגס-טאָג.

וואָס פאַר אַ הימל, וועלכע בערג און טאָלן, וואָס פאַר אַ גרינקייט און העלקייט, וואָס פאַר אַ ליכט און וואָס פאַר אַ שאָטנס — ווי אין אַ צויבערלאַנד האָט ער זיך גע-פילט! . . .

אַ פאַרגאַפטער און אַ פאַרבלענדטער האָט ער זיך באַוועגט אונטער דעם בערגיקן הימל, געבאָדן זיינע בליקן אין לאַזור-בלויקייט, זיין קאָפּ אין די צאַרטע, מילד-וואַרעמע שטראַלן פון דער בערגיקער זון, וואָס זיי האָבן געלאַשטשעט ווי מיט צאַרטע הענט פון אַ גוטער מאַמען, און מיט פייערדיקער גיריקייט האָט ער געזויגן אין זיך די אַרומיקע פילפאַרביקייט. . .

ווער עס האָט נישט געזעען די קעטסקיל-בערג זומער-צייט, דער האָט נישט געזעען די נאַטור אין איר געוואַלטיקער פּראַכט, דער האָט גאָר קיין באַגריף נישט פון איר פאַרכישופטער שיינקייט, פון איר סודותפולער מאַכט.

איז אין דעם שולדיק געווען זיין צערודערטע, יינגע דיכטערישע נשמה, פאַרוואָס יעדע יינגע פרוי האָט זיך אים דאָרט אויסגעוויזן מיט טויזנטער חנען באַגאָסן, און טונקעלע בענקשאַפט אין אים געוועקט?

די אַלע מיידלעך, וואָס זיי האָבן ביז אַהער אין שטאָט אַמאָל זיין האַרץ באַרירט, זיי אַלע האָבן זייער גאַנצן כישוף איבער אים אָנגעווירן, ווען ער האָט זיי אין זיינע געדאַנקען פאַרגליכט צו דעם שיינעם מין, ווי ער האָט דאָרט, אין די בערג, אויסגעזעען.

און געוואַרט האָט ער, אַז אין איין שיינעם טאָג וועט ער ערשט די ריכטיקע אומבאַקאַנטע שיינהייט דאָרט טרעפן. זי וועט אַרויסשוועבן פון צווישן די טונקעלעביימער, אַ ליכטיקע נימפע פון די בערג, מיט אַ קאָכעדיק-רויטן בעכער מיט גליק, אָנגעגרייט פאַר אים.

מיט זיין האַרץ, פול מיט בענקעניש, האָט ער זי געזוכט; מיט זיין בלוט, וואָס עס האָט זיך צעשפּילט אין דער זוניקייט און פילפאַרביקייט פון די בערג.

זיין נשמה האָט געשוועבט איבער באַרג און טאָל, צווישן זוניקן הימל און גרינער ערד, ווי אַ טויב, און געבעבנקט, געבענקט:

„ווו ביסטו, דו שיינע אומבאַקאַנטע מיינע?"
דאַן האָט ער זי געטראָפן...

* *

ער האָט גענומען דעם הונט פונם האָטעל און איז מיט אים

אוועק צום רויטן בארג, כדי צו זעען דעם זון-אונטער-גאנג.

דער רויטער בארג איז געשטאנען א האלבע מייל פונם האָטעל און האָט אויסגעזעען אזוי נאָנט פון דאָרט, ממש עטלעכע טריט, האָט זיך אויסגעדאַכט.

„רויטער" האָט מען אים גערופן, ווייל אויף אים האָבן זיך געפונען רויטע פעלזן.

ברוינשטיינען האָט ער זיך אויסגעוויזן, ווי א ריז מיט א גרינער, שפּיציקער יאַרמולקע.

צופוסן פון אָט דעמדאָזיקן ריז האָט זיך געטוליעט א וועלדל, און ווען ברוינשטיין האָט איצט געקוקט אַהין, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די ביימער פון דעמדאָזיקן וועלדל זענען דאָרט געקראָכן איינע איבערן אַנדערן, א גרינע צווייג איבער א גרינער צווייג, א גרינער שפּיץ איבער א גרינעם שפּיץ. אזוי ווי פון עפּעס אַן אומרו באַוועגט, וואָלטן זיי זיך דאָרט געריסן איינער איבערן אַנדערן נעענטער צום גרינעם ריז, זוכנדיק באַ אים שוץ. . .

מיט שטילע, פאַרחלומטע טריט איז ברוינשטיין געגאַנגען צו אָט דעם ריז און זיינע פאַרחלומטע בליקן האָבן געבלאָנדזשעט פון אים צו די אַנדערע בערג, וואָס זיי זענען געשטאַנען אין איין גרויסן קרייז, אי קלענערע, אי גרעסערע, אי רונדע, אי פּירעקיגע, אי שפּיציקע, אָבער אַלע גרינע און פאַרסודעטע, און ברוינשטיינען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דידאָזיקע אַלע בערג, מיטן גרינעם ריז אינמיטן, שטייענדיק אַזוי אין אַ קרייז, וועלן זיך אָט-אָט אַ ריס טון פון זייערע ערטער און וועלן אַוועק טאַנצן אין אַ רעדל אַ מיסטעריעזן טאַנץ אונטער דעם בערגיקן הימל, וואָס ער איז געווען ווי מיט שטיקער רעגנבויגן אויסגעפלאַסטערט. . .

„גאָט, ווי שיין דיין וועלטל איז!" — האָט ברוינשטיין אַרויסגעמורמלט. און אַ גרויסע שמחה האָט אים אַרומגענומען, ווי די פרייד פון אַ גרויסן יום-טוב אַן איינדרוקספולן קינד. . .

ברוינשטיין האָט זיך שיער נישט צעוויינט. ברוינשטיין האָט זיך שיער נישט צעטאַנצט.

ער איז געגאַנגען ווייטער, איז אַריין אין אַ טאָל, וואָס האָט זיך געשפּרייט פאַר אים, ווי אַ גרינער, סאַמעטענער טעפּיך. אינמיטן פון אָט דעם טאָל האָבן זיך געצויגן ווייס־זאַמדיקע גראָבנס, וואָס זיי האָבן ברוינשטיינען אויסגעזעען, ווי ווייסע שפּיצן אַרום גרינעם סאַמעט.

ברוינשטיין, וואָס האָט געהאַט אַ פיינעם חוש פאַר דער נאַטור, וועלכע ער האָט משוגע ליב געהאַט, און פאַר אירע פאַרבן, האָט באַמערקט, ווי די קאָלירן אויפן הימל האָבן זיך נאָכאַנאַנד געביטן דאָרט איבערן באַרג־דעם־ריז און ווי מיט די געביטענע קאָלירן, האָט ער, דער גרינער ריז, אויך זיין אויס־זען געביטן, ווי אַלצדינג אַרום אים האָט דאָס אויסזען גע־ביטן.

אַצינד האָט אַ טיפע רויקייט געשוועבט איבער דעמדאָ־זיקן ריז, און אַזוי שטרענג און טיף־רויק האָט ער אַליין גע־קוקט, אַזוי מעכטיק און סודותפול, אַזוי ווי ער וואָלט פון דער נאַטור אַליין דאָרט אַוועקגעשטעלט געוואָרן, כּדי צו פאַרהיטן אירע סודות.

און אויך אַזאַ רויקייט האָט געשוועבט אַרום און אַרום, אַזאַ טיפע, טונקעלע פאַרטראַכטקייט, ווי דער טונקעלער סוד פון נאַטורס שאַפן.

ברוינשטיין איז אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דערדאָזיקער רויקייט און פאַרטראַכטקייט, אַז יעדער מינדסטער שאָרך אַרום האָט אָפּגעקלונגען פאַר אים, ווי אַן אַרויסגעפּליסטערטער סוד. און האָט אַ פייגעלע אַ צוויטשע געטון, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עס האָט אַ חלום אויסגעצוויטשעט. . .

דער שוואַרצער, קודלאַטער הונט, וואָס איז פאָרויס געלאָפן, האָט איצט דאָרט געטונקלט צווישן דיביימער אונטערן רויטן באַרג. יעדע ווײַלע האָט ער אַרויסגערוקט דעם שוואַרצן, געקרויזטן קאָפּ, מיט אַן אָפן, פּייכט, רויט מויל, אומגעקוקט זיך אויף ברוינ־שטיינען און איז באַלד ווידער פאַרשוווּנדן צווישן די ביי־מער.

פלוצלינג האָט אין דערדאָזיקער שטילקייט אַ געזאַנג אָפּגע־
הילכט פון אַ פרויען־קול.

ברוינשטיין האָט אַ צאַפּל געטון, אַזוי ווי פון אַ חלום האָט
ער זיך אַ כאַפּ געטון.

ער האָט זיך איינגעהערט — אַ רוסיש ליד האָט דאָס פרויען־
קול געזונגען. . .

שטיל און צאַרט און פאַרחלומט האָט דאָס געזאַנג גע־
שוועבט אין דער טונקעלער, פאַרטראַכטער גרינקייט, ווי דער
שעמעוודיקער סוד פון אַ יינג, פאַרליבט, אומשולדיק מיידל. . .

„ווער זינגט עס דאָרט? און ווו? אינם וועלדל, דאַכט זיך?
און אפשר אויפן באַרג?"

און די פיס באַ ברוינשטיינען זענען אַוועק לעבעדיקער, שנע־
לער, נישט אַזוי שטיל און פאַרחלומט, ווי פריער.

דער הונט דאָרט האָט זיך צעבילט. דאָס געזאַנג האָט אויפ־
געהערט.

„דער רוח זאָל אים נעמען, דעם כלב, האָט מסתמא דאָרט
איבערגעשראָקן די זינגערין!"

אָבער באַלד האָט זיך דאָס זינגען ווידער דערהערט, און מיט
אַזוי פיל בענקעניש האָט עס איצט געקלונגען, אַז באַ ברוינשטיינען
האָט דאָס האַרץ גענומען קלאַפּן שטאַרקער און ער האָט אַ טראַכט
געטון:

— ווער זינגט עס דאָרט אַזוי? ווי אַ טאָכטער פון דעם באַרג־
גייסט וואָלט דאָרט איר ליבע דער אונטערגייענדיקער זון אויס־
געגאָסן! . . ."

ער האָט גענומען גיין נאָך שנעלער באַרג אַרויף. דאָס קול
האָט זיך פון דאָרט געטראָגן. נאָר איידער ער האָט דעם שפּיץ־
באַרג דערגרייכט האָט דאָס געזאַנג זיך שוין מער ווידער נישט גע־
הערט.

אָבער אין דערדאָזיקער מינוט האָט ער אינגאַנצן אָן אים
פאַרגעסן, פאַרשלונגען פונם בילד, וואָס עס האָט זיך צעוויקלט
פאַר זיינע אויגן.

אַן אַנדער געזאַנג האָט ער איצט פאַרנומען, פאַרטומען עס

מיט זיין האַרץ — דאָס רויטע, פייערדיקע געזאַנג פון זון-אונטער-גאַנג. . .

רויטע שטראַלן האָבן געציטערט, ווי פייערדיקע שלענגלעך, דאָ און דאָרט, איבער די פעלזן, איבער אים, ברוינשטיינען, און אונטער אים. אפילו איבער די ביימער, גאַנץ אונטן. . .

און וואָס העכער ברוינשטיין האָט געקלעטערט, אַלץ רויטער און בלענדנדיקער איז געוואָרן פאַר זיינע אויגן. דער הונט, וואָס איז געלאָפן פאַר אים, איז יעדע ווײַלע אַריינגעקראָכן דאָ מיטן שוואַרצן קאָפּ און באַלד מיטן רוקן אין אַ רויטער, פייערדיקער כוואַליע, און ווען ברוינשטיין איז אויפן שפּיץ-באַרג אַרויף, האָט ער די אויגן געמוזט פאַרמאַכן קעגן דער מוראדיק גרויסער, פייערדיקער רויטקייט, וואָס האָט זיך געשיקט פאַר אים. . .

איין זייט פונם הימל איבערן באַרג האָט געברענט און גע-פלאַקערט און די אַנדערע זייט האָט געטונקלט, ווי דרימלען אָנ-געהויבן. די הייזלעך פון די פאַרמערס, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער זייט, וווּ עס האָט געפלאַקערט, האָבן זייערע ווייסע דעכער ממש געטונקט אין די רויטע שטראָמען פייער. און יענע הייזלעך, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער זייט, וווּ עס האָט גע-טונקלט, האָבן זיך אין אַ גרויקייט געקורטשעט. . .

ברוינשטיין איז געשטאַנען אויף דעם רויטן באַרג און האָט געקוקט ווי די זון האָט געזונקען. און ער האָט געשפּירט איר ווייכן, וואַרימען שטראַל אויף זיינע באַקן.

דער הונט איז זיך געלעגן נישט ווייט פון אים, צונויפגע-דרייט קעגן דער זון, ווי אַ שוואַרצע קנויל, מיט פאַרזשמורעטע אויגן, און ווען ער האָט אויף אַ רגע זיי געעפנט, האָט ברוינשטיין באַמערקט, ווי אין זיי האָבן אַרומגעטאַנצט גאָלדענע קייקעלעך, דער אָפּשיין פון די רויטע זון-שטראַלן. . .

פּלוצלינג האָט ברוינשטיין דערהערט הינטער זיך אַ שטילן אויסגעשריי:

— אַך, וואָס פאַר אַ וווּנדער!

ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזעען:

אויף אַ פעלז, הינטער אַ בוים, נישט ווייט פון דעם אָרט,

ווי ער איז געשטאַנען, איז געשטאַנען אַ שלאַנק מיידל אין אַ העל קלייד, מיט אַ בלאָנדן קאָפּ, וועלכער האָט ווי געפלאַקערט אונטער די רויטע שטראַלן.

זי האָט אויך געקוקט אויף דעם זון-אונטערגאַנג, וואָס האָט רויט אָפּגעשלאָגן אויף איר פּנים.

זי איז געשטאַנען עטוואָס אויסגעבויגן, געהאַלטן אַ ביסעלע אָפן אירע ראָזעווע ליפּן, אַרום וועלכע אַ באַגייסטערטער שמייכל האָט זיך געקרויזט, ווי אַ ליכטיקער שטראַל.

— אַך, וואָס פאַר אַ וווּנדער! — האָט ברוינשטיין ווידער דערהערט איר שטילן אויסגעשריי.

און מיטאַמאָל האָט זי אים באַמערקט, האָט זי זיך תּיכּף אויסגעגלייכט, שנעל אַ קוק געטון אויף אים און איז אַרונטערגעשפּרונגען פונם פעלז.

ברוינשטיין האָט זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין איר. הויך, שלאַנק און בויגיק איז זי געווען און איר פּנים רונד און פון דער זון פאַרברענט, ווי פון ברוינעם מירמלשטיין אויסגעשניצט.

און אַז זי האָט זיין איינגעגעסענעם בליק אויפגעכאַפּט מיט אירע אויגן, און דווקא אויף אַ שקאָצעוואַטן אופן, האָט זיין נשמה מיט הונדערט שמייכלען אויפגעלויכטן. און ער האָט אַ טראַכט געטון:

„וואָס פאַר אַן אויגן, דער טייוול זאָל זי נעמען, בלוי, ווי דער הימל און די בערג ממש!"

און ברוינשטיין איז צו איר צוגעגאַנגען אָן לאַנגע שהיות און האָט זיך אָנגערופן:

— אַנטשולדיקט. איז דאָס נישט אַ ווונדערלעך בילד?
און זי האָט געענטפערט מיט אַ העפלעכן שמייכל:
— אָ, יאָ.
— אין שטאָט זעט מען דאָס נישט.
— די אַרבעטער אַוודאי נישט — האָט זי געזאָגט.
— די רייכע אויך נישט — האָט ער באַמערקט.

— די רייכע זענען דאָרט נישטאָ, חען דער שטיקנדיקער זומער קומט...

האָט ברוינשטיין זיך תּיכּף אָנגעשטויסן פון אירע ווערטער און פון דעם טאָן, מיט וועלכן זי האָט עס געזאָגט, אַז זי איז אַ מיידל פון דער „באַוועגונג". און אפשר פון דער ריכטיקער, דאָס הייסט פון דעם „לינקן" פליגל, מיט וועלכן ער אַליין האָט סימפּאַטיזירט. איז ער געוואָרן באַ זיך לעבעדיקער און דרייסטער.

— אַנטשולדיקט — האָט ער זיך ווידער אָנגערופן — איך האָב קיין רעכט נישט אפילו צו פרעגן...

האָט זי אים איבערגעשלאָגן מיט אַ געלעכטער, מיט אַ האַרציק געלעכטער, און זי האָט געזאָגט:

— מיין הער, איר האָט אַ רעכט אויף אַלצדינג, אַבסאָלוט אויף אַלצדינג. בלויז אויף נאַרישקייטן נישט. וואָס ווילט איר פרעגן?

— זענט איר אַ סאָציאַליסטקע?

— אָ, ניין. וואָס פאַלט אייך איין? — האָט זי זיך ווידער צעלאַכט.

— ווייל איר האָט גערעדט פון רייכע און אַרבעטער אין אַזאַ טאָן, האָב איך געמיינט...

— האָט איר שלעכט געמיינט. עס טרעפט אַמאָל, אַז מען מיינט שלעכט, מיין הער, — האָט זי צוגעלייגט מיט אַ שמייכל און אַ קוק געטאָן אויף אים אַזוי, אַז אים האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַז זי לאַכט פון אים.

ער האָט אַ טראַכט געטאָן:

„ווייס איך וואָס, אַ טאָכטער פון אַן „אַלרייטניק" מסתּמא און אפשר אַ ווייב פון אַן „אָלרייטניק"*) אָבער שיין איז זי. ווי שיין!..."

---

*) „אַלרייטניק" — אַ שפּאָט־וואָרט פאַר דעם אומגעקומענעם יד, וועלכער גרויסט זיך מיט זיין עשירות.

און זי האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף אים, געקוקט מיט 8 שמייכל און ווי מיט שפּאָט, ביז ער האָט אַוועקגעדרייט פון איר דעם קאָפּ.

האָט זי זיך דאַן אָנגערופן:

— נו, און מיט נישט קיין סאָציאַליסטקעס ווילט איר גאָר־נישט רעדן?

האָט ער זיך ווידער אומגעדרייט צו איר.

— ווען איך וועל וויסן, ווער איר זענט, וועל איך מיט אייך רעדן — האָט ער געענטפערט.

— איך בין אַ ייִדישע טאָכטער — האָט זי געזאָגט — מיין טאַטע האָט געהייסן חיים לייב, מיין מאַמע — טויבע. געבוירן אין וויטעבסק, ווייס־רוסלאַנד — זאָל איך אייך אויך זאָגן ווען? אָ, דאָס נישט, מיין הער!...

האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל:

— און אייער מאַן איז פון וואַנען?

זי האָט אויסגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר גרויסע, בלויע אויגן, האַלב פאַרוווּנדערט און האַלב קאָמיש.

— מיין מאַן? פונוואַנען ער קומט? אַזוי, איר קענט מיין מאַן? איך האָב עס גאָרנישט געוווּסט, אָבער איך האָב פאַרגעסן צו פרעגן באַ אים, פונוואַנען ער קומט.

און דערביי האָט זי זיך ווידער צעלאַכט אַזוי אָנשטעקנדיק, אַז ברוינשטיין האָט אויך גענומען לאַכן.

— איך פאַרשטיי, איר זענט נישט פאַרהייראַט — האָט ער דאַן געזאָגט.

— ניין, איך זוך אַ חתן.

— אַזאַ שיין מיידל איז אַ דאגה אַ חתן, וואָס

— זעט איר דאָך! — און זי האָט פאַרבראָכן די הענט און אויסגעצויגן מיט אַ טראַגישער מינע:

— אַלע מיידלעך האָבן חתונה און איך נאָר בלייב אַליין... איינינקע אַליין — האָט זי צוגעגעבן — ווי איז צו מיר!...

ברוינשטיינען איז אַלץ פריילעכער מיט איר געוואָרן.

— איז װער זענט איר פאָרט ? — האָט ער װידער גע-פרעגט.

— איר מוזט עס װיסן

— װי זאָל איך אייך רופן ?

— רופט מיך „אומבאקאנטע". אינטערעסאנטער אזוי. און איך װיל טאַקע אייך פאַראינטריגירן א ביסעלע...

— איר האָט מיך שוין סיי-װי-סיי פאַראינטריגירט — האָט ער געזאָגט.

* *
*

דערװייל איז די זון פאַרשלונגען געװאָרן. דער רויטער באַרג האָט זיך פאַרלאָשן און טונקעלע שאָטנס האָבן אָנגעהויבן צו שװעבן איבער די פעלזן. בלויז איין רויטער שטרייף האָט נאָר געגלאַנצט אויפן הימל ; ביסלעכװייז אָבער איז ער אויך בלייכער, גרויער, טונקלער געװאָרן.

זי האָט זיך אָנגערופן :

— עס װערט שוין טונקל...

— איר האָט מורא פאַר דער טונקלקייט ?

— מורא ? — האָט זי געענטפערט פאַרטראַכט — איך האָב פאַר קיין זאַך נישט מורא.

— זענט איר דאָך עפּעס גאָר נישט קיין פרוי — האָט ער געזאָגט.

זי האָט שטיל א לאַך געטון.

— מיינט איר, אז יעדער פרוי האָט מורא ?

— כמעט אַלע. איך קען די פרויען — האָט ער צוגעזאָגט מיט זיכערקייט.

— די נאַרישע פרויען מסתמא קענט איר.

— זענען דען פאַרהאַן קלוגע פרויען אויך ? — האָט זיך אים פאַרגלוסט זי א קיבעץ צו טון.

— חלילה, ווי קען דאָס גאָר געמאָלט זיין, ווען די הערן מענער האָבן פאַר זיך די גאַנצע חכמה אוועקגענומען
און דערנאָך האָט זי מיטאַמאָל אַ פרעג געטון:
— און אייער ווייב איז אויך אַ נאַר?
האָט ער איר געענטפערט אין טאָן:
— וואָס דען, אַ קלוגע וואָלט מיט מיר חתונה גע־האַט?...
— איז אייער ווייב אויך דאָ מיט אייך?
ער האָט געענטפערט:
— ניין, איך האָב געשפּאַסט. דערווייל בין איך נאָך נישט קיין גליקלעכער פאַמיליען־מאַן.
— וואָס וואַרט אַ ייד?
— גיט מיר אַ שיינע כלה, וועל איך חתונה האָבן מיט איר.
— ווי שיין זאָל זי זיין? — האָט זי זיך אָנגערופן מיט אַ שטיפערישן שמייכל.
— אַזוי שיין, ווי איר.
— אוי וויי — האָט זי אַ לאַך געטון — און קיין בעסערן געשמאַק פאַרמאָגט איר נישט?
— איר זענט מיין געשמאַק. אַ בלאָנדער, בלוי־אויגיקער געשמאַק — האָט ער געענטפערט.
— אַ בלאָנדער, בלוי־אויגיקער געשמאַק — האָט זי איבער־געפרעדט מיט אַ קאָמישער מינע — איר רעדט דאָך עפּעס גאָר ווי אַ פּאָעט...
— אפשר בין איך אַ פּאָעט — האָט ער אַ שמייכל געטון — לייענט איר אַמאָל די יידישע ליטעראַטור?
— אַמאָל...
— וואָסערע יידישע ווערק האָט איר געלייענט? וועלכע יידישע שרייבער? האָט איר אַמאָל געלייענט עפּעס פון ברוינ־שטיין?
— ווער איז דאָס דער ברוינשטיין? — האָט זי געפרעגט מיט זייער צו יינגסטער מינע.

האָט ער דאַן אַ טראַכט געטון: „אַן אָלרייטניצע", און ער האָט איר נישט געענטפערט.

— ווער איז דאָס באמת דער ברוינשטיין? — האָט זי דאַן ווידער געפרעגט.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— מילא, זאָלן מיר בעסער נישט רעדן פון דער יידישער ליטעראַטור. ווי איז פאָרט אייער נאָמען?

האָט זי אים געענטפערט מיט אַ שמייכל:

— איך וועל אייך נישט זאָגן מיין נאָמען ביז איר וועט מיר נישט זאָגן, ווער איז דאָס דער ברוינשטיין, וואָס איר האָט דערמאָנט...

— ברוינשטיין איז אַ יידישער דיכטער... ווייסט איר שוין איצט...

— עפּעס אַ ליטישער דיכטער?

— זייער אַ ליטישער. די אָלרייטניקעס האַלטן אַ סך פון אים — האָט ער געענטפערט מיט שפּאָט — עס איז גאָר אַ חידוש, פאַרוואָס איר האָט נישט געהערט פון אים.

— מיר אַליין איז עס אוודאי אַ חידוש — האָט זי זיך אָנגערופן, און אין אירע אויגן האָט געצאַפּלט אַ בלוי געלעכטער — חיבאַלד די אָלרייטניקעס, ווי איר זאָגט, האַלטן אַזוי פון אים, האָב איך אויך געדאַרפט וויסן פון אים. ווייל, ווייסט איר, איך בין אויך אַן אָלרייטניצע...

— אַזוי פאַרשטיי איך — האָט ער אַרויסגערעדט און צוגעלייגט — אַזאַ שיין מיידל פאַרגין איך נישט די אָלרייטניקעס...

— אַלע אָלרייטניצעס זענען שיין — האָט זי דאַן געזאָגט — ווייל זיי פירן אַ זויבער לעבן. אפשר נישט אמת?

— זיכער — האָט ער געענטפערט איר אין טאָן — איבערהויפּט אַ מאָראַליש לעבן.

— אפשר נישט?

— זיכער, זיכער...

— די אָנשטענדיקסטע מענטשן זענען די אָלרייטניקעס —

האָט זי געדערט ווייטער אין אַ טאָן, װי זי װאָלט זיך מיט אים געריצט — איר האָט געדאַרפט זעען, ווי זיי מיט זייערע ווייבער פירן זיך אויף אין דעם פּלאַץ, ווו איך שטיי איין...

— אַזוי? צום ביישפּיל?

— צום ביישפּיל — די אָנשטענדיקסטע פאַמיליענלייט זענען זיי; ווייסן, אַז זיי האָבן חתונה געהאַט, ווי רופט מען דאָס — כּדת? — האַלטן זיי זיך — די מענער מיט זייערע ווייבער, די ווייבער מיט זייערע מענער, האָבן נישט אין זין קיין אַנדערע, חלילה — קורץ, אמתע מאָראַל קען מען נאָר באַ זיי געפינען... דאָס הייסט — האָט זי זיך פאַרכאַפּט — באַ אונז, אָלרייטניקעס און אָלרייטניצעס!...

ברוינשטיין האָט דאַן אַ טראַכט געטון:

„דאַכט זיך, אַז זי קיבעצט מיך גאָר... אַן אינטערעסאַנט מיידל!“...

און אין דער אייגענער צייט האָט זי מיטאַמאָל אויסגע־שריגן:

— אַי, איך האָב זיך דערמאַנט! וואָס פאַר אַ נאָמען האָט איר פריער געזאָגט? זיין נאָמען איז ברוינשטיין? אוודאי ווייס איך, ווער ער איז. איז דאָס דער, וואָס ער שרייבט רעוואָלוציאָנערע לידער און וואָס האָט געשריבן אַ בוך, אין וועלכן ער באַ־פאַלט אַלע הייליקייטן פון דער געזעלשאַפט, דאָס פאַמיליען־לעבן און אַלע אַנדערע אָנגענומענע טראַדיציעס און פאַרטיידיקט איבער־הויפּט פרייע ליבע — דעם מיינט איר?...

— יאָ, אים מיין איך. קענט איר דאָך אים — האָט ברוינ־שטיין זיך דערפרייט, און שיער נישט אויסגעשריגן: „דאָס בין איך אַליין דער בעל־דבר!“...

— איך קען אים נישט און וויל אים נישט קענען — האָט זי זיך אָנגערופן — פון אַזעלכע מענטשן אַנטלויף איך.

— פאַרוואָס?

— ווייל זיי גראָבן אונטער די יסודות פון אונזער לעבן.

האָט ברוינשטיין ווידער אַ טראַכט געטון:

„רעדט זי ערנסט, צי זי קיבעצט? עפּעס מאָדנע!"...

און ער האָט זי שטאַרק אָנגעקוקט.

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? — האָט זי געפרעגט און געקוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין.

— איך וואָלט וועלן אַריינדרינגען אין אייערע קליינע געהירן — האָט ער געענטפערט.

— די ריינסטע מחשבות וואָלט איר דאָרט דערזען, מיין הער, גלייבט מיר.

אַ ווײַלע האָט ער דאַן געשוויגן. און מיטאַמאָל האָט ער זיך אָנגערופן:

— איר האָט פריער דערמאָנט ברוינשטיינס ווערק וועגן פרייער ליבע... וואָס דענקט איר וועגן פרייער ליבע?...

זי האָט אַ שמייכל געטון:

— וואָס איך דענק וועגן פרייער ליבע? רעדט בעסער נישט פון דעם. וואָס דענקט אַזאַ ייד, ווי איר, וועגן פרייער ליבע? — האָט זי באַלד באַכדעם געפרעגט.

— איך דענק פּונקט אַזוי ווי ברוינשטיין — האָט ער געענטפערט מיט אַ פאַרסודעטן שמייכל.

— וועל איך בעסער אַוועקגיין פון אייך — האָט זי געזאָגט, און געמאַכט אַ באַוועגונג ווי אַוועקצוגיין.

ער האָט זי אָפּגעהאַלטן פאַר אַן אָרעם.

— אַנטלויפט נישט, פריילין אומבאַקאַנטע. איר ווייסט, מיר ווייזט זיך גאָר אויס, אַז איר קיבעצט מיך.

— און אַז איך קיבעץ, איז וואָס? און אַז איך קיבעץ נישט, איז וואָס? אייגנטלעך, וואָס ווילט איר? וואָס זוכט איר און ווער זייט איר?

האָט ברוינשטיין אַ טראַכט געטון:

„אוי, עפּעס דאָך אַ געפערלעכע בהורטע!"

— און ער האָט זיך נאָך מער פאַראינטערעסירט מיט איר.

— איר קאָנט שיין קיבעצן — האָט ער זיך דאַן אָנגע-

רופן — איך האָב דווקא ליב, ווען אַ שיין מיידל קיבעצט מיך. וועט איר מיר איצט אייער נאָמען זאָגן, פריילין אומבאַקאַנטע ?

— גוט, כ'וועל אייך איצט זאָגן. מיין נאָמען איז בערטאַ, בערטאַ פרידלאַנד. אפשר האָט איר דעם נאָמען אַמאָל גע־הערט...

ער האָט אויסגעגלאָצט אויף איר אַ פּאָר אויגן.

— בערטאַ פרידלאַנד. געוויס קען איך אַזאַ נאָמען. אַזוי הייסט אַ באַוווּסטע קאָמוניסטקע...

— איר קאָנט זי ?

— נישט פּערזענלעך, אָבער איר בילד האָב איך אַ סך מאָל אין די צייטונגען געזעען.

— נו. איצט באַקענט זיך מיט איר פּערזענלעך.

— איר לאַכט פון מיר ?

— פאַרוואָס מיינט איר, אַז איך לאַך פון אייך ?

— ווייל איר זענט נישט בערטאַ פרידלאַנד. יענע איז גאָר נישט ענלעך צו אייך, לויט אירע בילדער אין די צייטונ־גען.

האָט זי אַ שמייכל געטון.

— ווי איך זע, קען מען אייך נישט אָפּנאַרן. און איך האָב געהאָפט... אַ מאַן איז פאָרט אַ מאַן, נישט קיין נאַרישע פרוי !...

— ערנסט, ווי איז אייער נאָמען ?

האָט זי זיך ווידער צעלאַכט אַזוי האַרציק אויף אַ זילבער־נעם קול און דערנאָך האָט זי געזאָגט מיטאַמאָל :

— גוד באַי, הער ברוינשטיין !

און איז אַוועק מיט שנעלע טריט.

## צווייטער קאַפּיטל

**די אומבאַקאַנטע, וואָס איז געוואָרן אַלץ מער און מער רעטעניש פאַר אים.**

ער האָט אַ צאַפּל געטון. גאָר אַזאַ מעשה! זי האָט אים געקענט. הייסט דאָך, אַז זי האָט אים די גאַנצע צייט געקיבעצט: איז זי דאָך אויף אַן אמת אַן אינטערעסאַנטע בחורטע... אויב אַזוי...

און ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג, וואָס ער האָט געמיינט מיט דעם „אויב אַזוי": נאָר ער האָט זי אָנגעיאָגט און מיט גאָר אַ נייער מינע, מיט אַ מינע פון געוויסער חשיבות, וואָס האָט אין אים אַרויסגערופן דער געדאַנק, אַז זי ווייסט, אַז ער איז דאָס דער באַרימטער דיכטער ברוינשטיין, האָט ער זי געפרעגט:

— פונוואַנען קענט איר מיך?

— מען האָט מיר אַ פּאָר מאָל אָנגעוויזן אויף אייך אין אַ קאַפע-הויז.

— אַזוי? ווי קומט עס, וואָס איך האָב אייך דאָרט נישט באַמערקט?

— קליינע מענטשלעך באַמערקט מען נישט — האָט זי געענטפערט.

— אַזאַ שיין מיידל האָב איך, דאַכט זיך, געדאַרפט באַמערקן.

— מסתמא זענען דעמאָלט אין קאַפע-הויז געווען אַנדערע מיידלעך, שענערע — האָט זי אַ שמייכל געטון.

האָט ער דאַן זיך אָנגערופן:

— קיין שענערע ווי איר קען גאָר נישט זיין אויף דער וועלט!

האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכל:

— רעדט נישט קיין נאַרישקייטן. אין אייער שרייבן זענט איר, דאַכט זיך, גאָר נישט קיין נאַר.

— איר האָט מיך געליייענט!

— נישט איינגאַנצן. אָבער אַ באַגריף האָב איך פון אייער שרייבן.

— נו?

— וואָס נו?

— אייער מיינונג...

— אין אייער שרייבן זענט איר, דאַכט זיך, קליגער ווי אַזוי — האָט זי געזאָגט.

האָט ער זיך אָנגערופן:

— די בעסטע און שענסטע קריטיק, וואָס איך האָב אין מיין לעבן געהאַט איבער מיין שרייבן, האָב איך איצט געהאַט, דערפאַר מוז איך קושן אייער האַנט.

און ער איז צוגעגאַנגען נענטער צו איר.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אויגן, פון וועלכע בלויע שטראַלן האָבן געשפּריצט, און אַ שאָקל געטון דעם בלאָנדן קאָפּ.

— וואָס איז מיין האַנט, נעבעך, שולדיק? — האָט זי געזאָגט.

האָט ער זיך געבעטן באַ איר:

— אייער שיינע האַנט... נאָר איין קוש!

האָט זי אַ שמייכל געטון:

— איך האַלט נישט פון ראָמאַנטישע ריטערס...

— נאָר איין קוש — האָט ער געטענהט.

— וואָס דאַרפט איר דאָס

האָט ער זיך צעהיצט:

— איך מוז דאָס... איר זענט דאָך אַזוי שיין... איר

קאָנט דאָך מיר נישט פאַרווערן, ווען איך בין אַנטציקט פון אַ שיינער בלום, איר דופט צו פילן. . .

האָט זי אַרויסגעריסן אַ ווייסע באַרגיקע בלום באַם וועג און זי אים דערלאַנגט מיט די ווערטער !

— נאַט, פילט די דופט פון דער בלום, איך פאַרווער אייך נישט, חלילה. . .

האָט ער זיך צעלאַכט.

— וואָס פאַר אַ שטיפערין איר זייט. דערפאַר ערשט פאַר־דינט איר אַ קוש ! נו, איך מוז. איז עס דען אַן עוולה, ווען אַ דיכטער וויל אַ קוש טון די האַנט באַ זיינס אַ לעזערין, זאָגט אַליין ?

און דאַן האָט זי אויסגעשטרעקט צו אים די ווייסע האַנט מיט לאַנגע, ראָזעווע פינגער און ער איז מיט די ליפּן צוגעפאַלן צו איר. און אַזוי ווי זיין קוש האָט צו לאַנג געדויערט, האָט זי אַ ריס געטון די האַנט און אַ וואָרף געטון צו אים אַ בליק, בלוי און פייערדיק, ווי אַ בליץ, נערוועז אַ וויש געטון איר האַנט אָן איר קלייד און איז שנעל אַוועק.

האָט זיך ברוינשטיין דאַן פאַרשעמט.

„דער רוח זאָל מיך נעמען" — האָט ער געטראַכט — „דורכגעפאַלן !". . .

ער האָט זי אָנגעיאָגט און אַרויסגערעדט מיט אַ פאַרשול־דיקטער מינע :

— אַנטשולדיקט, איך האָב גאָרנישט געמיינט. איך פאַרזי־כער אייך . . .

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך האָט זי זיך אָנגע־רופן :

— פאַרוואָס זענט איר, מענער, אַזעלכע ברואים ? איר גייט צו צו דער פרוי אַזוי ווי זי וואָלט געווען, אין בעסטן פאַל, אַ מין בוים מיט פרוכטן, און אַ ריס געטון מיט אַ פרעכער האַנט. . . אפשר איז עס איר נישט אָנגענעם, אפשר באַליידיקט איר זי דערמיט ? איבערהויפּט האָב איך זיך נישט געריכט, אַז איר זענט אַזאַ. . .

— האָט ער זיך ווייטער פאַרענטפערט:
— איך האָב גאָרנישט געמיינט, גלייבט מיר...
— געדענקט זשע, הער ברוינשטיין — האָט זי געזאָגט און שוין געשמייכלט ווידער.

איז ברוינשטיין דאַן געגאַנגען לעבן איר און האָט געפרעגט בײַ זיך, וואָס פאַר אַ מין מיידל איז זי געווען. איין זאַך איז אים קלאָר געווען, אַז קיין פריי מיידל, ווי ער האָט עס פאַרשטאַנען, איז זי נישט געווען. און אין דער אייגענער צייט וואָלט ער געקאָנט שווערן, אַז קיין „אַלרייטניצע", ווי זי האָט זיך אים אָנגעגעבן, איז זי אויך נישט געווען. ווער שמועסט נאָך, אַז זי זאָל זיין די באַוווּסטע בערטאַ פרידלאַנד, די קאָמוּניסטקע, וועלכע איז אַ סך מאָל אַרעסטירט געוואָרן אין ניו-יאָרק פאַר אָנפירן סטרייקן, — דאָס איז אים אפילו נישט איינגעפאַלן. וואָרים לויט אירע בילדער אין די צייטונגען, וואָס ער האָט געזעען, איז יענע געווען אַ בייז פאַרזעעניש.

איצט האָבן זיי ביידע געשוויגן.

דער הונט איז געלאָפן פאָרויס. מיטאַמאָל האָט ער אָנגעהויבן פריילעך צו האַווקען, האָט אָפּגעהילכט הינטער די בערג קייגנאיבער אויך אַזאַ האַווקען. איז עס ברוינשטיינען געפעלן געוואָרן און ער האָט צוגעלייגט ביידע הענט צום מויל און אַ געשריי געטון פון דער פולער ברוסט אַרויס:

— האַ—הו—הו!

האָבן זיך אָפּגערופן ווייט-ווייט אין דער ריינער לופט באַרג און טאָל:

— האַ—הו—הו!!!

און דער הונט האָט זיך העכער צעבילט. און מיט אַזאַ בילן האָבן זיך באַרג און טאָל אויך אָפּגערופן.

האָט זיך פלוצלינג אַריינגעמישט דאָס זילבערנע קול פון דעם מיידל:

— ראַ—ראַ—ראַ!...

האָבן באַרג און טאָל געענטפערט אויך מיט אַ זילבערנעם קול:

— ראַ—ראַראַ!!!

און עס איז אַזוי פריילעך מיטאַמאָל געוואָרן אי ברוינשטיינען, אי זיין אומבאַקאַנטער...

*    *
*

אַזוי זענען זיי געגאַנגען פון באַרג אַרונטער. אַלץ אַרום זיי און פאַר זיי — דיביימער, די טאָלן און די ווייסע הייזער פון די פאַרמערס — האָבן זיך געקאָרטשעט אין אַ סודותפולער טונקל־קייט.

אַרום אַ גאַניק פון אַ פאַרם האָבן זיך פייערלעך אָנגעצונדן און זיי זענען אַוועקגעשווומען אין דער טונקלקייט אַריין, ווי פייער־דיקע אויגן...

דאָס מיידל האָט זיך מיטאַמאָל אָנגערופן:

— איר זעט יענע פאַרם, ווו די פייערלעך האָבן זיך אָנגעצונדן, דאָרט בין איך. און ווו זענט איר?

ער האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון זיין האָטעל.

— דאַן זענט איר דאָך גאָר נאָענט פון מיר — האָט זי בעזאָגט.

האָט ברוינשטיין זיך דערפרייט.

— אויב אַזוי — האָט ער געזאָגט — וועלן מיר זיך דאָך קענען אָפט זען. זענען עפּעס דאָ אינטערעסאַנטע מענטשן באַ אייך אויפן פאַרם?

— ווייבער — האָט זי געענטפערט.

— וואָס פאַר אַ ווייבער?

— די ריכטיקע. מיט דזשולערי, מיט כשרע ציינגער: ווייבער, וואָס פּאַשען זיך דאָרט פאַר זייערע מענער אויף שבת און זונטיק... מילא — האָט זי זיך אונטערבראָכן — איר האָט אַ ציגאַרעט?

ברוינשטיין האָט איר דערלאַנגט אַ ציגאַרעט און זיך גע־

וואונדערט, ווי אַזוי זי האָט איצט געוואַרן יענע ווייַבער.

און אַז זי האָט פאַרריכטעט און ער האָט געזעען, ווי ליידנשאַפטלעך זי האָט זיך פאַרצויגן מיטן רויך און ווי בריהש זי האָט אַרונטערגעשאַרט דאָס אַש פונם ציגאַרעט מיטן שפּיץ פינגער, איז אים מיטאַמאָל איינגעפאַלן, אַז זי שפּילט זיך מיט אים; אַז איר פריערדיקע צניעות איז בלויז אַן אָנשטעל געווען: אַז אפשר איז זי גאָר געווען אַ פרייע פרוי, וואָס זי האָט געוואָלט אים פאַראינטריגירן... אויב אַזוי, קען דאָך נאָך גאָר זיין, אַז זי איז דאָס יענע שיינע אומבאַקאַנטע, וואָס בײַ איר וועט ער געפינען דעם קאָכעדיקן בעכער מיט גליק!...

און עפּעס האָט אין אים וואָרעם אַ רויש געטון, און דער בליק אין זיינע אויגן איז מיטאַמאָל געוואָרן וואַרעמער, ליכטיקער, דרייסטער, חוצפּהדיקער... און ער האָט באַשלאָסן צו האַנדלען ענערגישער.

ברוינשטיין האָט ביז אַהער תּמיד געהאַנדלט אויסערגעוויינלעך דרייסט מיט די פרויען, מיט וועלכע ער האָט דורכגעלעבט זיינע קורצע ראָמאַנען, מען קען זאָגן, אויף אַ באַזונדערן אָריגינעלן אופן.

האָט ער זיך געטראָפן מיט איינער, און זיי זענען זיך געפעלן געוואָרן, האָט ער איר באַלד דערקלערט:

— איך זאָג דיר גאָרנישט צו. קיין אייביקע ליבע אודאי נישט. אַזוי לאַנג ווי איך דיך און דו מיך וועלן ליבן, אַזוי לאַנג וועלן מיר געהערן איינער צום אַנדערן, און אַפילו אויך דאַן נישט, ווי דיין אייגנטום און נישט דו, ווי מיין אייגנטום. האָב איך אויפגעהערט צו אינטערעסירן דיך, צי דו מיך, איז אַוועק און קיין טענות נאָכדעם! אַזוי קוק איך אויף דעם און אַזוי האַנדל איך, און אַזוי דאַרף קוקן און האַנדלען יעדער פרייער מאַן און יעדע פרייע פרוי!...

און ער האָט טאַקע אויך געגלייבט אין דעם, וואָס ער האָט גערעדט, און דעמדאָזיקן בליק נישט איינמאָל אויסגעדריקט אין זיין שרייבן.

האָבן אַ סך פון די מיידלעך, מיט וועלכע ער האָט זיך גע־טראָפן, זיך דערשראָקן פאַר זיינע דרייסטע ווערטער און אים נאָכ־דעם אויסגעמיטן. אָבער ס'זענען אויך געווען גענוג אַנדערע פרויען, איבערהויפּט צווישן יענע, וואָס ער האָט זיי געטראָפן אין די ניו־יאָרקער קאַפע־הייזער, וואָס זיי האָבן געדענקט אַזוי ווי ער. די־האָבן פאַרקני־פּט מיט אים אינטימע באַציונגען, פאַרכאַפּט פון זיינע דרייסטע רייד און פון זיין לעבעדיקייט און זיין טעמפּעראַמענט. פאַרשטייט זיך, אַז אַ געוויסע ראָל האָט אויך געשפּילט באַ זיי דאָס, וואָס ער איז געווען אַ באַרימטער דיכטער.

אמת, אַן אַנדערע פון זיי האָט דערנאָך, ווען ער האָט אי־בערגעריסן מיט איר, צו אים געהאַט די געווייגלעכע טענות, אַזוי ווי אַ געוויינלעכע בשר ודמניצע ווען איר „צעבראָכענעם הארץ". ער אָבער האָט זיך דאַן נישט געפילט שולדיק. האָט ער פריער איר אויפריכטיק נישט געזאָגט זיין שטאַנדפּונקט ! . . .

ביז אַהער האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געטראָפן אַזאַ פרוי, וואָס זי זאָל אים פאַרכאַפּן טיף אין אויף אַ לאַנגער צייט.

אפשר דערפאַר, ווייל זי איז אים נישט שווער אָנגעקומען. און גיכער דערפאַר, ווייל ער האָט נאָך נישט געטראָפן אַזאַ פרוי, וואָס זי זאָל ערנסט פאַראינטערעסירן אַזאַ מענטש, ווי ער איז גע־ווען. די אַלע פרויען, וואָס ער האָט זיי ביז אַהער געטראָפן, זע־נען געווען צו געוויינטלעך, צו ענלעך איינע צו דער אַנדע־רער.

יעדע פון די פריערדיקע פרויען, וועלכע ער האָט ביז אַהער געקענט, איז גלייך באַ זיין ערשטער באַגעגעניש מיט איר, געווען פאַר אים אַן אָפן בוך. דורכגעשפּאַצירט זיך מיט איר, צי געזעסן מיט איר אַ ווײַלע, האָט ער שוין געוווּסט, מיט וועמען ער האָט געהאַט צו טון.

און מיט דערדאָזיקער בלאָנדער אומבאַקאַנטער, וואָס מער ער האָט מיט איר פאַרברענגט, אַלץ מער רעטעניש איז זי פאַר אים געווען.

דערפאַר האָט זי אים אַזוי פאַראינטערעסירט

דערווייל האָט דאָס מיידל, וואָס האָט נאָך געררייבערט דעם

ציגאַרעט, גענומען זינגען אַ רוסיש ליד. בּרוינשטיין האָט אויך אונטערגעכאַפּט דאָס ליד און זיך צעזונגען מיט אַ שרעקלעך קול.

— געוואַלט, הערט אויף צו מעקען, ווי אַ באָק! — האָט זי אונטערבּראָכן איר געזאַנג און זיך אָנגעבּייזערט אויף אים.

האָט ער זיך דאַן אָנגערופן:

— איר זענט גערעכט, שיינע אומבּאַקאַנטע. איך וועל מער נישט זינגען. מיין קול פאַרשוועכט נאָר די הייליקייט פון אייער געזאַנג.

— די הייליקייט פון מיין געזאַנג? פאָרט אַ דיכטער! — האָט זי אַ שמייכל געטון.

האָט ער דאַן גערעדט ווייטער:

— אינגאַנצן זענט איר אַ שיין געזאַנג. . .

— טאַקע?

— דאָס שענסטע געזאַנג, — האָט ער געקלאַפּט ווייטער אין אַ שפּילנדיקן טאָן.

— אַזוי?

— איר זענט דאָס ליד פון אַלע לידער, דער געטלעכער שיר השירים.

— נאָך געטלעך אויך? — האָט זי זיך אָנגערופן אים אין טאָן, און פון אירע אויגן האָט זיך געריסן אַ בּלוי געלעכ־טער.

און מיטאַמאָל האָט זי אים אַ כאַפּ געטון בּאַם אָרעם און שטיפעריש אויסגעשריגן:

— מיסטער בּרוינשטיין, האַלט איין דאָס דיכטערישע פערד, דעם פּעגאַזוס אייערן, איר קריכט איצט נישט אויפן אָלימפּוס־בּאַרג, צו די מוזעס, נאָר בּאַרג אַרונטער.

האָט ער איר געענטפערט, נאָך אַלץ אין אַ שפּילעוודיקן טאָן:

— אָבּער בּאַרג אַרונטער גייט מיט מיר איינע פון די שענסטע מוזעס. . .

און ער האָט צוגעלייגט אין אַן ערנסטן טאָן:

- איר ווייסט, איך וועט מיר גלייבן, אַז נאָך קיינמאָל האָט אַ פרוי מיך נישט פאַראינטערעסירט אַזוי ווי איר. עס איז עפּעס אַזוי פריילעך מיט אייך...

— טאַקע ? — האָט זי אַ שמייכל געטון.

— ערנסט.

— זאָל איך אויך זאָגן מיין מיינונג וועגן אייך ? — האָט זי זיך דערנאָך אָנגערופן.

— אדרבה.

— עפּעס האָב איך זיך אייך גאָר אנדערש פאָרגעשטעלט.

— בעסער ? — האָט ער געפרעגט.

— איך ווייס נישט. גאָר נישט אַזוי.

— איר מיינט נישט אַזוי נאַריש ? — האָט ער אַ שמייכל געטון.

— איך מיין... אַזוי ווי איך זע אייך איצט — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון — געפעלט איר מיר דווקא בעסער.

— און ווי זעט איר מיך ? — איז ער צו איר צוגעשטאַנען.

— ווי אַ פריילעכן, לעבעדיקן מענטש אָן דער אָנגעצויגנקייט און אָן דער געוויינלעכער אָנגעבלאָזענער גאווה פון די קינסטלער.

— הייסט עס, געפעל איך אייך יאָ ?

— אויף אַזוי ווייט געפעלט איר מיר — האָט זי געענטפערט.

עפּעס האָט אין אים דאַן אַ הוליע געטון...

און פּלוצלינג האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון און איז געבליבן שטיין.

— איך האָב פאַרגעסן מיין בוך דאָרט אויפן באַרג, לעבן פעלז, — האָט זי אַרויסגערעדט און געוואָלט זיך צוריקקערן.

— בלייבט דאָ, איך וועל גיין — האָט ער זיך אָנגערופן.

— זענט איר דען נישט מיד ?

אָבער ער האָט נישט געענטפערט און איז אַוועק צוריק באַרג אַרויף.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ פעלז וואַרייז, און דער הונט האָט זיך אַוועקגעלייגט צו אירע פיס.

## דריטער קאַפּיטל

### דער דיכטער ברוינשטיי

שפּעטער האָט ער זיך צוריקגעקערט.

— אַ דאַנק. — האָט זי געזאָגט, ווען ער האָט איר דערלאַנגט דאָס בוך. און זי האָט זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט.

— ווי איך זע, איז עס אַ ניי ווערק. עפּעס אינטערעסאַנט ? — האָט ער אַ פרעג געטון.

— די קריטיקער האָבן עס שטאַרק געלויבט — האָט זי געענטפערט, און זי איז אַוועק ווייטער איבערן שמאָלן אויסגעטראָטענעם, ווייסן וועג באַרג אַרונטער ; ברוינשטיין לעבן איר און דער הונט אין פאָראויס.

— און ווי געפעלט עס אייך ?

— אַלטוואַרג — האָט זי זיך אָנגערופן, — שימל. אויף מיר האָט עס געמאַכט אַ לעכערלעכן איינדרוק. איך פאַרשטיי גאָרנישט, ווי אַזוי שרייבער קענען זיך פאַרנעמען היינטיקע צייטן מיט אַזעלכע העלדן. . .

— וואָס פאַר אַ העלדן זענען זיי ?

די געוויינלעכע באַלעבאַטישע העלדן. די געוויינלעכע פאַמיליע-טראַגעדיע פון די אָנשטענדיק-באַלעבאַטישע קרייזן. אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען קיין וועלט-מלחמה, קיין רעוואָלוציעס און איבערקערענישן אין די מוחות און אין די הער-

צער באַ מענטשן אויף דער גאַנצער וועלט... וויו לעבן אַזעלכע קינסטלער ?...

האָט ער אַ קוק געטון אויף איר מיט גרויסע אויגן און אַ טראַכט געטון:

„הער נאַר, הער נאַר, ווי דאָס רעדט! לאַכט זי עס פון מיר, אָדער זי איז באמת"...

— וואָס האַנדלט זיך דאָרט? — האָט ער זיך אָנגערופן און געקוקט אויף איר, ווי איין גרויסער פראַגעצייכן.

און זי האָט געענטפערט:

— די הויפּט־העלדין, אַן אָנשטענדיקע פאַרהייראַטע פרוי, פאַרליבט זיך אין אַ צווייטן מאַן און ווערט זיך קענן איר ליבע אַזוי לאַנג, ביז זי פאַרלירט זיך נעבעך... נאָכדעם, נאָך יעדן מאָל פאַרלירן זיך מיט איר געליבטן, קלאָגט זי, קלאָגט און שלאָגט זיך אל־חטא. שלאָגט זיך אל־חטא מיט אַ יאָמער און פאַרלירט זיך נעבעך ווייטער. נאַשט און קלאָגט, קלאָגט און נאַשט ווייטער. ביז דער גע־זעצלעכער באַלעבאָס אירער דערוויסט זיך דערפון, און דעמאָלט — געהאַלט, געוואַלט, געוואַלט! — אַ קויל איר אינם זינדיקן האַרץ אַריין, אַ צווייטע קויל זיך אין דעם אידיאָטישן מוח אַריין, און איך געדענק נישט, צי אַ דריטע קויל איז פאַרבליבן אין דעם מערדערישן רעוואָלווער, אויב יאָ, האָט מען זי צוגעשט געדאַרפט אַריינשיסן דעם שרייבער פונם בוך אין מוח אַריין, איידער ער האָט עס נאָך אָנגע־שריבן!...

ברוינשטיין האָט זי דאַן אַ כאַפּ געטון פאַר אַן אָרעם און אויסגעשריגן:

— איר רירט זיך באַ מיר נישט פון אָרט, ביז איר זאָגט מיר נישט אייער נאָמען.

זי האָט זיך צעלאַכט.

— איך האָב דאָך אייך פריער געזאָגט מיין נאָמען...

— ווי?

— מוטער רחל — האָט זי געענטפערט.

— הערט אויף צו שפּאַסן!

— אַז איך זאָג אייך, אַז איך בין בערטאַ פרידלאַנד,

גלייבט איר נישט, ווײַט איר אפשר גלייבן, אַז איך בין מוטער רחל — האָט זי זיך ווידער צעלאַכט.

און איצט האָט ער איר געגלייבט, אַז זי איז באמת געווען די באַוווּסטע בערטאַ פרידלאַנד.

— מערקווירדיק — האָט ער זיך אָנגערופן און געקוקט אויף איר.

— וואָס איז מערקווירדיק ? — האָט זי געפרעגט.

די בילדער אין די צייטונגען זענען אַזוי נישט ענלעך צו אײַך. אויף די בילדער זעט איר אויס...

— ווי איך וואָלט באַמבעס געשלונגען, אָנשטאָט באַנבאָנס, וואָס איך האָב זייער ליב ? — האָט זי אונטערגעכאַפּט מיט לאַכע־דיקע אויגן.

— יאָ.

— ווי אַנדערש זאָל אויסזעען אַ בילד פון אַ געפערלעכער קאָמוניסטקע אין די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען ? — האָט זי געזאָגט.

ער האָט איר דאָן דערלאַנגט די האַנט.

אויב אַזוי, לאָזט מיך אײַך זאָגן, אַז עס פרייט מיך זיי־ער און זייער, וואָס איך האָב אײַך געטראָפן, חברטע בערטאַ — האָט ער זיך אָנגערופן שוין געלאַסן, מיט אַ מינע פון דרך־ארץ, און אַ דריק געטון איר האַנט.

— און מיך אויך, — האָט זי געזאָגט און געענטפערט מיט אַ דריק אויף זײַנעם, — חבר ברוינשטיין.

איצט זענען זיי ביידע ערנסט געוואָרן, געגאַנגען און גע־שוויגן, דעמאָלט האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל:

— האָט איר, הייסט עס, געוואָלט מיך פּאַראינטערעסירן ? היינט גיי, טרעף, אַז דאָס אינטריגירט חברטע בערטאַ אַליין!...

— חברטע בערטאַ אַליין איז אויך אַ פרוי פון פלייש און בלוט, — האָט זי געזאָגט, און אַזוי ווי זי וואָלט נישט וועלן בעסער רעדן פון דעם, האָט זי זיך אונטערגעבראָכן, און אים אַ פרעג געטון:

— שרייבט איר עפּעס נייע זאַכן, חבר ברוינשטיין?
— איך שרייב אַ ניי ווערק, — האָט ער געענטפערט.
— מעג איך וויסן, וואָס פאַר אַ ווערק?
ווענן נייע מענטשן און זייערע נייע השגות און וועגן זייער נייעם מין טראַכטן און פילן, און האַנדלען, אין היפּך צו די מענטשן־פּגרים פון דער אַלטער וועלט... איך האָב עס אָנגעהויבן צו שרייבן אין שטאָט, דאָ וועל איך איבער דעם אַרבעטן ווייטער. איך האָף, אַז איך וועל עפּעס זאָגן מיט אָט דעם נייעם ווערק מיינעם...
— איך בין פאַראינטערעסירט, — האָט זי זיך אָנגערופן, — וואָס איז די טעמאַ?
— חברטע בערטאַ, — האָט ער זי מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט מיט התפּעלות — איר ווייסט, איר זענט דאָך פאַר מיר אַן אמתער אוצר. מיט אייך וועל איך דאָך קענען רעדן וועגן מיין ווייטערדיקער אַרבעט...
— אָ, מיט פאַרגעניגן, — האָט זי זיך אָנגערופן.
— ווייסט איר גאָר וואָס? מיר וועלן זיך אַ ווײַלע צוזעצן דאָ און איך וועל אייך איבערגעבן, וואָס איך שרייב. יאָ, יאָ, — האָט ער זי אָנגעכאַפּט באַם אָרעם — טוט עס, איך וועל אייך נישט לאַנג פאַרהאַלטן.
און זי האָט אים געפאָלגט און זיך צוגעזעצט אויף אַ גרויסן פעלז, וואָס איז געלעגן בײַ דער זייט פונם וועג, און ברוינשטיין האָט זיך געזעצט לעבן איר.
און ער האָט גענומען שילדערן פאַר איר די העלדן פון זיין נייעם ווערק. און בײַלד האָט ער זיך צעהאַרעמט אַלץ מער און מער, און די גרויע אויגן זיינע האָבן זיך צעבערענט און זיין בלייך, מאָגער פּנים האָט זיך צערויטלט, שענער געוואָרן, האָט זיך באַזעלט. און יעדע ווײַלע האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און צוריק זיך בײַלד אַוועקגעזעצט און געקוקט איר אין פּנים אַריין, שילדערנדיק זיינע העלדן.
און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אינגאַנצן אויפגעהויבן פון זיין אָרט און זיין גוף, שלאַנק, נערוועז־בויגיק געשטאַלט

האָט זיך באַוועגט פאַר איר אַהער און אַהין, אַהין און אַהער, אָט ווי א גייער פון א זייגער, באַגייסטערט אַליין פון די העלדן, וואָס ער האָט זיך געקליבן צו שילדערן אין זיין נייעם ווערק.

אין דערדאָזיקער מינוט האָט ער בלויז זיי געזעען, די העלדן פון זיין פאַנטאַזיע הייסט עס, בלויז מיט זיי איז ער פול געווען. . .

די העלדן זיינע זענען אַלע געווען צוקונפטס־מענטשן, אַזעלכע ווי ער האָט זיי געוואָלט זען אין דעם נייעם, איבערגעבויטן לעבן, ווי זיי האָבן זיך געמאָלן אין זיין פאַנטאַזיע, — מענטשן, וועלכע האָבן געזאָלט אויסדריקן מיט זייערע געדאַנקען און געפילן און מיט זייערע האַנדלונגען די נייע פאָרמען פון צוקונפטיקן לעבן, אין וועלכע ער און אַנדערע היינטיקע רעוואָלוציאָנערן האָבן גע־גלייבט.

און ער האָט געשילדערט פאַר איר:

אין א געזעלשאַפט אָן פריווילעגירטע קלאַסן, אָן דרוק און אָן צוואַנג, לעבן מענטשן פריייע, מענטשן שטאָלצע, און דער הויפּט־מאָטיוו פון זייער לעבן זענען דאָס גליק און די האַרמאָניע פון דעם גאַנצן כּלל.

זינגט דער דיכטער זיינע לידער, קלינגט פון זיי די שטאָלצע פרייד פון דער באַפרייטער מענטשהייט אַרויס.

צינדט זיך אָן דער געדאַנק באַם דענקער, לייכט ער פאַר דעם גאַנצן כּלל.

דער דערפינדער האָט זיין דערפינדונג געמאַכט פאַרן כּלל; דער פאָרשער זיין פאָרשונג — פאַרן כּלל, און דער אַנטדעקער זיין אַנטדעקונג — פאַרן כּלל.

אָט אין דערדאָזיקער געזעלשאַפט גייט יעדער מענטש פריי און אומגעשטערט זיין אייגענעם וועג.

און אויף דעמדאָזיקן וועג טרעפן זיך כאַן און פרוי, טרעפן זיך און פאַרליבן זיך, און גייען אַוועק דעם וועג צוזאַ־מען.

צוזאַמען איז זייער אַרבעט, צוזאַמען איז זייער שאַפן

און בויען, און די פרייד פון איינעם איז די פרייד פונם אַנ־דערן.

נישטאָ דאָרט קיין באַטרוג, נישטאָ דאָרט קיין פאַלשקייט פון מאַן צו ווייב און פון ווייב צום מאַן, ווייל אי זי, אי ער, ווען זיי האָבן ליב אַן אַנדערן, צי אַן אַנדערע, קאָנען געניסן פון זייער ליבע פריי און אומגעשטערט.

נישטאָ דאָרט די מיאוסע אייפערזוכט, ווייל קיינער פון זיי קוקט נישט אויף דעם אַנדערן, ווי אויף זיין פריוואַט־אייגנ־טום.

די ליבע דאָרט איז אַ העכערע, אָן די קליינלעכקייטן און די פסולת פון דער היינטיקער עגאָיסטישער ליבע — דער מאַן, וועלכער האָט ליב אַ פרוי, וואָס זי האָט ליב אַן אַנדערן, שטערט נישט איר ליבע, נאָר איז גליקלעך מיט איר גליק. אַזוי אויך די פרוי. . .

— אָט דידאָזיקע מענטשן, מיט זייער פילן און דענקען, מיט זייער נייער אויפפאַסונג פונם לעבן, וויל איך אַרויספירן אין מיין ניי ווערק — האָט געענדיקט ברוינשטיין אַ באַגייסטערטער — גע־פעלט עס אייך?

זי איז געזעסן די גאַנצע צייט מיט די עלנבויגנס אָנגעלענט אָן איר שויס און מיט די הענט אונטערגעשפּאַרט אירע ביידע באַקן און האָט געקוקט אים אין פּנים אַריין מיט אירע בלויע אויגן און פאַרטראַכט זיך צוגעהערט.

— אינטערעסאַנט, פאַרטראַכט און שיין — האָט זי זיך אָנ־גערופן — אָ, זייער אינטערעסאַנט! — האָט זי גערעדט ווייטער און זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט — איך בין נייגיריק צו זעען, ווי דאָס וועט בא אייך אַרויסקומען.

און פּלוצים האָט זי זיך אונטערבראָכן און אַ קוק געטון אויף אים מיט אַ פריילעכן שמייכל.

— איר ווייסט, חבר ברוינשטיין — האָט זי געזאָגט — ווער פון אַלע העלדן איז מיר צום בעסטן געפעלן גע־וואָרן?

— ווער ? — האָט ער געפרעגט, נאָך פאַרכאַפּט פון זיין שוזשעט, מיט פאַרחלומטע אויגן קוקנדיק אויף איר.

— איר אַליין. אייער אָנצינדן זיך, אייער באַגייסטערונג. איר זענט מיר זייער געפעלן געוואָרן. אַזוי פיל ליכט און וואַרעמקייט האָט איר אַרויסגעשטראַלט. . .

און דאָ האָט ער זיך צעשמייכלט מעשה גליקלעך קינד און אַרויסגערעדט :

— טאַקע, איר מיינט עס ערנסט ?

— אוודאי. איך רעד מיט אייך גאַנץ ערנסט.

— אָבער וואָס זאָגט איר וועגן מיין ווערק, איך מיין, ווי עס איז פאַרטראַכט, נישט אמת, ניי ?

— איך האָב אייך געזאָגט : אינטערעסאַנט. נאַטירלעך, עס ווענדט זיך, ווי איר וועט עס אָנשרייבן.

— דערוויי̇ל שרייבט זיך באַ מיר, הלוואי ווייטער — האָט ער געזאָגט.

זי האָט אים גענומען אונטער דעם אָרעם און זיך אָנגע-רופן :

— קומט.

און זיי זענען אַוועק ווייטער, באַרג אַרונטער.

זיי זענען אַרונטער פונם באַרג.

דער הנט איז אַנטלאָפן. זיי האָבן גאָרנישט באַמערקט, ווי ער איז פאַרשוווּנדן.

אויף די בערג און טאָלן האָט די נאַכט זיך גערוקט, געוואָרפן אַרום זיך שוואַרצע שאָטנס, ווי זי וואָלט פאַר זיך אַ געלעגער גע-גרייט. די פייערלעך פון די פאַרם-הייזער זענען אַלץ שטאַרקער דורך דער טונקלקייט אַרויס. . .

שטיל איז געווען אַרום. צייטנווייז האָט זיך דורכגעטראָגן צו בערטאַן און ברויבעטיינען אַ פאַרחלומט פליסטערן פון ער-געץ. אַ פּאָרל איז מסתמא דאָרט ערגעץ געזעסן און האָט גע-חלומט דעם קורצן חלום פון אַ זומער-נאַכט אין די בערג. . .

פון אַ ווייטער לאָנקע האָט זיך געצויגן דאָס שטאָלענע, איינטאָניקע געזאַנג פון גרילן.

ברוינשטיין האָט אַרויסגעפּליסטערט:

— וואָס פאַר אַ געבענטשטע שטילקייט. מען הערט ממש ווי די שטילקייט פּאָכעט מיט אירע פליגלען!...

און מיסאַמאָל האָט ער זיך צעלאַכט אַזוי שטיל און אַזוי האַרציק און אויסגעשריגן:

— היינט גיי טרעף, אַז דאָס שיינע מיידל, וואָס קיבעצט מיך, איז בערטאַ פרידלאַנד אַליין! איר הערט, איך בין אַזוי צופרידן, וואָס איך האָב אייך געטראָפן, אַזוי צופרידן...

האָט זי זיך אָנגערופן:

— ווי גוט איר לאַכט, אָט אַזוי ווי אַ קינד. פון וואַנען זענט איר, ברוינשטיין?

ער האָט איר אָנגערופן אַ נאָמען פון אַ שטעטל אַרום מינסק.

— זענט איר שוין לאַנג אין אַמעריקע?

— שוין אַ יאָר אַכטצען. דאָס איז דאָס לעצטע יאָר, וואָס איך בין אין אַמעריקע. איך קלויב זיך צו פאָרן קיין רוסלאַנד און דאָרט פאַרבלייבן.

— איר אויך. אפשר זאָלן מיר פאָרן צוזאַמען? — האָט זי בעזאָגט.

— אדרבה! — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון. ווען פאָרט איר?

— איך רעכן נאָך דאָס יאָר — האָט זי געענטפערט — אָבער מיר וועלן נאָך פון דעם רעדן. ווי לאַנג, אַז איר שרייבט, ברוינשטיין?

— אַרום צען יאָר. זינט די רוסישע רעוואָלוציע האָב איך אָנגעהויבן צו שרייבן...

— וואָס הייסט? אייער נאָמען האָב איך דאָך געהערט, דאַכט זיך, אַ סך פריער?...

— דאָס, וואָס איך האָב פריער געשריבן, רעכן איך נישט פאַר מיינס. אויסגעמעקט. ווען איך וואָלט עס געקאָנט פאַרברענען...

— פאַרוואָס, ברוינשטיין? איך בין זיכער, אַז אין די-

פריערדיקע אייערע זענען דאָ אַ סך ווערטפולע, טאַלאַנטפולע זאַכן...

— צום פאַרברענען! — האָט ער אונטערגעכאַפּט פאַר־עקשנט — ווערטפולע זאַכן.... באַזונגען דער ציוניזם, שפּעטער דעם „בונדיזם" און, צום סוף, גאָר אָנגענומען דעם לאָזונג, אַז דער דיכטער איז נישט מחויב צו זיין אונטערגעוואָרפן אונטער באַשטימטע קליינל־פּרינציפּן: אַז, פאַרקערט, זיין גייסט טאָר נישט זיין געבונדן, מוז פריי זיין, ווי אַן אָדלער.. איר ווייסט דאָך, מסתמא, אָט דאָסדאָזיקע לידל פון די אַזוי גערופענע ריינע קינסט־לער צוליב קונסט; די לעצטע יאָרן, ביז דער רוסישער רעוואָ־לוציע, בין איך אויך געווען איינער פון זיי.

— הייסט עס, אַז איר רעכנט זיך בלויז מיט די זאַכן איי־ערע, וואָס זיי דריקן אויס די היינטיקע רעוואָלוציאָנערע צייט? — האָט זי זיך אָנגערופן.

— נאָר מיט די זאַכן, וואָס זיי דריקן אויס מיין גלויבן אין די פּרינציפּן פון דער נייער צייט און אין איר רעוואָלוציאָנערער איבערבויאונג פון דער אַלטער וועלט — יאָ! — האָט ער גערעדט ווייטער מיט וואַרעמקייט אינם קול — וואָרים דער אמתער דיכטער איז אַ נביא, וואָס ער קומט מיט אַ הייליקער שליחות צו די מענטשן און קיין מער הייליקער שליחות ווי די היינטיקע צייט האָט פאַר די מענטשן, האָט קיין צייט פריער נישט געהאַט...

– גאַנץ ריכטיק — האָט זי אַרויסגערעדט פאַרטראַכט.

אַ ווײַלע זענען זיי דערנאָך געגאַנגען און געשוויגן. דאַן האָט בערטאַ זיך ווידער אָנגערופן:

— הייסט עס, אַז איר זענט געווען אַ ציוניסט אויך און אַ בונדיסט אויך...

— און אַן „עס ער" אויך — האָט ער אונטערגעכאַפּט שפּאָ־טיש — און אפילו אַ פאַנאַטיש־פרומער ישיבה־בחור אויך. ווען איך בין פערצן יאָר אַלט געווען, האָב איך געלערנט אין אַ ישיבה און אַזוי פרום געווען, אַז איך האָב געפּראַוועט חצות בסתר, דאָס הייסט, אַז אפילו מיין טאַטע־מאַמע האָבן דערפון נישט געוווּסט. געקלאָגט, הייסט עס, אויף גלות השכינה און אויף גלות האומה, אויב איר

ווייסט וואָס דאָס איז. שפּעטער האָב איך אַזוי פאַנאַטיש געהאַסט די רעליגיע און די רעליגיעזע פרומקייט — פונדעסטוועגן — האָט ער זיך מיטאַמאָל קינדעריש צעלאַכט און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

— וואָס פונדעסטוועגן ? — האָט זי געפרעגט.

— עפּעס איז געבליבן צוגעקלעבט פון אַמאָל, נישט אָפּצוּרייסן, נישט אָפּצעקראַצן, שלעפּט זיך נאָך ווי דאָס עקל בײַ דער אַפּע. . .

— וואָס מיינט איר ?

— איך מיין אָט דאָס — האָט ער אַ לאַך געטון — וואָס אַמאָל טוט מיך אַ ברי די בענקעניש נאָך דעם אַלטן יידישקייט, נאָך דעם אַמאָליקן יום־טוב און שבת, דאָס הייסט נאָך יענער שטימונג. און אַמאָל ווילט זיך מיר אפילו אַריינגיין אין אַ יידישער שול. עס פּאַסירט, אמת, זייער זעלטן, אָבער עס פּאַסירט. און עס האָט נישט געדאַרפט פּאַסירן. . .

— דיכטערישע שטימונגען — האָט בערטאַ געזאָגט — און אפשר נישט־נאָר דיכטערישע. נאָך יעדן פון אונז שלעפּט זיך נאָך אין אַ געוויסן זין, אַן עק פון אונזער פאַרגאַנגענהייט, אפילו נאָך דעם דרייסטן פון אונז, און מען קאָן אים נישט אָפּהאַקן, ווייל מיר טראָגן אים אינעווייניק אין אונז, אין אונזער בלוט און פלייש. . .

ברוינשטיין, וואָס ער איז איצט פאַרטון געווען אין זיך, האָט נישט געהערט, וואָס בערטאַ האָט געזאָגט : ער האָט זיך דערנאָך אָנגערופן מיט התפעלות :

— איר ווייסט, בכלל בין איך עפּעס אַ מאָדנע באַשעפעניש. אַזוי ווי דאָס נישט־איינגעשטעלטע וועטער אין פרילינגס־צייט : וואָלקן, זונען־שיין. . . זונען־שיין, וואָלקן. . . איז וואָלקן, קרעכצן אין דער נשמה אַלע יסורים פון גיהנום. . . איז זונען־שיין, לאַכן אין דער נשמה זוניקע הימלען. פיל איך זיך אַ ביסל געהויבן, שוועבט אַן אָדלער איבער אַלע וואָלקנס : געפאַלן — קאָרטשעט זיך אַ וואָרעם אין אַ קבר. . . איז דאָס נישט מערקווירדיק, האַ ?

— מערקווירדיק ? ניין — האָט געענטפערט בערטאַ — איר זענט אַ דיכטער און לעבט אינגאַנצן אין אייער פאַנטאַזיע און מיט אַלע אייערע נערוון. די אמתע דיכטער, נאָך מיין מיינונג, זענען די נערוון און די פאַנטאַזיעס פון דעם גאַנצן לעבן.

— ווי שיין איר האָט עס געזאָגט ! — האָט ער מיט התפעלות אויסגעשריגן און איר אַ דריק געטון דעם אָרעם.

— דערפאַר איז ער אָפט אַזוי אומבאַשטימט און אַזוי נישט איינגעשטעלט — האָט בערטאַ גערעדט ווייטער — און דערפאַר בייטן זיך בּאַ אים אַזוי אָפט די שטימונגען, און דערפאַר גלייבט ער אַזוי אָפט אין אומגלייבלעכס. און דערפאַר בייט ער אַזוי אָפט זיין גלויבן, און דערפאַר אויך — אַנטשולדיקט מיר, פאַרוואָס איך זאָג דאָס אייך. ברוינשטיין — און דערפאַר האָב איך מורא, אַז דעם היינטיקן גלויבן וועט איר נאָך אַמאָל בייטן. . .

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון.

— דאָס נישט, בערטאַ ! דאָס וועט קיינמאָל נישט זיין ! איר האָט קיין רעכט נישט מיר דאָס צו זאָגן. איר באַליידיקט מיך דערמיט !

זי האָט אַ לאַך געטון.

— נו, נו, איך האָב נישט געמיינט אייך צו באַליידיקן. אפשר האָב איך אַ טעות. יאָ, איך בין זיך מודה, איך האָב קיין רעכט נישט געהאַט אייך דאָס צו זאָגן. און דער פאַקט איז דאָך, אַז מיר אַלע האָבן פריער באַלאַנגט צו אַנדערע פּאַרטייען.

— ווען איר וואָלט מיך בעסער געקענט און מיין שרייבן, וואָלט איר דאָס נישט געזאָגט — האָט ער מיט פאַרדרוס אַרויסגערעדט.

— איך נעם צוריק מיינע ווערטער — האָט זי זיך ווידער צעלאַכט.

אין אַ ווייַלע שפּעטער האָבן זיי גערעדט וועגן אַ דערציילונג פון קאָלאָנטאַי, דער באַוווסטער רוסישער קאָמוניסטקע און שריפטשטעלערין.

אין יענער דערציילונג האָט מאַדאַם קאָלאָנטאַי דורכגעפירט אַזאַ שטאַנדפּונקט : היות ווי די ליבע בינדט און פּענטעט און נעמט

אווּעק אַ סך צייט און ענערגיע בײַ די מענטשן — צייט און ענער־גיע, וואָס איז זייער חוב אָפּצוגעבן פֿאַר דעם אויפֿבוי פֿונם לאַנד, דאַרף מען דערפֿאַר קוקן אויף דער ליבע, ווי בלויז אויף אַ פּשוטער נאַטירלעכער באַדערפֿעניש, וואָס מוז באַפֿרידיקט ווערן. עס מאַכט נישט אויס מיט וועמען. און אַלס מוסטער, פֿירט זי אַרויס אין יע־נער דערציילונג אַ מיידל, אַ קאָמוניסטישע טוערין, וועלכע לעבט מיט אַזוי פֿיל מענער, אַז דערנאָך, ווען זי דאַרף ווערן מוטער, ווייסט זי אַפֿילו נישט, ווער דער פֿאָטער איז פֿון איר קינד...

בערטאַ האָט געטענהט, אַז אַזאַ שטאַנדפּונקט איז אַן אומנאַ־טירלעכער, אַ קרענקלעכער, איז אַן אַבנאָרמאַליע, וואָס איז אַרויס־גערופֿן געוואָרן אין דעם כאַאָס פֿון אַזאַ שטורמדיקער צייט. אַזאַ שטאַנדפּונקט דערנידריקט דעם עצם נאַטור פֿון דער פֿרוי, איז אינ־גאַנצן אַ בלבול אויף דער נאָרמאַלער פֿרוי, אויף יעדער נאָרמאַ־לער פֿרוי — האָט זיך בערטאַ צעהיצט — נישט דווקא אויף דער באַוווסטזיניקער, אינטעליגענטער פֿרוי...

און ברוינשטיין, פֿאַרקערט, האָט דווקא מסכּים געווען מיט דעם שטאַנדפּונקט פֿון מאַדאַם קאָלאָנטאַי. ער האָט געטענהט:

— דאָס איז מיין שטאַנדפּונקט אויך. דערפֿאַר האָב איך זיך אַלעמאָל אויסגעהיטן צו פֿאַרליבן זיך ערנסט. און איך וועל זיך ווייטער פֿון דעם אויך אויסהיטן. אַ נאַטירלעכער טריב, דאַרף מען אים זעטיקן, און נישט לאָזן אים דיך אַריינגעמען אין זיינע כּישוף־הענט.., וואָרים אַנישט, בינדט ער קאָפּ און האַרץ, וואָס אַזעל־כע מענטשן ווי מיר ווילן פֿאַרווענדן אויף עטוואָס וויכטיקערס, ווי ליבע... בכלל, האָט מען שוין געמעגט אַרונטעררייסן פֿון דעם דאָס הייליקע מענטעלע, אין וועלכן מען האָט עס איינגעוויקלט. עס איז גאָרנישט אַזוי הימליש. ערדיש איז דאָס, גאַנץ ערדיש, און מיט פּשוטע, ערדישע אויגן האָט מען געדאַרפֿט אויף דעם קוקן. און עס וווּנדערט מיך אויף אייך, חברטע בערטאַ, פֿאַרוואָס איר קוקט אויף דעם אַנדערש.

זי האָט געענטפֿערט:

— איך קוק אויף דעם אַנדערש, גאַנץ אַנדערש. איך קען זיך גאָרנישט פֿאָרשטעלן, אַז איך זאָל זיך אָפּגעבן צו אַ מאַן

וואָס איך וואָלט אים נישט ליב געהאַט. אָ, ניין, נישט אפילו פאַר דעם העכסטן אידעאַל.

ברוינשטיין האָט זיך אָנגערופן:

— מען גיט דאָך אַוועק דאָס לעבן פאַר אַן אידעאַל, הײַנט פאַרוואָס נישט?...

— דאָס לעבן יאָ — האָט זי געענטפערט, און זיך אונ־טערגעבראָכן — איר פאַרשטייט עס נישט. איר פאַרשטייט נישט די פרויען.

— כ׳פאַרשטיי יאָ! דאָס איז אַ פאָראורטייל בלויז, אַן איבערבלייבעכץ פון דער אַלטער וועלט, וואָס עס שלעפט זיך אייך נאָך. איך קען דווקא פרויען, וואָס זיי האַנדלען אַזוי, ווי די העלדין פון קאָלאָנטאַיס דערציילונג.

בערטאַ איז געוואָרן מיטאַמאָל אויפגערעגט.

— איך קען אויך אַזעלכע פרויען — האָט זי געזאָגט — ווייסט איר אָבער, ווער זיי זענען? זיי זענען די גאַס, וואָס פאַר־טייטשט און פּראַקטיצירט אויף איר שטייגער די פראַגע: „פרייע ליבע“. די ליבע מוז זיין פריי... ווי פאַרשטייט עס אָבער די גאַס? הײַנט מיט איינעם און מאָרגן מיט אַן אַנדערן. וויבאַלד פריי ליבן, מיינט די גאַס, אַז דאָס הייסט איגנאָרירן הפקר ביעטרישקע... און זיי מיינען דאָס גאָר אויך נישט. באַ זיי איז „פרייע ליבע“ בלויז אַ באַקוועמע מאַסקע אויף צו פאַרדעקן זייער העסלעכע אויס־געלאַסנקייט, ווי פאַר אַנדערע דאָס באַקוועמע וואָרט „פּרינציפּ“, צו פאַרדעקן אַלערליי געמיינהייטן...

— אוי, אוי, געהאַלט! — האָט ברוינשטיין אויסגעשריגן און זיך צעלאַכט — פאַרוואָס רעדט איר נישט אַריין אַט די דרשה אין ראַדיאָ? אַזוי פיל מענטשן וואָלטן דאָך פון אייך נחת געקליבן!

זי האָט אַריס געטון איר האַנט פון אונטער זיין אָרעם און אַרויסגערעדט:

— איר זענט אַ נאַר, ברוינשטיין!

האָט ער זי דאַן אונטערן אָרעם אַ כאַפּ געטון און זיך אָנגערופן:

— נו, מאַכט מיך קלוג און זייט נישט אין כעס!

איר זענט אַן איבערגעפירט יינגל — האָט זי דאַן געזאָגט.

— אַ יינגל? קען זיין. אָבער זייט נישט אין כעס אויפן יינגל. גוט, האָט איר אַן אַנדערע מיינונג, איידער איך וועגן אָט דער פראַגע, זאָלן מיר זיך אָבער נישט קריגן.

— זי האָט דאַן אַרויסגערעדט:

— האָבן צו טון מיט אַ מאַן, וואָס מען האָט צו אים נישט קיין געפיל, קען נישט קיין נאָרמאַלע פרוי. און זי קען אויך נישט ליבן היינט איינעם און מאָרגן אַן אַנדערן. דאָס איז אינגאַנצן קעגן דער נאַטור פון דער פרוי... מיין פריינד, די ליבע פון אַ פרוי איז נישט קיין ווינט, וואָס ער טראָגט זיך היינט דאָ און מאָרגן דאָרט...

— גלייבט איר אפשר נישט אין פרייע ליבע אויך? — האָט ער זיך דאַן אָנגערופן.

— אין קיין אַנדערע ליבע גלייב איך נישט — האָט זי געענטפערט — די פראַגע איז נאָר, וואָס פאַרשטיי איך אונטער דעם...

— און וואָס פאַרשטייט? אינטערעסאַנט צו הערן...

— דאָס צוזאַמענקומען פון צוויי מענטשן, וואָס זיי זענען זיך נאָענט אין אַלע פרטים, אויס ריינעם געפיל. איז דאָס געפיל אַוועק, איז מען אַליין אַוועק. אָט אַזוי, אין קורצן, פאַרשטיי איך די פרייע ליבע — האָט בערטאַ געענטפערט.

האָט ברוינשטיין דאַן באַמערקט:

— אין מיין בוך וועגן „פרייע ליבע" דריק איך אויס כמעט דעם אייגענעם געדאנק, נאָר אויף א ברייטערן און אויף אַ מער ראַדיקאַלן אופן. איך גיי דאָרט אַ סך ווייטער.

— און פאַר מיר איז גענוג אַזוי ווייט — האָט זי פלוצלינג אַ לאַך געטון.

— וואָס לאַכט איר? — האָט ער זי אַ פרעג געטון.

— גאָרנישט. איך לאַך, ווייל איך האָב זיך דערמאַנט, ווי איר האָט מיר פריער געראַטן, אַז איך זאָל אַריינרעדן אין

דעם ראַדיאָ מיין דרשה. נישט אמת, אַז איר האָט זיך גאָר־
נישט פאָרגעשטעלט, אַז בערטאַ פרידלאַנד זאָל זיין אַזאַ שיער־
נישט רעאַקציאָנערקע ?...

— וואָס מיינט איר, אַביסל וואונדער איך זיך טאַקע — האָט ער געענטפערט.

— ווען איר וועט מיך בעסער דערקענען, וועט איר זיך נאָך מער וואונדערן — האָט זי ווידער אַ לאַך געטון.

— וויל איך אייך טאַקע בעסער דערקענען — האָט ער זיך אָנגערופן — וואָרים עס איז אַזוי זעלטן דאָ איבער וואָס זיך צו וואונדערן אין אונזער לעבן.

— גוט, דערקענט מיך און וואונדערט זיך.

און מיטאַמאָל האָט זי זיך אונטערגעבראָכן:

— הערט נאָר. איר האָט פריער געזאָגט, אַז איר האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרליבט. ווי אַזוי קען עס זיין, איר, א דיכטער, מיט אייער טעמפעראַמענט ?...

— ערנסט קיינמאָל נישט — האָט ער געענטפערט — איך פאַרזיכער אייך.

— האָט איר גאָר פריער קיינמאָל נישט געטראָפן אַ פרוי, וואָס זי זאָל אייך היגרייסן ?

— אויף אַ קורצער צייט — אַ סך מאָל, דערנאָך אָבער האָב איך זיך אַלעמאָל אַוועקגעריסן.

און ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— איר ווייסט וואָס, פּרוווט איר מיך הינרייסן און פּרוווט מיך איינהאַלטן.

זי האָט זיך צעלאַכט.

— זאָל מיך גאָט אָפּהיטן: איך האָב מורא פאַר אייך...

— פאַרוואָס ?

— אַז איר זייט אַזאַ געפערלעכער מענטש, וואָס וואַרפט די פרויען אַזוי ווי פילקעס. און אייך אַליין — האָט זי דאַן צוגעליינט מיט געלעכטער אין קול — וואָלט איך אויך גע־
ראַטן, אַז איר זאָלט זיך בעסער נישט אַריינלאָזן מיט מיר, ווייל איך וואַרן אייך, איך בין אַ שווערע פילקע...

און אַז ער האָט עס דערהערט, האָט אים פּלוצלינג אַ ציי געטון זי אַרומצונעמען. ממש די הענט האָבן זיך געריסן בײַ אים, ווי הינט פון אַ קייט: נאָר עפּעס האָט אים צוריק־געהאַלטן: עפּעס, וואָס עס האָט אַרויסגעהויכט פון איר פּער־זענלעכקייט.

ער האָט נאָר, האַלטנדיק זי אונטערן אָרעם, צוגערוקט זיין אַקסל נענטער צו אירע.

מיטאַמאָל האָט זי זיך אָנגערופן:

— זאָגט מיר, חבר ברוינשטיין, אפשר איז דאָרט בײַ אייך אינם האָטעל פאַרהאַן אַ צימער? איך וויל אַוועק פון מיין פאַרם.

— איך וועל אייך קריגן אַ צימער. איך וועל אייך מיין צימער אָפּטרעטן — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון.

— איר פאַרשטייט, חבר ברוינשטיין. די מענטשן דאָרט — האָט זי אים דערקלערט — אַלע אַזעלכע נבזות, אַזעלכע גראָבע נפשות: זיי ווייסן, אַז איך בין בערטאַ פרידלאַנד, האָבן אַמאָל געהערט, ווי איך האָב פאַרטיידיקט פרייע ליבע און האָבן פאַרשטאַנען מיינע ווערטער אויף זייער גאַס-שטייגער, — נו, נו, פרעגט שוין נישט;

ער האָט זיך אָנגערופן:

— הערט אויס, מיר קענען גלייך פרעגן אין מיין האָטעל אויף אַ צימער.

און שפּעטער האָבן זיי געזען דעם באַלעבאָס פון האָטעל און באַקומען אַ צימער פאַר איר, און דערנאָך איז ברוינשטיין אַוועק זי צו באַגלייטן ביז צו דער פאַרם, וווּ זי האָט געוווינט.

אויפן וועג זענען זיי אַנטקעגן אָנגעקומען עטלעכע יידישע ווייבער פון יענער פאַרם, און איינע האָט אַ שאָס געטון אויף זיי אַן עלעקטרישן שיין־וואַרפער און אַרייַנגעשפּאַרט אַ גראָב פנים ברוינשטיינען אונטער דער נאָז, אויסגעלאָשן תיכּף דעם עלעקטרישן שיין-וואַרפער און איז פאַרשלונגען געוואָרן פון דעם טיפן חושך.

און באַלד האָבן ברוינשטיין און בערטאַ דערהערט הינ־טער זיך אַ גראָב פרויען-קול:

— שוין געקריגן אַ נאָוואַטנעם ! . . .

און אַ געלעכטער פון ווייבער האָט זיך צעקוויטשעט און צעפּיסקעט אין דעם אַרומיקן חושך.

דערנאָך, ווען דאָס ווייבערישע געלעכטער איז דאָרט פאַר־שלונגען געוואָרן פון דעם חושך, האָט בערטאַ זיך גוטמוטיק צע־לאַכט און זיך אָנגערופן:

— ווי די ווייבער פאַרגינען עס נישט, האַ?

אויפן גאַנעק פונם ווייסן פאַרם־הויז האָבן זיי זיך געזעצט און אַרום אַ שעה נאָך געשמועסט.

איצט האָבן זיי גערעדט וועגן דעם קאַמף, וואָס ער איז אָנ־געגאַנגען אין די יידישע יוניאָנס צווישן די „רעכטע" און די „לינקע".

בערטאַ האָט אים דערציילט די לעצטע פּאַסירונגען פון דעם דאָזיקן קאַמף, און ער, ברוינשטיין, האָט זיך געהיצט און געקאָכט, און גענידלט די רעכטע, די פאַררעטער, די, „וואָס זיי האָבן גע־אַרבעט אין די אינטערעסן פון די באָסעס". . .

דערנאָך האָט זיך בערטאַ געזעגנט מיט אים.

— גוט־נאַכט, און אַ דאַנק ! — האָט זי געזאָגט און אים דערלאַנגט די האַנט.

ער האָט פאַרהאַלטן איר האַנט אין זיינער, געקוקט איר אין די אויגן אַריין און געשמייכלט.

— חברטע בערטאַ — האָט ער צום סוף אַרויסגערעדט — איך בין אַזוי צופרידן, ממש גליקלעך, וואָס איך האָב אייך היינט געטראָפן.

— איך בין אויך צופרידן, חבר ברוינשטיין. נו, לאָזט אָפּ מיין האַנט.

— גוט־נאַכט ! — האָט ער דאַן געזאָגט, און אַרויסגעלאָזט איר האַנט.

און ווען זי איז פאַרשוואונדן אין דער טיר פונם פאַרם־הויז, איז ברוינשטיין דערנאָך געשטאַנען אַ ווײַלע און האָט געקוקט אויף יענער טיר. נאָכדעם איז ער אַוועק מיטן פינצטערן וועג צום האָ־טעל.

און, גייענדיק, האָט עפּעס געטאַנצט אין אים און געהוליעט,
און ער האָט אַליין קלאָר נישט געוווּסט פאַרוואָס.

און שפּעטער, ווען ער איז געלעגן אויף זיין געלעגער, האָט ער אַ לאַנגע צייט נישט געקענט איינשלאָפן.

ער האָט זיך דערמאַנט, אַז בשעת ער איז נאָך אַ קינד געווען אין זיין שטעטל, האָט אים אַלעמאָל פאַר אַ יום־טוב, צי סתם פאַר אַ גרויסער שמחה, אַזאַ ענלעכע פריידיקע אומרו נישט געלאָזט שלאָפן.

און דאָס איז געווען אַ דאַנק זיין באַגעגעניש מיט בערטאַן.
ערשט גאַנץ שפּעט איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן.

## פערטער קאַפּיטל

### נייע פאַרשוינען — רעווערענד דייוויס דאָוו און דיווייבער פונם האָטעל

אַ ליאַרם האָט בראָנשטיינען אויפגעוועקט. ער האָט די אויגן געעפנט און זיך איינגעהערט. הינטער זיין אָפענעם פענצטער האָט אַ פריילעך סוויטשערן געהילכט, אַזוי ווי עמעצער וואָלט דאָרט גאַנצע הויפנס זילבערנע קלאַנגען אין דער לופט געשאָטן. . .
זיין צימער איז געשטאַנען אין אַ פריילעכן, רויטן שיין.
עס האָט אים אַ הויב געטון פונם בעט.

ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ.

אַ פייכטע פרישקייט, ווי אַ קאַלטע כוואַליע, האָט אים אָפּגעבאָדן. באַנאַכט איז, הכּנים, אַ שטאַרקער נעפּל געווען, מחמת דאָס גראָז אונטערן פענצטער איז נאָך פייכט געווען און אויף די צווייגן פון די עפּל־ביימער האָבן טוי־טראָפּנס, ווי גרויסע, פינקלענדיקע טרערן געציטערט.

ברוינשטיין האָט אַ קוק געטון צו די בערג. שטיקער פּאַרע, זיי קלאָר־ווייסע שטיקער וואַטע, האָבן זיך דאָרט געוויקלט און גע־צויגן. און איבער דעם אַלדינג האָט אַ גאָלדן ליכט פונם באַרגיקן הימל געשטראַלט, און אַ זילבער־קלאַנג פון הונדערטער פויגל־העל־זער האָט זיך צעגאָסן...

ברוינשטיין האָט אַ קוק געטון אויף זיין זייגער — געווען ערשט פינף. איז ער צוריק אַוועק צו זיין געלעגער: אָבער שלאָפן האָט ער מער נישט געקאָנט.

צו אויפגערירט איז זיין נשמה געווען, צו פיל קלאַנגען, העלע יום־טובדיקע האָבן דאָרט געהילכט.

און ווען ער האָט זיך געפרעגט, פאַרוואָס איז אים אַזוי יום־טובדיק אויף דער נשמה, האָט ער זיך געענטפערט:

— די בערג, די טאָלן, די בערגיקע זון, די ווונדערלעכע פאַרבן און קלאַנגען פון דער נאַטור...

און מיטאַמאָל, ווען ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, האָט בער־טאַ אַרויסגעשוועבט פאַר אים. שטיל האָט זי אַרויסגעשוועבט פאַר אים, אַ העלע, אַ ליכטיקע, מיט פלאַמענדיקע האָר, אַזוי ווי ער האָט זי נעכטן געטראָפן באַם זון־אונטערגאַנג, און ער האָט זי אויפגעכאַפּט אין זיין פאַנטאַזיע און זי איינגעהאַלטן.

— זי קומט היינט! — האָט ער דאַן אַרויסגעפּליסטערט, און עס האָט אין אים נחתדיק אַ טאַנץ געטון.

— „אַן אינטערעסאַנט מיידל, און ווי שיין!" — האָט ער ווידער אַ טראַכט געטון. — „אפשר איז זי דאָס די נימפע?"...

און עס האָט זיך אין אים אַ צינד־געטון.

איז ער אַזוי געלעגן נאָך אַ שעה.

דערנאָך איז ער אַרונטער פונם בעט און זיך אָנגעהויבן אָנטון. און נישט סתם אָנטון, ווי אין אַ געוויינלעכן אַנדערן טאָג, ווי, למשל, נעכטן, אָדער אייערנעכטן. היינט האָט ער זיך געפּוצט, היינט האָט ער באַזונדערס געוואָלט זיין שיין און אָנגענעם.

ער האָט זיך געוואַשן מיט אַ באַזונדערע כוונה. געראַזירט און געפּודירט זיך מיט אַ באַזונדערער כוונה. איז געשטאַנען פאַר

דעם שפּיגל אין זיין צימער, האָט געקוקט אויף זיין פּנים און גע־טראַכט:

„געמעגט זיין שענער, אָבער נישקשה!"...

האָט געדרייט זיינע שוואַרצע וואָנסעס מיט די שפּיצן אַרויף און תּיכּף געמאַכט אַ תּל פון די שפּיצן, אַרונטערציענדיק זיי, כּדי זיי זאָלן נישט אויסקוקן, ווי אַ ווילער יינג.

דערפאַר אָבער האָט ער אָנגעטון אַ זיידן העמד פון געלן קאָליר, שיער נישט מעשה כינעזישער מאַנדאַרין, אַזש פּאַר די אויגן האָט ממש געקנאַקט, און אַ האַלזטוך האָט ער אויך אין זיין טשעמאָדאַן געפונען אַ בלוט־רויטן, שיער נישט ווי אַ סימבאָל פון זיינע פרייע, רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען און פּרינציפּן, און ער האָט אים אָנגעטון.

און דערנאָך, אַז ער האָט צום לעצטן מאָל אַ קוק געטון אויף זיך אין שפּיגל, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט:

— זאָלרייט, ברוינשטיין, דו וועסט שוין געפינען לייטזעלי־קייט אין אירע אויגן!

ער האָט פאַרלאָזט זיין צימער מיט אַ יום־טובדיק האַרץ.

אין דעם העלן און גרינעם דרויסן האָט נאָך געהילכט דער זילבערנער קלאַנג פון די פייגל. דאָס גראָז איז שוין טרוקן גע־ווען. די טוי־טראָפּנס זענען שוין מער נישט געהאָנגען אויף די ביימער. פון די ווייסע שטיקער פאַרע אויף די בערג איז שוין קיין סימן נישט געווען.

דער רויטער באַרג, מיט זיין מעכטיקן קאָפּ געזאַלבט פון דעם באַנאַכטיקן טוי, האָט איצט געלויכטן מיט אַ באַזונדערן טונקל־בלויען גלאַנץ אונטער דעם גאָלדענעם ליכט, וואָס עס האָט זיך געגאָסן פונם בערגיקן הימל.

שמשון הגבור האָט געדאַרפט אויסזעען אַזוי, ווען ער האָט זיין מעכטיקן קאָפּ האָר מיט די פּערפומען פון תּרשיש געזאַלבט.

פון הינטערן האָטעל האָבן זיך געטראָגן שטימען.

ברוינשטיין איז אַוועק אַהין. מען האָט דאָרטן געמאָלקן קי.

אַ פּוילישער גוי און איינע פון די דינסטן, אַ יידיש מיידל,

זענען געזעסן און האָבן די קי געמאָלקן אין בלעכענע עמערס. דער־ביי איז געשטאַנען רעווערענד דייווידאָוו, איינער פון די געסט, אַ הויכער, ברייטער ייד, אין אַ יאַרמולקע, מיט אַ ברייטער, שיינער שוואַרצער באָרד, און האָט געטרונקען מילך פון אַ ווייס קריגל.

* *

*

רעווערענד דייווידאָוו, מיט זיין הויכן וווקס און ברייטע ביי־נער און מיט זיינע שאַרפע און קאָלטע אויגן, ווי פון שאַרפן שטאָל, און מיט זיין וואַזשנער באָרד, האָט אויסגעזעען ווי אַן אַמאָליקער רוסישער זשאַנדאַרם, וועלכער וואָלט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ ייד און געטראָגן אַ יאַרמולקע. אין דער אמתן אָבער איז ער פריינד־לעך געווען ווי אַ פראַנצויז, בלויז אַן דער פראַנצויזישער געמיט־לעכקייט.

ער האָט תמיד געשמייכלט, אָבער אַזוי קאַלט און געלאַסן, ממש ווי מיט אַ שטאָלענעם שמייכל.

און אַזוי געלאַסן איז ער געגאַנגען. און אַזוי געלאַסן האָט ער געגעסן, געטרונקען, פאַררייכערט זיין ציגאַרעט און געגלעט זיך זיין באָרד.

ער אַליין, ווען ער האָט זיך פאַר ברוינשטיינען פאָרגע־שטעלט מיט אַ פאָר טעג צוריק, האָט ער זיך אַזוי כאַראַקטע־ריזירט:

— איך בין, הערט איר, אַ מענטש מיט אַ סיסטעמאַ...

אגב, האָט ער כסדר אין זיין רעדן געברויכט די ווערטער: „הערט איר". און ווי מיט זיי וואָלט ער בדעה געהאַט אָפּצוהאַלטן די אַנדערע ווערטער, זיי זאָלן זיך נישט איילן, נישט יאָגן פון זיין מויל...

און „אַ מענטש מיט אַ סיסטעמאַ" איז ער באמת געווען, אפילו זיין ווען געפעלן די ווייבער און די מיידלעך אין האָטעל, איז אויך געווען מיט אַ סיסטעמאַ. אָבער נישט דערפאַר, חלילה,

ווייל ער האָט געהאַט זינדיקע מחשבות וועגן זיי, — אָ, ניין, נישט אזא קאַלטער, סיסטעמאַטישער מענטש קאָן נכשל ווערן פון אַזאַ שטות, -- נאָר מחמת דעם, ווייל, דאָס איז ניגע געווען זיין געשעפט.

וואָרים אויסער רעוורענד איז ער אויך געווען אַ שדכן, און אַ שדכן דווקא אויך מיט אַ סיסטעמאַ. און אויסער אַ שדכן איז ער אויך אַ מוהל געווען, און, ווי ער האָט געזאָגט, אויך מיט אַ סיסטעמאַ.

אין זיין ביכעלע איז פאַרשריבן געווען יעדע פרוי, יעדעס מיידל און יעדער בחור פונם האָטעל — ווער זיי זענען, ווו זיי וווינען, זייער עלטער, פּראָפעסיע, מעלות, און חיסרון, אַן ערך, יעדער און יעדער איינער פאַרמאָגט. (דאָס לעצטע האָט ער ס׳רוב זיך אַליין משער געווען.)

ברוינשטיינען האָט ער אויך אין זיין ביכעלע פאַרפאַקט, און אַז ער האָט אים געוואָלט ווייזן, ווי ער האַלט פון אים, ברוינשטיינען הייסט עס, האָט ער אים פון זיין ביכעלע פאָרגעלייענט בזה הלשון :

„הדיכטער המפורסם ברוינשטיין, אַ בחור אַ גר בישראל, מניו יאָרק. אַ בעל פרנסה בכבוד. בן שלושים מסתמא. כך היה אומר. ווערט שני אלפים נדן לכל הדעות, פאַר אַן איש עשיר חמשה אלפים מציאה גדולה“. . .

אָט אַזוי האָט ער אָפּגעשאַצט ברוינשטיינען און אַזוי האָט ער אָפּגעשאַצט יעדן און יעדע אינם האָטעל.

היינט וויסן, איז נישט שייך, האָט ער אַלצדינג געוווּסט. צו ער אַליין האָט אויך אַזוי געמיינט, איז שווער צו זאָגן, אָבער זיכער איז, אַז ער האָט געוואָלט, אַז אַנדערע זאָלן אַזוי מיינען.

האָט ער געפּאַקט אַ „וויסנשאַפטלעך“ אַרטיקל אין אַ יידישער צייטונג, האָט ער זיך באַלד אַוועקגעזעצט צווישן די יידישע ווייבער פונם האָטעל און, גלעטנדיק געלאַסן זיך די באָרד, האָט ער פאַרפירט מיט זיי אַ וויסנשאַפטלעכן שמועס אין אַ געלאַסענעם טאָן, איבערגעגעבן דאָס אַרטיקל אַמאָל גאַנץ קאַפּויר, אָבער תמיד

מיט אזא מינע, ווי ער וואָלט דידאַזיקע טיפע ווּיסנשאַפט פון זיין אייגענעם טיפן מוח געשעפּט. . .

האָבן טאַקע די ווייבער פון אים געהאַלטן אַן עולם ומלואה. בפרט נאָך, ווען ער איז געווען זייער דאָקטאָר און זייער אַפּטייקער אויך אינם האָטעל.

האָט אַ קינד עפּעס וויי געטון, איז רעווערענד דייווידאָוו באַלד געווען מיט זיין רפואה.

ער האָט מיט זיך פון ניו־יאָרק געבראַכט אַ גאַנצן קאַסטן מיט רפואות: פּראָשקעס צו קאָפּ־ווייטיק, צום מאַגן, טראָפּנס צו ציין־ווייטיק, גאָרטשיצע־פּלאַסטערס, חלשות־טראָפּנס, אפילו פּראָשקעס צו אַ בעט. . .

קורץ, ער איז געווען אַ ייד מיט אַ סיסטעמאַ, און ער האָט אַלצדינג געוווסט און האָט אַלצדינג געקענט, און האָט יעדן געהאָלפן.

אין הילכות פּאָליטיק איז דאָך איבעריק צו זאָגן, אַז דאָרט איז אַזאַ ייד געשווּומען ממש ווי אַ פיש אין ים. . .

אַזאַ ייד איז דאָס רעווערענד דייווידאָוו געווען, וואָס ער האָט איצט דאָרט געטרונקען מילך פון דעם ווייסן קריגעלע. . .

ברוינשטיין איז צו אים צוגעגאַנגען.

— גוט מאָרגן, רעווערענד. . .

האָט ער זיך אַ קער געטון צו אים שווער און געלאַסן, ווי אַ שווערע טיר אויף פאַרזשאַווערטע שרויפן, און אַוועקגענומען דאָס קריגל פון די ליפן, האָט נאָר אַ בויטש געטון מיטן קאָפּ און אַ פּיקע געטון מיט דער נאָז אין קריגל אַריין. ערשט דערנאָך, ווען ער האָט, אַפּנים, אויסגעטרונקען דעם לעצטן טראָפּן מילך, האָט ער אַ ווּיש געטון מיט צוויי פינגער אַרום די ליפּן און מיט דער גאַנצער האַנט די באָרד אַרויף און אַראָפּ און דערנאָך געענטפערט:

— גוט־מאָרגן מיסטער ברוינשטיין.

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן. ערשט פון הינטער ברוינשטיינען האָט זיך באַוויזן מיט אַ ווייס קריגל אין דער האַנט אַ

דיקע פרוי, מיט אַ לאַנגן און תּמעוואַטן פּנים און תּמעוואַטע אויגן וועלכע האָט אַן איינדרוק געמאַכט, אַזוי ווי זי וואָלט געשלעפּט אויף אירע ברייטע, אַביסל איינגעהויקערטע אַקסלען אַ קאָפּ פון אַ קאַלב, — און, דערזעען זי, האָט ער, רעוורענד דייווידאָוו הייסט עס, פאַרגעסן אָן ברויגשטיינען און אַרום זיינע ליפּן האָט זיך אַוועקגעלייגט אַ געלאַסענער שמייכל, און ער האָט געזאָגט:

— גוט-מאָרגן, מרס. קאָהען! עפּעס גוט געשלאָפן? האָט מיין פּראָשעק אייך געהאָלפן?

— יעס, מיסטער רעוורענדל — האָט יענע געענטפערט מיט אַ הייזעריקלעך, פאַרשלאָפן קול — איך דאַנק אייך, איר האָט מיך גאָר געראַטעוועט...

און זי האָט אַ קוק געטון אויף אים מיט אַ קעלבערנעם שמייכל.

— שפּאַרט אייך נישט מער אונטערן לעפעלע?

— ניין, אַ דאַנק גאָט.

— און אויפן האַרצן ברענט אייך נישט?

— אַביסעלע ברענט נאָך, מיסטער רעוורענדל.

— אַזוי?

ער האָט זיך וואַזשנע אַ גלעט געטון די באָרד, פאַרטראַכט זיך מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן און דערנאָך זיך אָנגערופן:

— אָ-הום! יאָ! הערט איר, מרס. קאַהען, איכ'ל אייך מוזן געבן אַן אַנדער פּראָשעק. אַן אַנטיקל, הערט איר! פרעגט מרס. זלאָטקין און מרס. ציפּאָרקעס און מרס. יאַכנעטשיק, — זיי האָב איך אויך געגעבן דעם פּראָשעק, העלפט צו אַלדינג: צו אַ פאַרקילונג, צום מאָגן, צום קאָפּ-ווייטיק, אפילו צום רעוומאַטיזם. אַ פּראָשעק, הערט איר, פון דעם גרעסטן פּראָפעסאָר אין ניו-יאָרק. איך האָב באַ אים מל געווען אַ קינד...

— אדרבא, מיסטער רעוורענדל...

— און איך ראַט אייך, אַז איר זאָלט עטלעכע טעג קיין בילך נישט טרינקען...

— טאַקע?

— און עסן וואָס חייניקער.

— איך עס דאָך אָבער אַזוי ווייניק, מיסטער רעוורענד — האָט זי זיך אַזוי ווי געגומען בעטן בא אים — וואָס עס איך, מ'שטיינס געזאָגט? אַ שטיקעלע העריגג, אַ טעלער זופּ, אַ שטיקעלע טשיקען, אַ ביסעלע קאָמפּאָט, אַ שטיקעלע קעיק מיט אַ גלאָז טיי, — דאָס קען דאָך נישט שאַדן! וואָס דען, די פּאָר אייער, וועלכע איך עס אויף דורכן טאָג, וועלן מיר פאַרשאַטן? זיי זענען דאָך אָבער פרישע. צי דאָס ביסל קרעם, וואָס איך עס? צי די פּאָטייטאָס, צי די טאָמאַטאָס, צי גאָר אַ רעטעכל, וואָס איך כאַפּ אַמאָל? מיסטער רעוורענד, געזונט זאָלט איר זיין, איר מיינט אויך, ווי די אַנדערע, אַז איך עס מער פון אַלעמען? זאָגט אַליין, מיסטער רעוורענד, דאַרפן זיי מיר ציילן יעדן ביסן אין מויל? איך עס דען זייערס? צאָל איך דען נישט פאַר מיין עסן? בלייבט דען ווייניק פאַר זיי? דאַרפן זיי נישט די אויגן דערפאַר אַרויסקריכן, האַ, מיסטער רעוורענד?

און זי האָט עס אַלצדינג געזאָגט מיט אַ רהמנותדיקן טאָן, מיטן אייגענעם קעלבערנעם אויסדרוק אין פּנים.

האָט איר דער רעוורענד געגעבן גערעכט:

— אוודאי, מרס. קאָהען דאַרף אַזוי נישט זיין. איר זענט גערעכט. איר עסט אייערס, זאָל אייך וויל באַקומען. און, הערט איר, איך נעם זיך אָן אַלעמאָל פאַר אייך.

— איך ווייס עס, מיסטער רעוורענדעל... מיינע טעכטער, זאָלן לעבן, האָבן מיר שוין דערציילט, אַז איר האָט אויסגערעדט די ווייבער, פאַרוואָס זיי ציילן מיר יעדן ביסן אין מויל. דערפאַר, אַז גאָט וועט מיין סיידין העלפן... אָט-אָט נאָך עטלעכע חדשים... טאָמער אַ יינגעלע... פאַרשטייט איר דאָך מסתמא..

— איך דאַנק אייך, מרס. קאָהען, אין פאָרויס.

— זאָל איך טאַקע נישט טרינקען קיין מילך, האַ? — האָט זי דערנאָך אים געפרעגט.

— וואַרט אָפּ אַ פּאָר טעג.

— איר מיינט, אַז דאָס וועט מיר פאַרשאַטן?

— דער מאָגן, מרס. קאָהען — הערט איר — האָט ער זיך

אָנגערופן זייער ערנסט, מיט דער מינע פון אַ פּראָפעסאָר — איז ממש ווי אַ וואָגן, הערט איר. וואָס הייסט ? היות — האָט ער אויסגעזונגען מיט אַ גמרא-ניגון — היות אַ וואָגן, אַז מען לאָדט אים אָן מיט אַ סך משא, איז וואָס ? קאָן ער נישט אויס-האַלטן און ברעכט זיך צוזאַמען, אַזוי, הערט איר, איז אַ מאָגן ! . . .

האָט מרס. קאָהען געקוקט אויף אים, בעת ער האָט אַזוי גערעדט, מיט אירע תמעוואַטע אויגן און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַרויסווייזנדיק דערמיט, אַז זי איז מיט אים מסכים. פונדעסטוועגן האָט זי זיך דערנאָך אָנגערופן :

— און אַז איך זאָל אויסטרינקען אַ האַלב קריגעלע ?

— איך ראָט אייך נישט.

— אפשר, מיסטער רעוורענדל, מעג איך צוויי גלעז-לעך ?

ער האָט אַ צי געטון מיט די אַקסלען :

— מיין עצה, איר זאָלט נישט טרינקען

— גאָרנישט ? אפילו איין גלעזעלע אויך נישט ?

— איך מיין דאָך אייער טובה, מרס. קאָהען.

זי האָט ממש פאַרצווייפלט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

— מילא, איר ווייסט דאָך מסתמא, וואָס איר רעדט. איך האָב אַ פּאָר געבאַקטע עפּעלעך פון נעכטן, דאָס איז דאָך גוט אויפן ניכטערן מאָגן, האַ, מיסטער רעוורענדל ?

— דאָס, הערט איר, עסט וויפיל איר ווילט — האָט רעוו-רענד דייווידאָוו געענטפערט.

און זי איז אַוועק.

ברוינשטיין, וועלכער איז אינם האָטעל געווען ערשט דריי טעג און האָט נאָך נישט געקענט אַלע געסט, האָט זיך צעלאַכט הויך אויפן קול, ווען מרס. קאָהען איז אַוועק.

— ווער איז זי, רעוורענד ? — האָט ער געלאַכט.

— אַ פרעסערקע, אַ געוואַלד ! — האָט רעוורענד דייווידאָוו געענטפערט — פרעסט פאַר צען. באַם טיש, ביז די אַנדערע, הערט

איר, טוען זיך אַ קער, האָט זי אַלצדינג אויף איר טעלער, צי אויף די טעלער פון אירע ביידע טעכטער. און וואָס זי פּאַקט נישט אַריין אין זיך, שלעפּט זי, הערט איר, אַוועק צו זיך אין רום. שטייט אויף אינמיטן נאַכט און עסט. דערנאָך, הערט איר, שפּאַרט איר אונטערן האַרץ, אונטערן לעפעלע און איך מוז איר געבן מייַ־נע פּראָשקעס. וואָלט איר געגלייבט, אַז די יידענע האָט ממון קרח? איר מאַן, הערט איר, איז אָנגעטאָפּטשעוועט מיט גאָלד. ער איז אַ מאַנופעקטשורער פון קלאָוקס.*) האָט דאָס לעצטע מאָל פאַר־לוירן אין קאָרטן עטלעכע הונדערט דאָלאַר און געלאַכט, הערט איר, אַזוי ווי ער וואָלט איין סענט פאַרשפּילט.

ברוינשטיין האָט זיך אָנגערופן מיט פאַרבאַהאַלטענער איראָ־ניע אינם קול:

— מיט אַזאַ ייד, רעווערענד, זעט אויסצוקומען גוט. עס לוינט זיך אַמאָל.

— איך קום אויס גוט מיט אַלעמען, מיסטער ברוינ־שטיין.

— יאָ, רעווערענד, איר זייט אָלרייט. קומט, מיר וועלן זיך דורכגיין.

— דורכגיין? — האָט רעווערענד דייווידאָוו זיך אָנגערופן — אָבער הערט איר, איר לויפט דאָך ווי אַ משוגענער. און איך האָב ליב צו גיין פּאַוואָליע. וועט איר נישט לויפן?

— אָלרייט. קומט!

רעווערענד דייווידאָוו האָט איבערגעלאָזט דאָס קריגל אויפן גראָז און זיי האָבן גענומען גיין.

איז זיי אָנגעלאָפן אַנטקעגן מיט אַ קריגל, פאַרסאַפּעט, אַ מאָגער, נאָך יינג ווייבל, מיט אַ שפּיציק, שאַרף פּנים און אויגן, ווי בײַ אַ יאַסטרעב. האָט זי דער רעווערענד אָפּגעשטעלט:

— גוט־מאָרגן, מרס. יאכנעטשיק, וואָס מאַכט אייער יינגל?

---

*) אַ פאַבריקאַנט פון פרויען־מאַנטלען.

— ער מעג מאַכן מיט דער נשמה — האָט זי געענט־פערט האַסטיק, מיט כעס — דער רוח וועט אים נישט נעמען, נישקשה!

ברוינשטיין האָט אַ קוק געטון אויף איר: די האָר צע־באַטלט, דאָס קליידל פאַרדרייט אויף אַ זייט; אויף די באָרוועסע פיס האָט זי געטראָגן רויטע שיכלעך און אין די אויערן האָבן געפינקלט בריליאַנטן און אויף די פינגער בריליאַנטענע רינ־גען.

האָט ער, ברוינשטיין, דאַן אַ טראַכט געטון:

„בערטאַ וועט פונדאַנען אויך אַנטלויפן. אַן עולם אַ ביסל. ווייבער, באַ וועמען דאָס רעוורענדל איז אַ גאַנצער פראָ־פעסאָר!“

האָט אַ קוק געטון דערנאָך אויפן רעוורענד, און עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַ חשק אויסצולצעווען אים, ווי ער האָט נישט איינמאָל אויסגעלצעוועט אַנדערע, ווען דער קונדס האָט זיך אין אים צעשפּילט...

און רעוורענד דייווידאָוו האָט דערווייל גערעדט ווייטער צו מרס. יאַכנעטשיק:

— האָט איר אים צוגעלייגט מיין פּלאַסטער?

— געוויס. איך דאַנק אייך — האָט זי אים באַדאַנקט אויך מיט כעס און איז האַסטיק אַוועקגעלאָפן מיט איר קריגל.

האָט זיך רעוורענד דייווידאָוו דאַן אָנגערופן צו ברוינשטיי־נען, ווען זיי זענען אַוועק ווייטער:

— אַ ווייבל אַ שלאַק. האָט איין יינגל, הערט איר, האָט זי אים נעכטן שיער כאַר אַ קאַליקע געמאַכט. וואָס איז? זי האָט פאַרשפּילט אין קאָרטן אַ פּאָר דאָלאַר און דאָס יינגל אירס איז עפּעס בשעת מעשה צו איר צוגעשטאַנען, אַ קינד פון אַ יאָר זיבן, האָט זי אים געגעבן אַ שטויס, הערט איר, אַז ער איז געפאַלן און האָט זיך אַ קלאַפּ געטון דאָס הערצל אָן אַ שטיין. איך האָב אים געגעבן אַ פּלאַסטער.

ברוינשטיין האָט זיך פריילעך צעלאַכט.

— קורץ, רעווערענדעל — האָט ער געלאַכט — איר ראַטע־
ווערט דאָ די מענטשהייט אין גאַנצן!
— יאָ! — האָט רעווערענד דייווידאָוו אַזוי ווי מסכּים געווען
מיט אים און גערעדט ווייטער וועגן מרס. יאַכנעטשיק: — זי איז
אַ תּוכחה — הערט איר. איר שוועסטער, איר האָט זי מסתּמא באַ־
מערקט — אַ שיין מיידל, זוכט אַ שידוך, איך מיין, הערט איר,
אַז איר האָט זיך מיט איר באַדאַרפט באַקאַנען, גאָר אַ פיין מיידל! —
קען זי מיט איר אויך נישט אויסקומען. דערפאַר, הערט איר, האָט
זי ליב איר מאַן. ער איז אויך אַ מאַנופאַקטשורער. קומט ער,
טרעט זי פון אים נישט אָפּ אַ טריט, און רעדט ער אויס, הערט
איר, אַ וואָרט מיט אַן אַנדערער פרוי, איז קאַראַול, הימל עפן זיך!
ווייַנט דאַן און גייט נישט צום טיש עסן. שעמט זיך גאָרנישט פאַר
די אַנדערע און מאַכט אים סקאַנדאַלן. ער דווקא איז אַ נישקשה־
דיק מענטשל. אַ פרייַלעכער. ער קען גוט טראַצקין. באַ אים שאַפּ
טאַקע, הערט איר, האָט טראַצקי פאַרדינט חנה־פּעסיל די פּיני־
שערין*), מיט וועלכער ער איז שפּעטער אַנטלאָפן קיין רוס־
לאַנד...

ברוינשטיין האָט אויסגעגלאָצט אויף אים אַ פּאָר אויגן.

— וועלכער טראַצקי? וועגן וואָס פאַר אַ טראַצקי רעדט
איר, רעווערענד?

— טראַצקי, איך מיין דעם ריכטיקן טראַצקי, אָט דער, וואָס
האָט דאָרט אָנגעאַרבעט מעשים אין רוסלאַנד... ער, הערט איר,
האָט דאָך געאַרבעט באַ מיסטער יאַכנעטשיקען אין שאַפּ, ווען ער
איז געווען אין אַמעריקע...

— אַזוי? — האָט ברוינשטיין אונטערגעכאַפּט, און אין זייַ־
נע אויגן האָט זיך באַוויזן דער קונדס.

— אוודאי, — האָט רעווערענד דייווידאָוו דערציילט ווײַ־
טער, — האָט ער, דאָס הייסט טראַצקי, הערט איר, זיך סניוכעט
דאָרט באַ יאַכנעטשיקן אין שאַפּ מיט אַ מויד אַ פּינישערין, חנה־

*) אײנע, וואָס זי ענדיקט אויס די אַרבעט.

פעסל, און מיט איר טאַקע איז ער שפּעטער אַנטלאָפן קיין רוס־לאַנד. — הערט איר?...

בראָינשטיין האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— אָ, יאָ, יאָ, איך דערמאַן זיך. אין אַלע צייטונגען איז חעגן דעם געווען געדרוקט. חנה־פּעסל... יאָ, יאָ, אַ שוואַרצע מויד, געאַרבעט באַ... ווי הייסט דער מאַן פון דעם ווייבל מיטן יאַסטרעב־פּנים? — יאָ, יאַכנעטשיק! געאַרבעט באַ יאַכנעטשיקן אינם שאַפּ מיט טראָצקין... טראָצקי איז דאָך געווען אין יענעם שאַפּ אַ שיק־יינגל. איר ווייסט דאָס, רעווערענד?

— ניין, האָט געענטפערט אויף דער מאַשין — האָט רעווערענד דייווידאָוו געענטפערט — מיסטער יאַכנעטשיק אַליין האָט עס מיר געזאָגט.

— ניין — האָט זיך בראָינשטיין מיט אים געשפּאַרט שוין מיט כּלומרשט אַן ערנסטער מינע, — אַ שיק־יינגל איז טראָצקי באַ אים געווען אינם שאַפּ, יאַכנעטשיק האָט עס פאַרגעסן, האָט זיך דאַן טראָצקי פאַרליבט אין חנה־פּעסל די שוואַרצע מויד און היינט איז חנה־פּעסל אין רוסלאַנד אַ גענעראַלשע!

— אַזוי? אַי־אַי־אַי! — האָט דער רעווערענד געשאָקלט דעם קאָפּ און זיך געלאָזן גלעטן די באָרד.

— זעט איר, רעווערענד, אַ גליקלעכער שידוך, און דווקא נישט אויסגעפירט דורך אייך! — האָט בראָינשטיין גערעדט ווייטער, און אין האַרץ באַ אים האָט דער קונדס געטאַנצט: „גוואַלד, וואָס פאַר אַן עקזעמפּליאַרטשיק!"

רעווערענד דייווידאָוו האָט אים געוואָלט עפּעס ענטפערן, דאָ האָט ער אָבער ווידער דערזעען עמעצן.

— גוט־מאָרגן, מרס. בענדזשאַמין — האָט ער זיך אָנגע־רופן — זענט איר עפּעס נעכטן געווען מזלדיק?

די פרוי מרס. בענדזשאַמין, צו וועלכער ער האָט זיך איצט געווענדט, האָט זיך געוואַשן באַם קוואַל, וואָס האָט זיך געפונען באַם זייט וועג, נישט ווייט פונם האָטעל.

זי האָט אַ קער געטון צו אים אַן אָנגענעם, לאַכעדיק, יינג פּנים, וועלכעס איז נאַס געווען, און האָט זיך געווישט מיט אַ

האַנדטוך דעם נאָקן אונטער די שוואַרצע, קורץ־געשוירענע האָר.

— זייער מזלדיק, מיסטער רעוורענד. ווען איך וועל היינט שפּילן, וועל איך ווידער באַ אייך לייען אַ פּאָר דאָלאַר.

— אויך רעכט — האָט דער רעוורענד געזאָגט, און איז אַוועק מיט ברוינשטיינען מיטן זאַמדיקן וועג ווייטער.

— אַ היפּש ווייבל — האָט דער רעוורענד זיך דאַן אָנגע־רופן — און האָט, הערט איר, אַ געוואַלטיקן חסרון.

— דהיינו? — האָט ברוינשטיין געפרעגט.

— וואָלט געשפּילט טאָג און נאַכט אין קאָרטן. לייעט באַ מיר געלט אויף שפּילן, ווייל זי גלייבט, אַז מיין געלט איז מזל־דיק. אַ קלוגע און געבילדעטע, הערט איר, און פוינדעסטוועגן, הערט איר, האָט זי מיך מיט עטלעכע טעג צוריק פאַרוווּנ־דערט.

— צום ביישפּיל?

— זי איז געזעסן און האָט געשפּילט אין קאָרטן מיט די אַנדערע, איז איר קינד, הערט איר, דאַן געשלאָפן אינעם האַמאַק און זיך מיטאַמאָל צעוויינט. זאָגט מען איר: „מרס. בענדזשאַמין, אייער קינד וויינט", רירט זי זיך נישט פונעם אָרט. איין מאָל, צוויי מאָל, הערט איר, זי רירט זיך נישט. גיי איך צו צו איר און זאָג איר דאָס. מאַכט זי: „זאָל עס וויינען". זאָג איך: „סטייטש, אַ אַ קינד?" שפּרינגט זי אויף, הערט איר, מיט אַ געשריי: „געוואַלד, ווער האָט עס אויסגעטראַכט די קינדער!" דאָס, הערט איר, האָט מיך שטאַרק פאַרוווּנדערט!

ברוינשטיין האָט זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל:

— טאַקע, רעוורענד, ווער האָט עס אויסגעטראַכט קינ־דער?

אָבער רעוורענד דייווידאָוו האָט געטראַכט וועגן אַן אַנדערן ענין און גאָרנישט געהערט, וואָס ברוינשטיין האָט באַ אים געפרעגט.

ער האָט זיך מיטאַמאָל אָנגערופן:

— הערט נאָר, איר האָט דאָך מסתמא באַמערקט, אַז זי דאַרף אינגיכן ווערן מוטער פון אַ צווייט קינד?

— איך בין נישט שולדיק — האָט ברוינשטיין אַ שמייכל געטון.

— ווי דענקט איר, וועט עס זיין אַ ייִנגל, אָדער אַ מיידל? — האָט רעוורענד דייווידאָוו פּלוצלינג אַ פרעג געטון.

און אַז ברוינשטיין האָט אויסגעשאָסן אַ הילכיק געלעכטער, האָט רעווערענד דייווידאָוו אויך אַרויסגעלאָזט אַ מאָדנעם קוויטש, אָפּגעהאַקטן און דומפּן לאַך: „כאַ!", וועלכער האָט געקלונגען גיכער ווי אַ שלוקערץ, און דערנאָך באַמערקט:

— אַ נאַרישע שאלה, נישט אמת? אָבער איך, הערט איר, קען זיך וועטן, אַז אַ ייִנגל... איך האָב מיינע סמנים...

## פינפטער קאַפּיטל

### די רייכע כלה

זיי זענען געגאַנגען ווייטער, געגאַנגען מיטן זאַמדיקן וועג, וועלכער איז געלאָפן פאַרביי דעם פאַרם-הייזל, ווו בערטאַ האָט געוווינט, צו אַ וואַלד-צוי.

דערדאָזיקער וואַלד האָט שוין געטונקלט זיי אַנטקעגן.

בײַ די זייטן פון דעם וועג האָבן זיך געפּאַשעט קי און די גלעקלעך אויף זייערע העלזער האָבן אַרויסגעלאָזט פאַרחלומטע קלאַנגען.

אונטער אַ הילצערן בריקל, וועלכעס זיי זענען איבערגעגאַנגען, האָט געמורמלט אַ שטראָם.

יעדע ווײַלע האָט זיך געהערט אַ פרײלעך סוויטשערן פון אַ פויגל, דאָ פון איין זייט און באַלד פון דער אַנדערער.

— טריל-טריל-טריל-ל-ל!

— פיטי־פוס־פיט! — האָט געקלונגען אינדערלופטן, ווי אַ קלאַפּן פון אַ שטאָלענער זאַך אָן שטאָל.

און איבער דעם אַלעם האָבן זיך געגאָסן מילדע, גאָלדענע שטראַלן.

זיי זענען אַריין אין וואַלד.

טונקעלע שאָטנס פון די הויכעביימער האָבן זיך געצויגן דאָרט איבערן זאַמדיקן וועג.

און מיטאַמאָל האָט ברוינשטיין און זיין באַגלייטער דערזעען אַ געלן האָז.

ער איז געשטאַנען דאָרט אין מיטן וועג, האָט געקוקט צו זיי מיט זיינע געלע אויגן און נישט אַ ריר געטון זיך פון דעם אָרט.

נאָר אַז זיי זענען שוין געווען גאָר נאָענט פון אים, האָט ער מיט איין מאָל אַ דריי געטון צעשראָקן זיינע אויגן, געטון אַ ציטער מיטן גאַנצן קערפּער און אַ פּיר מיט די אויפגעשטעלטע אויערן. דערנאָך איז ער פּלוצלינג אַ שפּרונג געטון אין דער הייך, פלינק זיך אויסגעדרייט, איז אָפּגעלאָפן עטלעכע טריט און האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט אין מיטן וועג, מיטן קאָפּ צו זיי און געקוקט ווידער אויף זיי מיט זיינע פּלאַטשיקע אויגן, אַזוי ווי דער בחור וואָלט דערשמעקט, אַז קיין שיסער זענען זיי נישט געווען.

און פּלוצלינג האָט ברוינשטיין זיך אַ יאָג געטון נאָך אים, און ער, דער האָז — אַ שפּרונג, און האַידאַ צווישן די ביימער און אין די בושעס אַריין...

ברוינשטיין האָט זיך אָפּגעשטעלט. און דאַן האָט ער דער־הערט הינטער זיך אַ הויך געלעכטער.

ער האָט זיך אומגעקוקט, און קיינעם נישט געזען. דאָס געלעכטער האָט זיך ווידער דערהערט, נאָך העכער, און עפּעס באַ־קאַנט האָט זיך דאָסדאָזיקע לאַכן אים אויסגעוויזן.

— גוט מאָרגן, הער דיכטער! — האָט ער דערהערט דער־נאָך אַ קול, פון וועלכן ער האָט אַ צאַפּל געטון, ווייל ער האָט אָט דאָס קול גלייך דערקענט.

ער האָט געוואָרפן זיינע אויגן אויף אַלע זייטן און אַלץ קיי־
נעם נישט געזעצן.

מיטאַמאָל, ווען זיין בליק איז געפאַלן אויף אַ געדיכטן
מאַלינעס־בוש הינטער אַ גרופּעביימער, האָט פאַר זיינע אויגן אַ
מיניע געטון אַ גרויסער, שטרויענער, פאַרמערשער הוט.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטון אַהין, און פון צווישן די ריט־
לעך מיט די רויטע מאַלינעס האָט אַרויסגעלאַכט צו אים בערטאַס
פּנים מיט בלויע, שעלמישע אויגן אונטער דעם שטרויענעם פאַר־
מערשן הוט.

די רויטע מאַלינע, וואָס זי האָט געהאַלטן צווישן אירע ראָ־
זעווע ליפּן, האָט אויך פריילעך געלאַכט, ווי ברוינשטיינען האָט
זיך אויסגעוויזן.

באַלד איז זי אַרויס פון דאָרט מיט אַ פולן הויפן מאַלינעס
און זי האָט געזאָגט:

— הער דיכטער, איך האָב דאָך גאָרנישט געוווסט, אַז איר
זענט אַזאַ העלד. איר האָט גאָרנישט מורא פאַר אַ האָז?

ברוינשטיין האָט זיך צעשמייכלט מעשה קינד און די אויגן
פון איר נישט אַראָפּגענומען.

און מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון:

— זע נאָר, ווי איר זענט אויסגעפּוצט! אַי־אַי־אַי, אַ העמד
אַ ביסל, און אַ האַלזטוך... ווען קלויבט איר זיך צו דערהרגע־
נען, מערדער!

האָט ער זיך אָנגערופן:

— אייך חברטע בערטאַ!

— מיך? — האָט זי זיך צעלאַכט — מיך קענט איר גיכער
דערהרגענען מיט אַ קויל. אַ געשמאַק אַ ביסל!...

איז ער דאַן אַ ביסל צעמישט געוואָרן. האָט זיך אויסגע־
פּוצט אַזוי צוליב איר, און מיטאַמאָל אַזאַ בראָך! ער האָט גע־
פרעגט נאַיוו:

— איר מיינט עס טאַקע? באמת, עס געפעלט אייך
נישט?

האָט זי געענטפערט:

— גייט אַוועק, איר האָט דאָך אַ געשמאַק פון אַ מער־דער!

האָט ער אַ ווײַלע געשוויגן, געקוקט איר אין די בלויע, פרײַלעכע אויגן אַרײַן און געשוויגן. דערנאָך האָט ער פּלוצלינג אַ כאַפּ געטון איר האַנט און מיט וואַרעמקייט געזאָגט:

— אויב אײַך געפעלט עס נישט, וועל איך עס קיינמאָל נישט טראָגן.

און געוואָלט אַ קוש טון איר האַנט.

זי אָבער האָט אַרויסגעריסן איר האַנט פון זײַנער און מיט דער אַנדערער צוגעטראָגן אַ מאַלינע צו זײַנע ליפּן.

— נאַט, קושט די מאַלינע, הער דיכטער!

האָט ברוינשטיין אויפגעכאַפּט די מאַלינע מיט זײַנע ליפּן און פאַר איינוועגס די שפּיצן פון אירע פינגער.

האָט זי דאַן אַרויסגעמורמלט:

— ווילדער!

און אירע בלויע אויגן האָבן געשמייכלט, און וואָס האָט ברוינשטיין נישט געלייענט אין דעם דאָזיקן בלויען שמייכל פון אירע אויגן!...

דערווײַל האָט בערטאַ באַמערקט רעוורענד דייווידאָוו, וואָס איז געגאַנגען צו זיי מיט דער יאַרמולקע הויך פאַרריסן אויף זײַן ברייטן שטערן, די הענט פאַרלייגט הינטערן רוקן און מיט אַזעלכע טריט, אַזוי ווי ער וואָלט מיט זיי געמאָסטן דעם וועג און געהיט זיך דערביי נישט דורכלאָזן, חלילה, מיט זײַן מאָס קיין איין שפּאַן.

— ווער איז יענץ באַלעבעסל, וועלכער גייט אַהער פון איי־ער האָטעל? — האָט בערטאַ אַ פרעג געטון.

— אָט יענער? אַ רעוורענד איז ער — האָט ברוינשטיין געענטפערט — אַ שדכן, אַ מוהל, אַ מסדר קדושין, אַן עין־הרע־אָפּשפּרעכער, אַ דאָקטאָר, אַן אַפּטייקער, און וואָס נישט? הערט אויס, חברטע בערטאַ — האָט ער זיך פּלוצלינג אַ כאַפּ געטון, און דער קונדס האָט זיך ווידער צעשטיפּט אין זײַנע גרויע אויגן — שטערט מיר נישט, איך וויל זיך אַ ביסל מיט אים אַמוזירן...

— וואָס הייסט ?

— אָט איר וועט שוין זעען. שטערט מיר נישט.

— וואָס נישט שטערן ? רעדט ווערטער. וואָס ווילט איר טון ?

— איך ווייס נישט — האָט ער געענטפערט שטיפעריש — נאָר עפּעס מוז איך טון, איך מוז. וואָרים איר ווייסט גאָרנישט, וואָס פאַר אַ זעלטענער עקזעמפּליאַר אָט דער רעווערענד איז. מיט אַזעלכע האָב איך אַלע מאָל ליב אַ שטיף צו טון.

זי האָט אַ שמייכל געטון :

— איר אַליין זייט אויך אַ זעלטענער עקזעמפּליאַר : אַזוי ערנסט און אַזוי יינגלש. באמת, איך פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי אַ מענטש, ווי איר, קאָן זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע נאַרישקייטן ? איבערהויפּט, ווי אַזוי קאָנט איר פאַרברענגען מיט אַזעלכע, ווי אַ רעוורענד ?

— איך פאַרברענג דאָ מיט אַלעמען. און וואָס פּשוטער און נאַרישער די מענטשן זענען דאָ, אַלץ בעסער און באַטירלעכער ווער איך אַליין צווישן זיי. איך שווים צווישן זיי, ווי אַ פיש אין ים. אַ נאַטירלעכער נאַר, נאַרישער איידער זיי אַלע. אפשר איז גאָר אָט די נאַרישקייט די אמתע חכמה ? דער טייוול ווייסט ! אָבער, שאַ, ער קומט ! געדענקט-זשע, שטערט מיר נישט !

זי האָט זיך אָנגערופן :

— פון מיינעטוועגן, אפשר וועל איך אייך גאָר צוהעלפן — האָט זי צוגעלייגט מיט אַ שטיפערישער מינע.

רעוורענד דייווידאָוו איז צוגעקומען צו זיי.

ער האָט וואַזשנע זיך אַ גלעט געטון די באָרד און געוואָרפן שטאָלענע בליקן פון דער זייט אויף בערטאַן.

דאַן האָט ער זיך אָנגערופן מיט זיין קאַלטן שמייכל :

— געיאָגט זיך נאָך אַ האָז און געכאַפּט עפּעס בעסערס. נישט קיין יידיש מזל, הערט איר.

האָט ברוינשטיין זיי פאָרגעשטעלט

— פריילין פרידלאַנד, רעוורעדנד דייווידאָוו. . .

דער רעווערענד האָט העפלעך אַ בייג געטון זיינע קני און זיך אָנגערופן:

— זייער אָנגענעם. נאָך אַ פריילין?...

בערטאַ האָט אים באַטראַכט פון דעם קאָפּ ביז צו די פיס און געפרעגט:

— אַ רעווערענד, טאַקע אַ ריכטיקער?

האָט ברוינשטיין אונטערגעכאַפּט:

— אַ רעווערענד און אַ מוהל, און אַ שדכן און אַ מסדר קדושין...

— עס פרייט מיך אייך צו קענען. פאַר אונזערס אַ מיידל זענט איר דאָך די וויכטיקסטע אינסטיטוציע — האָט בערטאַ געזאָגט מיט אַ שמייכל — איבערהויפט ווען דער שדכן איז אויך אַ מסדר קדושין.

— דאָס בין איך, פריילין פרידלאַנד — האָט רעווערענד דייווידאָוו זיך אָנגערופן געלאַסן און מיט אַ שמייכל.

און גלייך טאַקע האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דעם בוזעם אַ גאַנצן הויפן קאַרטלעך און איר דערלאַנגט מיט די ווערטער:

— דאָ איז מיין נאָמען, מיין אַדרעס... איר קאָנט נעמען עטלעכע. אפשר האָט איר באַקאַנטע, הערט איר...

— איר ווילט, איך זאָל דאָס פאַרטיילן?...

— ווען איר ווילט אַזוי פריינטלעך זיין...

— וואָס צאָלט איר דערפאַר?

— צאָלן? כאַ! — האָט ער אַרויסגעשלוקערצט זיין באַזונדערן, דומפן, אָפּגעהאַקטן לאַך.

— געוויס. עס איז דאָך אַ ביזנעס באַ אייך?...

— כאַ! איך וועל אייך דערפאַר, הערט איר, אַ פיינעם חתן געבן.

האָט בערטאַ אַ כאַפּ געטון:

— אַ פיינעם חתן? איר מיינט עס טאַקע? זעט איר, דאָס

איז שוין אַנדערש. פריער אָבער דעם חתן אַהער, איך, מיסטער רעווערענד, בין אַ פּראַקטיש מיידל.

ברוינשטיין האָט אָנגעקוואָלן פון איר, ער האָט גע־טראַכט:

„וואָס פאַר אַ טייוול, זי מאַכט עס נאָך בעסער פון מיר!"

דערווייל האָט זיך דערהערט אַ קלינגען פון אַ גלאָק.

בערטאַ האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— דאָס מיינט מען מיך. מען רופט צום פרישטיק. מען טאָר זיך נישט אָפּמאָרען, אַ נישט, מיסטער רעווערענד, וועט אייער חתן מיך נישט ווען. ער האָט דאָך מסתמא ליב דיקע, האַ?

און זי איז אַנטלאָפן אָן זיינע קאַרטלעך. לויפנדיק האָט זי געשריגן:

— הער דיכטער, דינער וועל איך היינט עסן בײַ אייך. איך קלייב זיך באַלד אַריבער...

און זי איז פאַרשוווּנדן.

רעווערענד דייווידאָוו האָט זיך דערנאָך אָנגערופן צו ברוינ־שטיינען, ווען זיי זענען אַוועק צוריק צו זייער האָטעל.

— אַ פייערדיק מיידל. האָט, הערט איר, אַ געשמאַק פּיסקע־לע. אייערע אַ באַקאַנטע?

— יאָ, מיינס אַ באַקאַנטע — האָט ברוינשטיין געענטפערט — איז נישט ווערט אַ לייטישן חתן, רעווערענד, וואָס זאָגט איר, האַ?

— וואָס טוט זי, אַן אַרבעטערין? — האָט דער רעווערענד ווייטער אויסגעפרעגט.

— זי אַרבעט נישט. אַ טאָכטער פון רייכע עלטערן.

— דאָס זעט מען גלייך. איך האָב עס תיכּף באַמערקט, הערט איר. און וואָס טוט איר טאַטע?

און רעווערענד דייווידאָוו האָט אַרויסגענומען זיין נאָטיץ־ביכע־לע מיט אַ בלייפעדער פון אונטערן בוזעם.

— וואָס איר טאַטע טוט ? איך אַלע יידן געזאָגט געוואָרן, ער שניידט קופּאָנען.

— וואָס הייסט ?

— אָט וואָס איר הערט, רעווערענד. פאַרמאָגט א גאַנצע גאַס מיט הייזער, טוט ער גאָרנישט, נאָר שניידט קופּאָנען.

— איר מיינט, ער איז אַ ריעל-עסטייטמאַן. אַזוי ? . . .

און ער פאַרשרייבט אין זיין ביכעלע, אַרויסרעדנדיק הויך אויפן קול דאָס, וואָס ער שרייבט דאָרט אריין :

„עושר גדול. בעל-הבית מכמה וכמה טענעמענט-הייזער. . . הנערה מרת פרידלאַנד יפת תואר ויפת מראה". . .

האָט ברוינשטיין אונטערגעכאַפּט :

— מיט בלויע עינים און מיט אַ געשמאַק פּיסקעלע. . .

— דאָס איז אַ קלייניקייט. און ווו וווינט זי ?

— דאָס, רעווערענדל, האָב איך קיין רעכט נישט אייך צו זאָגן. דאָס וועט איר זי אַליין פרעגן. זי קלייבט זיך היינט אַריבער צו אונז אין האָטעל אַריין.

— זי וועט מיר שוין זאָגן. מיט מענטשן פון רייכן קלאַס, הערט איר, קען איך שוין אויסקומען גאָר אַלרייט.

און אין אַ ווײַלע שפּעטער, ווען דער עולם אין האָטעל, ווו ברוינשטיין און דער רעווערענד זענען איינגעשטאַנען, איז געזעסן באַם פרישטיק, האָבן שוין אַלע ווייבער דאָרט געוווּסט, אַז צו זיי אין האָטעל קומט היינט אַ רייך מיידל.

דער רעווערענד האָט זיי גאָר אָנדערציילט וואונדער וועגן איר.

## זעקסטער קאַפּיטל

### ב ר ו י נ ש ט ײ נ ס  א ו מ ג ע ד ו ל ד

נאָך פרישטיק, ווען ברוינשטיין איז געלעגן אין אַ האַמאַק, איז צו אים צוגערשט צוגעלאָפן מרס. יאַכנעטשיק אַ פאַרסאַפּעטע:

— הערט נאָר, מיסטער, זי איז אייערס אַ באַקאַנטע, דאָס מיידל, וואָס זי קומט היינט אַהער?

— יאָ.

— איז זי עפּעס אַ גוטע האַנט פאַר „פּויקער"?

— זי וועט מיט אייך נישט שפּילן.

— פאַרוואָס?

— איר זענט נישט רייך גענוג פאַר איר.

האָט מרס. יאַכנעטשיק זיך אַ כאַפּ געטון מיט כעס:

— וואָס הייסט איר, צי איך בין רייך, צי נישט? איר מיינט, אַז איך שטיי מיט אייך אין איין האָטעל, בין איך שוין דערפאַר אַ שלעפּערקע?

אַריינגעפאָרן אים און אַנטלאָפן.

דערנאָך איז צוגעגאַנגען צו אים מרס. בענדזשאַמין מיט איר שווערן לייב. זי דווקא האָט געשמייכלט גוטמוטיק:

— האָט איר אפשר די נעכטיקע צייטונג, מיסטער ברוינשטיין?

האָט ער זיך גלייך אַנגעשטויסן, אַז די צייטונג איז געווען בלויז אַן אויסרייד. דאָך האָט ער געענטפערט:

— ניין, מרס. בענדזשאַמין.

האָט זי זיך אַ קער געטון אַוועקצוגיין, און איז דאָך געבליבן שטיין.

זי האָט זיך אָנגערופן:
— איך האָב געהערט, אַז אייערס אַ באַקאַנטע קומט הייַנט אַהער.
— יאָ.
— זייער אַ רייכע, הער איך.
— יאָ.
— און אַ גוטע „האַנט", הער איך.
— ניין.
— וואָס הייסט, מרס. יאַכנעטשיק האָט מיר ערשט געזאָגט, אַז איר האָט דערציילט, אַז יענע שפּילט אַזוי הויך ווי אַ דאָלאַר...
האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן:
— זאָגט מרס. יאַכנעטשיק, אַז זי האָט אייך געזאָגט אַ ליגן.
— וואָס דען האָט איר געזאָגט?
האָט ברוינשטיין געענטפערט:
— זי שפּילט אַזוי הויך ווי צוויי דאָלאַר.
האָט מרס. בענדזשאַמין אויסגעשריגן גוטמוטיק:
— אַ כאָליאַפּשקע, ווער האָט עס אַזוי פיל געלט?
און זי האָט זיך אָוועקגעשלעפּט מיט איר שווער לייב צוריק

* *
*

און דאָס, וואָס ער האָט זיי גענומען אַלעמען, וואָס מען רופט, אַזוי אויף זיכער, האָט אים בעוואַלטיק הנאה געטון, אָן אַ פּאַרוואָס.
בכלל איז ער געווען אין עפּעס אַ משונהדיקן, שטיפעריש מוט, אין אַ „משוגעוואַטן" מוט, ווי ער אַליין האָט דאָס גערופן.
אין שטאָט האָט אים אויך אַמאָל אָנגעכאַפּט אַ פריידיקער

חשק צו שטיפן, צו לונדסעווען מעשה יינגל, איבערהויפט ווען ער־האָט זיך געפונען אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איז אים אָנגענעם געווען, צי פון אַ פרוי, וואָס זי איז נאָך פֿאַר אים ניי און פריש געווען, צי ווען ער האָט געאַרבעט און ער איז פול געווען מיט דער פרייד און מיטן גליק פון שאַפן: אָבער אַזוי פריילעך ווי ער איז איצט, אין אָט דעם פרימאָרגן, געווען, איז ער אין שטאָט קיינמאָל נישט געווען.

געהוליעט האָט אין אים און געזונגען און געשטיפט.

משמעות, זענען אין דעם שולדיק געווען די גאָלדענע, וואַרעמע ליכטיקייט, וואָס האָט זיך געגאָסן פאַר זיינע אויגן, און דער ווייכער, בלויער שמייכל פון דעם דאַרטיקן הימל, און דאָס פריילעכע, פרישע ווינטעלע, וואָס האָט זיך מיט אים אויפן האַמאַק געוויגט, און מיט אַ קלן, דופטנדיקן אָטעם אַזוי געשמאַק אויף אים געהויכט, און מסתמא אויך דאָס עסן און רוען אין דער צייט, אָבער גיכער איידער אַלץ זענען אין דעם שולדיק געווען די פּאָר לאַכנדיקע ליפּן מיט דער רויטער מאַלינע צווישן זיי און די בלויע, שעלמישע אויגן אונטער דעם גרויסן שטרויענעם הוט, וואָס האָבן געשווינט פאַר אים...

און מיטאַמאָל האָט ער אַ צאַפּל געטון: „געוואַלט, מיין מערדעריש העמד און מיין שניפּסל! זי קומט דאָך באַלד!"...

איז אַרונטערגעשפרונגען פונם האַמאַק און אוועקגעלאָפן זיך איבערצוטון.

איבערגעטון זיך, האָט ער זיך באַטראַכט גוט אין דעם שפּיגל און איז ווידער אַרויסגעקומען אינדרויסן.

בערטאַ איז נאָך נישט געווען.

די ווייבער זענען געזעסן צעשאָטן אין באַזונדערע קופּקעס: אויף דער לאָנקע פאַר דעם האָטעל — ווער אויפן גראָז, ווער אויסגעבעט אַ דעקע אונטער זיך און ווער אויף אַ שטול.

זיי האָבן געשמועסט צווישן זיך, געלייענט צייטונגען, געשטריקט און אַנדערע האָבן גאָר אויסגעלייגט קאָרטן אויף דער צעשפּרייטער שויס און געשפּילט מיט זיך אַליין.

מרס. יאַכנעטשיק האָט זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז מיטן

פנים אַרויף, די אַרבל פאַרקאַטשעט אַרויף ביז צו די אַקסלען, און געלאָזט זיך אַזוי אָפּברענען פון דער זון.

יעדן אינדערפרי, ווען די זון האָט שטאַרק געברענט אויף דער דייט, האָט עס מרס. יאַכנעטשיק געטון, מחמת זי האָט געוואָלט, אַז ווען זי וועט אַהיימקומען, זאָל זיך די גאַנצע „קאָנטרי"*) אויף איר גוט אָנזען.

מרס. בענדזשאַמין איז געלעגן אויף אַ האַמאַק, דאָס פנים מיט אַ צייטונג פאַרדעקט. און מרס. קאָהען, די דיקע יידענע מיטן קאָפּ פון אַ קאַלב, איז זיך געזעסן אונטער אַ בוים, דערווייטערט פון אַלעמען, מיט איר פאַרהייראַטער טאָכטער סיידין — אַ יינגע פרוי, מיט אַ פנים, ממש אַ קאָפּיע פון איר מאַמען אין אירע יינגע יאָרן — און זיי ביידע האָבן געזויגן אַפּעלסינען.

איר אַנדערע טאָכטער, אסתּר, אַ מיידל מיט אַ ראַבן פנים און רויטע האָר, איז געלעגן נישט ווייט פון איר אויפן גראָז מיטן רוקן אַרויף, אָנגעשפּאַרט זיך אויף אירע ביידע עלנבויגנס, די הענט אויף די ביידע באַקן מיט די שפּיצן פון די פינגער פאַר־רוקט אין די רויטע האָר אַריין, און האָט געלייענט אַ בוך, וואָס איז געלעגן פאַר אירע אויגן אויפן גראָז.

ברוינשטיין האָט גענומען זוכן דעם רעוורענד מיט די אויגן און אים נישט געזען.

פאַרוואָס האָט ער אים געזוכט און צוואָס ער האָט אים געדאַרפט, האָט ברוינשטיין אַליין נישט געוווּסט. באַר עפּעס איז אים מיטאַמאָל לאַנגווייליק געוואָרן; עפּעס האָט ער געוואָלט אויף וועלכן נישט איז אופן די צייט אָוועקשטופּן, ביז בערטאַ וועט קומען. . .

האָט ער דאַן אַ טראַכט געטון: וואָס איז דאָס מיט אים? פאַרוואָס איז ער אַזוי אומגעדולדיק?

נאָכדעם האָט ער געפּרוּווט לייענען אַ צייטונג, און זי באַלד אָוועקגעוואָרפן; געפּרוּווט לייענען אַ בוך, און פון צווישן זיינע

*) קאָנטרי — דאָרף.

שורות האָבן אויפגעטויכט די שמייכלענדיקע ליפּן מיט דער רוי־טער מאָלינע...

צום שוואַרץ יאָר, פאַרוואָס טראַכט ער אַזוי פיל פון איר!

און ער האָט געפּרוּווט טראַכטן פון אַן אַנדערער, פון זיין לעצטער, וואָס זי האָט געהייסן חנהלע...

און אַ שווער האָט זי געטון פאַר אים אַ טונקעלע, נישט קיין הויכע, אָבער אַ שלאַנקע און אַן אימפּעטיקע, וואָס יעדעס גליד אירס איז געווען אַ צאַפּלדיקע שלאַנג, און איר ציגיינער־פּנים, מיט באַהעגלעכע נאָז־פליגל און שוואַרצע, פייערדיקע אויגן, האָט זיך געריוועלט און געשמייכלט צו אים מיט יענעם שמייכל, וואָס ער האָט אים איינמאָל אַ נאָמען געגעבן „גן־עדן־שליסל״...

און אין זיין זכרון האָט ער אַרויסגערופן יענע פאָרשטע־לונג אין דעם קליינעם ענגלישן קונסט־טעאַטער אין גריניטש חילעדזש, ווו ער האָט זי, חנהלען, צום ערשטן מאָל גע־טראָפן.

צווישן די אַנטראַקטן האָט ער זי דערזעען מיט אַ באַקאַנטן קאָמוניסטישן טוער נישט ווייט פון דעם פּלאַץ, ווו ער אַליין איז געזעסן.

— חבר ברווינשטיין, באַקאַנט זיך מיט חנהלען — האָט דער קאָמוניסטישער טוער זיי פאָרגעשטעלט.

און אַ גלעט געטון האָט חנהלעס בליק ברווינשטיינען וואַרעם און האַרציק און אין איר האַנט־דריק האָט ער דערשפּירט עפּעס, וואָס עס איז געווען אַ מין סיגנאַל צו אים...

און דערנאָך האָט ער די גאַנצע צייט, בעת די פאָרשטעלונג איז ווייטער אָנגעגאַנגען, נאָכאַנאַנד געוואָרפן בליקן צו חנהלען און זי צו אים, און יעדער בליק אירער, אַ שמייכלענדיקער און אַ פייערדיקער, איז געווען אַ נייער סיגנאַל צו אים...

שוין יענעם אָוונט, נאָך דער פאָרשטעלונג, זיצנדיק אין קאַ־פע־הויז אויף דער צווייטער עווענ׳ו בײַ אַ גלאָז ווײַן, האָבן זיי געטרונקען אַ טאָסט פאַר זייער פריינטשאַפט, און נאָכדעם, אַז ער

האָט זי אָפּגעפּירט צו איר אַהיים אין אַ טעקסי. האָבן זיי שוין איינער דעם אַנדערן געזאָגט „דו".

שוין יענעם אָוונט אויך האָט ער זיך דערוווּסט, וואָס זי איז געווען און איר „טעזיס וועגן לעבן", ווי זי האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט.

זי איז שוין געלעבט יאָר פאַרהייראַט. זי און איר מאַן אַר־בעטן ביידע און זיי ביידע געהערן צום לינקן פליגל פון דער אַר־בעטער־באַוועגונג און זענען איבערגעגעבענע קאָמוניסטן.

זי לעבט פריי איר באַזונדער לעבן; האַלט נישט, אַז זי איז מחויב אָפּצוגעבן וועגן דעם חשבון איר מאַן, און זי גלייבט נישט, אויב ער וואָלט פון איר געפאָדערט חשבון.

און, צום סוף, האָט זי אים, ברוינשטיינען, דערקלערט, אַז זי איז שוין לאַנג פאַראינטערעסירט אין אים און האָט שוין לאַנג געוואָלט זיך צו באַקענען מיט אים.

און ווען ברוינשטיין האָט דאַן אויף זיין שטייגער איר גע־לאָזט וויסן, ווי ער קוקט אויף אַזעלכע באַציונגען און איבערהויפּט, אַז ער איז נישט קיין העלד פאַר ערנסטע ראָמאַנען, האָט זי זיך צעלאַכט און אים געענטפערט:

— וואָס רעדסט פון דעם? מיין טעזיס וועגן דעם פּראָבלעם איז פּונקט ווי אייער טעזיס.

האָט ער זיך שיער נישט צעלאַכט פון איר „טעזיס", אָבער האָט אים אַרונטערגעשלאָגן צוזאַמען מיטן לאַך, וואָס האָט זיך אַ ריס געטון פון אים.

און פון דעמאָלט אָן האָבן זיי זיך אָפּט געטראָפן און ביי־דע זענען אַלץ מער און מער פאַרשיכּורט געוואָרן איינער פונעם אַנדערן.

און וואָלט זי געווען אַ ביסל אַנטוויקלטער און וואָלט נישט גערעדט מיט די הויכע ווערטער, וואָס זי האָט זיי אַרויסגעכאַפּט פון די רעוואָלוציאָנערע ביכער און אַרטיקלען, — ווערטער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעקייקלט פון איר מויל ווי שווערע שטיינער, — וואָלט ער, ברוינשטיין, קאָן זיין, צום סוף זיך ערנסט היינגעריסן מיט איר, ווייל זי איז געווען אַ פּייערדיקער שטורעם.

אָבער אירע הויכע ווערטער האָבן זי פּאַרקאַריקאַטורעוועט אין זיינע אויגן און פּאַרפּאַפּוגאַיעוועט און דערנאָך, אַז ער איז געבליבן מיט זיך אַליין, האָט ער כמעט מיט פּיין זיך דערמאַנט אָן דעם און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז זי האָט אַלץ מער פּאַרלוירן אפילו איר פּיזישן רייץ פאַר אים.

עס האָט גאַרנישט געהאָלפן, וואָס ער האָט זיך געבעטן בא איר: „רעד נישט, חנהלע, אַזוי, רעד פּשוט".

זי האָט אים געענטפערט אויפגעבראַכט:

„וואָס פאַר אַ חוצפה! נישקשה, אַן אַרבעטערין מעג אויך רעדן, ווי אַן אינטעליגענטער מענטש!"...

דאַן איז ער אַלץ מער און מער אָפּגעקילט געוואָרן צו איר און געגומען זיך טרעפן מיט איר וואָס זעלטענער.

איצט האָט ער זיך אָן דעם אַלעם דערמאַנט, האָט זיך אויך דערמאַנט, ווי אין דער נאַכט פאַר זיין אַוועקפאָרן האָט ער פאַר־בראַכט מיט איר אין קאַפע־הויז אויף דער צווייטער עוועניו, און ווי זי האָט געגומען בא אים דעם אַדרעס פונם האָטעל, וווהין ער האָט געוואָלט פאָרן, און אים געזאָגט, אַז אפשר וועט זי אויך אהין צופאָרן...

„ווען זי וואָלט געקומען אַהער!" — האָט ברוינשטיין דאַן אַ טראַכט געטון.

ער האָט זיך ווידער געזעצט אויפן האַמאַק און געטראַכט ווייטער פון חנהלען, און דערמאַנט זיך...

פון דער ווייטנס האָט דאָס וועלדל אונטערן רויטן באַרג גע־טונקלט, און ברוינשטיינען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט גע־הערט, ווי עס האָט געפּליסטערט: „קום צו מיר מיט איר! זע, ווי טונקל איז בא מיר!"

און אַז ברוינשטיין האָט אַ קוק געטון אויף די טאָלן, האָבן זיי אויך, האָט זיך אים אויסגעגעבן, געפּליסטערט:

„אָט דאָ: אָט דאָ! זע, ווי גרין מיר זענען אויסגעבעט!"...

און מיטאַמאָל איז אַרויסגעשווומען פאַר זיינע אויגן פון הינטער דער טונקעלער חנהלען דאָס שלאַנקע געשטאַלט פון בער־טאַן מיט די בלויע, שעלמישע אויגן אונטער דער גרויסן פאַר־

טערישן הוט און מיט דער מאַלינע צווישן די שמייכלענדיקע ליפּן, — אַרויסגעשווומען און אינגאַנצן פאַרשטעלט חנהלען...

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

צום טייוול. וואָס טוט זיך דאָס היינט מיט אים! ער וועט אַרויפגיין אַרבעטן...

איז ער אַרויף צו זיך אין צימער און האָט זיך אַוועקגע־זעצט שרייבן.

צוערשט איז עס באַ אים נישט געגאַנגען; אָבער אַז ער האָט דערנאָך איבערגעלייענט דאָס פריערדיקע קאַפּיטל פון זיין ווערק, דאָס קאַפּיטל, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין ניו־יאָרק, האָט ער פאַרגעסן אָן בערטאַן, פאַרכאַפּט פון די מענטשן, וואָס ער האָט געשילדערט, און פון זיין שאַפונגס־שטימונג...

און דאַן האָט ער זיך היטערגעריסן מיט דער אַרבעט, האָט געשריבן און דערביי אונטערגעזונגען אונטער דער נאָז, ווי זיין טבע איז געווען, בעת ער האָט מיט באַגייסטערונג געאַר־בעט...

און ער האָט נישט באַמערקט גאָר, ווי אַ פּאָר שעה זענען אַזוי אַוועק.

אַ פייף פון אַן אויטאָמאָביל האָט אים אויפגעוועקט, ווי פון אַ חלום. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון פון זיין אָרט:

„אפשר בערטאַ?"

איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט אַרויסגעקוקט.

ער האָט דערזען אַ מאַשין פאַר זיין פענצטער און פון איר איז אַרויסגעקראָכן אַ יונגע פרוי, אָבער נישט בערטאַ. האָט ער אַ קוק געטון אויפן זייגער — שוין נאָך עלף; זי האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין. טאָמער האָט זי חרטה געקריגן?

האָט ער זיך געזעצט ווידער צום טיש און געוואָלט ווייטער שרייבן; אָבער איצט האָט ער מיטאַמאָל פאַרלוירן דעם חשק צו אַרבעטן ווייטער.

און פּלוצלינג האָט אָפּגעהילכט אין זיינע אויערן דאָס פרויען־קול, וואָס ער האָט עס נעכטן באַנאַכט געהערט, בעת ער האָט באַ־גלייט בערטאַן צו איר פּאַרם:

— האָט שוין געקריגן אַ נאַוואַטנעם! . . .

„פאַרוואָס האָט עס יענע געזאָגט? מסתמא. . . עס קען זיין, פאַרוואָס נישט?" — האָט ער אַ טראַכט געטון. און עפּעס איז ער אויפגערעגט געוואָרן.

דאַן האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטון:

„מילא, ווער קאָן וויסן? איך קען זי דאָך נאָך גאָרנישט. איך וועל זעען!"

ער האָט דערנאָך געוואָלט פאַרלאָזן זיין צימער, ערשט עמעצער האָט מיטאַמאָל אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר.

— אַריין! — האָט ער אַ געשריי געטון און געעפנט די טיר.

און ער האָט דערזעען פאַר זיך דאָס הויכע און שטאַרקע געשטאַלט פון זיין פריינט, דעם מאַלער שמחהן.

— ווי קומסטו אַהער? — האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן מיט אַ פריילעכן שמייכל — פונוואַנען האָסטו זיך אַהער גענומען?

און זיין פריינט האָט צעטראָגן אים געענטפערט:

— אַט, דערוווסט זיך, אַז דו ביסט דאָ, בין איך געקומען דיך זעען. איך וווין דאָ נישט ווייט אין אַ פאַרם, אַרום אַ האַלבע מייל פונדאַנען.

ער האָט גערעדט מיט אַ טיף, באַסאָווע קול, און אויסגעזעען אַ ריז מיט זיין וווקס, מיט זיינע ברייטע אַקסלען און שטאַרקע, מוסקולירטע אָרעמס.

ער איז אַריין אין צימער, און גייענדיק האָט ער זיך געהוידעט אויף זיינע לאַנגע פיס, ווי אַ באָטשאַן און געוואָרפן מיט זיינע לאַנגע אָרעמס.

זיין פּנים, ברייט און קנאָכיק, ריין ראַזירט, מיט אַ לאַנגער נאָז און דינע, פעסט-צונויפגעדריקטע ליפּן, און מיט קליינטשיקע, פאַרזשמורעטע אויגן, איז געווען שטאַרק אָפּגעבברענט פון דער זון, און מחמת דעם און אויך מחמת ער האָט געטראָגן אויף זיך פשוטע ברוינע „אָווערהאָלס" און אַ גרויסן שטרויענעם, פאַרמערישן הוט

אויפן קאָפּ, האָט ער אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך ערשט צוריק־געקערט פון דער אַרבעט אויפן פעלד.

— ווי לאַנג ביסטו דאָ? — האָט ברוינשטיין זיך ווידער אָנגערופן.

— שוין אַ פּאָר וואָכן — האָט דער מאַלער געענטפערט, אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ פּיפּקע מיט אַ פּעקל טאַבאַק און זי גענומען אָנשטאָפּן.

— דו מאָלסט דאָ נייע זאַכן?

— איך טו גאָרנישט — האָט דער מאַלער געענטפערט, פאַררייכערט זיין פּיפּקע און זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום פענצטער.

— רוּסט זיך אויס?

דער מאַלער האָט אים נישט געענטפערט, געקוקט דורכן פענצטער, גערייכערט און געשוויגן.

דערנאָך האָט ער זיך ווידער אומגעדרייט צו אים און אַרויס־גערעדט אויף זיין באַסאָווע קול:

— קים, הלמאי זאָלן מיר זיצן אין צימער? איך וויל מיט דיר אַ שמועס טון אויך.

און ער האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר מיט הילכעדיקע טריט, וויגנדיק זיך אויף זיינע לאַנגע פיס און וואַרפנדיק מיט זיי־נע שטאַרקע אָרעמס, מיט דער קורצער פּיפּקע אין מויל.

און אין אַ ווײַלע אַרום איז ברוינשטיין מיט אים געזעסן אויף אַ בערגל הינטערן האָטעל, וווּ די זון האָט שטאַרק נישט געברענט.

— עס איז אַזאַ מעשה — האָט מיטאַמאָל אַרויסגערעדט דער מאַלער און מיט אַ פינגער אַרייַנגעשטאָפּט נאָך אַ ביסל טאַ־באַק אין זיין פּיפּקע — דו האָסט פריער געפרעגט, צי איך רו זיך אויס... אָט אַזוי ווי דער רוח. קאָן דען דער רוח רוען? אַזוי קאָן איך!...

— פאַרוואָס? דיך מאַטערן נייע סוזשעטן? — האָט ברוינ־שטיין אים געפרעגט.

זיין פריינט, דער מאַלער, האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

— וואָס פאַר אַ גייע סוזשעטן — האָט ער אַרויסגע־ברומט — ווער טראַכט גאָר פון דעם? ווער קאָן טראַכטן פון דעם?...

ער האָט אַריינגענומען ווידער זיין פּיפּקע אין מויל, פאַר־זשמורעט זיינע קליינטשיקע אייגלעך, אַ קוק געטון אויף ברוינ־שטיינען און אַ טיפן זיפץ געטון.

— דו בעסער, ברוינשטיין, גיב מיר אַן עצה — האָט ער דערנאָך ווידער אַרויסגעברומט מיט אַ רחמנותדיקן שמייכל — וואָס טו איך?

ברוינשטיין האָט אים פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט.

— וואָס מיינסטו?

— איך בין אין דר'ערד, גוטער ברודער. קיין רו נישטאָ, כאָטש גיי און הענג זיך, צי פאַרסם זיך, צי דערטרינק זיך... און איך וועל עס אַמאָל טון. דאָס וואָלט געווען דאָס בעסטע!

ברוינשטיין האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— שמחה, וואָס איז מיט דיר? וואָס רעדסטו?

— נישטאָ מער קיין כוח — האָט דער ריז אים געענטפערט נאַיוו, מיט אַ רחמנותדיקן שמייכל — איך בין אומגליקלעך, דער אומגליקלעכסטער מענטש אויף דער גאַנצער וועלט. נישטאָ מער קיין כוח, נישטאָ!...

— וואָס? וואָס האָט מיט דיר אַזוינס פּאַסירט? — האָט ברוינשטיין דאַן געפרעגט.

— אָט וועגן דעם בין איך איצט צו דיר געקומען. איך מוז זיך אויסרעדן פאַר עמעצן. איך ווער דערשטיקט. דו ווייסט גאָר־נישט, וואָס פאַר אַ גיהנום דאָס איז. געהערט, אז דו ביסט דאָ, בין איך צו דיר געקומען. איך ווייס אפילו, אַז דו קענסט מיר נישט העלפן, אָבער אפשר וועט מיר גרינגער ווערן, ווען איך וועל פונם האַרץ אַ ביסל אַראָפּרעדן — האָט דער מאַלער מיט דער פּיפּקע אין מויל גערעדט, און בשעת דעם געריסן נערוועז דאָס גראָז אַרום זיך.

— הקיצור, וואָס? וואָס? — האָט ברוינשטיין אים איבער-געשלאָגן.

— דו הערסט? — האָט דער מאָלער מיט אַמאָל אַרויסגע-ברומט מיט כּעס  מען טאָר נישט זיין קיין לעמעשקע מיט די פּרויען, מען טאָר נישט! ווען איך וואָלט נישט געווען קיין לע-מעשקע און וואָלט נישט געזוכט בּאַ איר געפיל, האַרץ, אַ שיינעם, אידעאַלן גייסט, וואָלט איצט גאָר אַנדערש געווען...

ברוינשטיין האָט זיך דאַן הילכיק צעלאַכט:

— אָט דאָס גאָר? דאָס איז דיין אומגליק? פאַרליבּט?

און ער האָט זיך צעלאַכט נאָך העכער.

דער ריז האָט זיך גענומען בעטן בּאַ אים, ווי אַ קינד.

— לאַך נישט, ברוינשטיין, פון וואָס לאַכסטו? ווען דו וואָלסט וויסן, ווי עס טוט וויי...

ברוינשטיין האָט אויפגעהערט צו לאַכן און זיך אָנגע-רופן:

— נו, דערצייל, איך וועל מער נישט לאַכן. אָבער קאָמיש ביסטו... ווי לאַנג ביסטו אַזוי אומגליקלעך, כ'מיין פאַרליבּט?...

דאָס איז אַזוי געווען: דעם פרילינג פאַרגלוסט זיך מיר צו פאָרן אין די „בער מאַונטיינס" צו מאָלן אַ פרילינג-לאַנדשאַפט. אַ שבת באַטאָג איז דאָס געווען. נעם איך די שיף און פאָר. אויפן וועג קומט אויפן שיף אַרויף אַ יינג מיידל מיט אַ פעקל אין דער האַנט און זעצט זיך מיר אַוועק אַנטקעגן.

קוק איך זיך אָן — אַן אמתע יאַפּאַנעזישע ליאַלקע. קליין, אַ ווייס, פריילעך פּנים, שוואַרצע, שמייכלענדיקע אויגן און דער קאָפּ איז בּאַ איר געשוירן, ווי בּאַ אַ יינגל. זי קוקט אויף מיר, און גאַנץ שקאָצעוואַטע, מיט אַ חנדל אין איר בליק, פאַרשטייסטו מיך.

פאַלט מיר איין, אַז זי איז אויך עפּעס אַ קינסטלערין, און פאַרפיר מיט איר אַ שמועס. זי ענטפערט גערן און רוקט זיך צו צו מיר נענטער.

דערוויס איך זיך, אַז זי איז אַ ייִדיש מיידל, וווינט אין

בראָנקס און איז אַן אַרבעטערין בײַ פּרויען־היט. ווּהין פֿאָרט זי? 
דערציילט זי מיר, אַז זי פֿאָרט אין יאָנקערס צו אַ חברטע.

געפֿאָרן נאָך אַ ווײַלע, פֿרעג איך זי, צי זי וואָלט נישט געוואָלט אַ בעלנטע צו פֿאָרן מיט מיר אין די „בער מאַונטיינס", זעען, ווי איך וועל מאָלן דאָרט אַ לאַנדשאַפֿט, און זאָג איר טאַקע אויך צו, אַז איך וועל דאָרט איר בילד אויך מאָלן.

וואַרפֿט זי אויף מיר אַ שנעלן בליק, אַזוי ווי זי וואָלט אָפּגעשאַצט, וויפֿיל איך בין ווערט, טראַכט אַ ווײַלע און דערנאָך זאָגט זי מיר, אַז זי פֿאָרט.

איך וועל עס מאַכן קורץ: מיר קומען אַהין, גייען צווישן ביימער. די צווייגן זענען נאָך נישט שטאַרק באַוואַקסן; אָבער דאָס גראָז איז הויך און שלאָגט מיט אַ פֿרישער גרינקייט, און איבער דעם שטראָמט די זון און אַ פֿייגל־געזאַנג גיסט זיך און הילכט מיט פֿרילינגס־טענער.

מײַן יאַפּאַנעזישע ליאַלקע — לינאַ איז איר נאָמען — צעפֿינגט זיך און צעשטיפֿט זיך און איך אַליין ווער אויך ווי משוגע פֿון דער לופֿט, פֿונעם וואַלד־גערוך, פֿון דעם געזאַנג און קלאַנג, פֿון דער העלקייט און גרינקייט און, דער עיקר, פֿון איר, לינאַן. . .

דאַן זעצט זי זיך אַוועק אויף אַ גרין בערגל, איך צו אירע פֿיס, נעם איר קליין הענטעלע, באַמערק, אַז אַ שפּיץ פֿינגער איז בײַ איר צעשטאָכן פֿון אַ נאָדל, בין איך דאָך עפּעס אַ מאַן פֿון דער „באַוועגונג", זאָג איך איר: „לאָז מיך קושן די הייליקע סימנים פֿון האָרעפּאַשנער אַרבעט".

זי לאָזט מיך קושן איר פֿינגער, איר האַנט, דערנאָך, אַז איך האָב איר אַ קוש געטון אין די ליפּן אויך, פֿאַרליר איך זיך אַ ביסל, און וויל זי צוציען צו זיך, אָבער זי טוט זיך אַ ריס און זאָגט:

— אַן הענט!

פֿאַרנאַכט פֿאָר איך מיט איר צוריק אַהיים. נאָר אָנשטאָט אַ לאַנדשאַפֿט האָב איך איר פּאָרטרעט געמאָלן און אים איר אַוועקגעשענקט.

איך אַ האַק שפּעטער זע איך זיך מיט איר ווידער, דאָן שבת, זונטיק, מיטוואָך און צום סוף — כּמעט יעדן אָוונט אין דער וואָך...

זי וווינט בײַ אירס אַ פּאַרהייראַטער שוועסטער. אירע על־טערן זענען אין פּוילן. איר שוועסטער, ווי איר שוועסטערס מאַן, זענען ביידע אינטעליגענטע פּראָלעטאַריער, ביידע אַרבעטן אין שאַפּ און ביידע זענען אַ פּאָר מאָל אַרעסטירט געוואָרן פאַר פּיקעטן אַרום די שעפּער. ביידע אַרבעטן בײַ קלאָוּקס...

בין איך בײַ זיי אַן אָנגעלייגטער גאַסט. אַן אייגענער מענטש. אַ מענטש פון דער באַוועגונג, אַ „לינקער"...

בפרט, ווען איך מאָל די פּאָרטרעטן סיי פון דער שוועסטער און סיי פון איר מאַן...

זיי רופן מיך דעמפּסי. דעם נאָמען האָט מיר לינאַ צוגערשט געגעבן. זי זאָגט מיר אַמאָל: „איר זעט אויס אַזוי געזונט, ווי דעמפּסי. פאַרוואָס זאָלט איר נישט ווערן קיין „פייטער", אַזוי ווי ער, דעמפּסי?" און פון יענער צייט אָן בין איך געבליבן דעמפּ־סי, סיי בײַ איר און סיי בײַ איר שוועסטער און סיי בײַ איר שוואָגער.

מילא, דאָס איז גאָרנישט. דער עיקר איז, וואָס מיין יאַפּאַ־נעזישע ליאַלקע פאַרכישופט מיך אַלץ מער און מער. דו הערסט, דאַכט זיך, וואָס איז אַ בליק? און איר בליק, דאָס הנדל פון איר בליק, אַזאַ לאַכעדיקס און פייערדיקס צעמישט און צעטומלט און באַהערשט מיך!

דערדאָזיקער בליק מיטן חנדל איז אין אַזאַ קינסטלערישער האַרמאָניע מיט איר אינגאַנצן, אַז צייטנווייז ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך זע פאַר זיך אַ יאַפּאַנעזישע ליאַלקע, אַ גרויס קונסט־ווערק, אַ מייסטערווערק, וואָס דער קינסטלער האָט עס, ווי דורך אַ כּישוף באַלעבט מיט אימפּעטיקער באַוועגונג און מיט הייס בלוט...

קיין איין מינוט רוט זי נישט. שטיפט, לאַכט, ווען איך בין מיט איר. שטיפט מיט מיר אַפילו, ווען איר שוועסטער און שוואָגער זענען דערביי. טוט זיך אַ זעץ צו מיר אויפן שויס און פרעגט,

טוקנדיק צו מיר מיט איר חנדל אין בליק, צי איז מיר נישט שווער זי אַזוי צו האַלטן. און איר שוועסטער לאַכט דאַן אויך און זאָגט צו איר: „היט זיך, לינאַ, דעמפּסי קען נאָך דיך אַריינלייגן אין קעשענע און אַוועקגיין מיט דיר!“

און אַמאָל איז זי נאָך פרייער מיט מיר. ווען איך בין מיט איר אַליין אויג אויף אויג, דריקט זי זיך צו מיר, לייגט דעם קאָפּ אַוועק צו מיר אויפן שויס און קוקט אַרויף צו מיר אין די אויגן, און קוקט לאַנג, און דאָס חנדל אין איר בליק בייט זיך: לאַכט, פייערט און ווערט מיטאַמאָל פינצטער, בייז...

און איך, דער אידיאָט, דער לעמעשקע, בין זי דאַן אין קיין זאַך גאָרנישט חושד. איך בין אַזוי אַנטציקט פון איר, אַזוי פיל שיינקייט זע איך דאַן אין איר, אַז איך וואָלט אייביק, דאַכט זיך, אַזוי געזעסן און געצערטלט איר קאָפּ, אירע באַקן און אירע הענט געגלעט, און נישט מער!...

ברוינשטיין האָט זיך הילכיק צעלאַכט און אויסגעשריגן:

— געזונטער בורלאַק דו, דו דעמפּסי דו, ווו איז דיין שכל? דו ביסט דאָך אַן אידיאָט!

— יאַ, איצט זע איך עס אַליין איין — האָט דער מאַלער ווייטער גערעדט — דאָך האָב איך עס נישט פאַרשטאַנען. און איך וואָלט עס נישט געקאָנט פאַרשטיין אויך, וואָלט נישט געוואָלט גאָר פאַרשטיין. ווייל די פרוי בלויז אַלס פרוי אינטערעסירט מיך קיינמאָל נישט אַזוי, אַז זי זאָל מיך אינגאַנצן פאַרכאַפּן. זי אינטערעסירט מיך נאָר דאַן, ווען איך זע זי אין דעם שפּיגל פון מיינע אילוזיעס, וואָס זי האָט אויפגעוועקט אין מיר, אין דעם שלייער פון מיינע געפילן, וואָס זי האָט אָנגעצונדן אין מיר — דאָס איז דאָך דער עיקר אין דער ליבע צווישן מאַן און פרוי, און נישט דאָס פלייש! אַ נישט וואָלט דאָך קיין גרויסער חילוק נישט געווען צווישן איין פרוי און דער אַנדערער, און מענטשן וואָלטן פאַר אַ פרוי נישט משוגע געוואָרן...

— איז טאַקע נישטאָ קיין גרויסער חילוק צווישן איין פרוי און דער אַנדערער בײַ נאָרמאַלע מענטשן — האָט ברוינשטיין אונטערגעכאַפּט — סיידן, ווען אַ מענטש לאָזט זיך אַליין, אַז די

פרויען־משוגעת זאָל אים פארכאַפּן. דאַרף מען זיך נישט לאָזן, בפרט דו, אַ קינסטלער, וואָס דו דאַרפסט דיין צייט און דיין ענער־גיע אויף וויכטיקערע זאַכן. איך האָב ליב פרויען נישט ווייניקער איידער דו: אָבער משוגע ווערן פאַר אַ פרוי אַזוי, אַז איך זאָל פאַרגעסן אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין — אַ מכּה!...

דער מאָלער איז געזעסן מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ און האָט אויסגעקלאַפּט דאָס אַש פון דער פּיפּקע אויף זיין לאַדאָן. און ווען ברוינשטיין איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט ער אַרויסגע־ברומט אויף זיין באַסאָווע קול:

— איך האָב פאַרגעסן, אַז פאַר דיר האָב איך נישט גע־דאַרפט רעדן וועגן דעם, ווייסנדיק ווי אַזוי דו קוקסט אויף דעם. פאַרדריסט עס מיך טאַקע. אָבער עס דריקט מיך אַזוי...

— דערציילט, דערציילט ווייטער, גרויסער בייבי — האָט נאָך אַ קורצן שווייגן ברוינשטיין זיך אָנגערופן. און אַז זיין פריינד האָט דערנאָך נישט געוואָלט מער רעדן פון דעם, איז ברוינשטיין צו אים אַזוי לאַנג צוגעשטאַנען, ביז ער, דער מאָלער, האָט צום סוף ווייטער אָנגעהויבן:

— קורץ, ווען דו ביסט אויף מיין אָרט, וואָלסטו זי לאַנג שוין געוווּנען. אָבער איך, דער לעמעשקע דער אידיאָט, האָב נישט געזוכט בײַ איר דעם קערפּער, נאָר דאָס שיינע געפיל, דעם שיי־נעם גייסט. אַ ביסל אינטעליגענט איז זי, באַלעזן אַ ביסל, האָב איך איר געבּרענגט די נייעסטע ביכער, וואָס זענען מיר געפעלן גע־וואָרן, געשלעפּט זי צו קאָנצערטן, צו אַלערליי קונסט־אויסשטע־לונגען, אין קונסט־מוזיי, דערקלערט איר בילדער, פאַרבן. קורץ, געוואָלט רייכער מאַכן איר גייסט.

— און מיטאַמאָל — אָפּגעשניטן! איך קום צו איר אַהיים, זי איז נישטאָ. ווו איז זי? אַוועק מיט איינעם אַ סעמען. דאָס צווייטע מאָל, אַז איך קום צו איר אַהיים, הער איך ווידער, אַז זי איז אַוועק מיט סעמען. אַזוי דאָס דריטע און פערטע מאָל. איך ווער משוגע!...

— דאַן טרעף איך איינמאָל בײַ איר אינדערהיים זי מיט יענעם סעמען. אַן אַרבעטער, אַ לעבעדיקער חברה־מאַן, מיט אַ

לאַכעדיק פּנים און אויגן און מיט הענט און פיס, װאָס זיי לאַכן, דאַכט זיך, אויך...

— אַזוי, לפּחות, װייזט זיך מיר דעמאָלט אויס, װען איך זע, װי ער מיט ליגאַן האַלטן זיך. דאָס הייסט, ער לאַכט עס אַזוי פון מיר, מיט זיין פּנים און אויגן און מיט זיינע הענט און פיס, װייזט זיך מיר דעמאָלט אויס!

— און שפּעטער דערקלערט זי מיר אָפן, אַז איך האָב זי אויפגעהערט צו אינטערעסירן, אַז איר איז לאַנגווייליק מיט מיר...

— אָט פון דעמאָלט אָן האָט זיך עס אָנגעהויבן. אַוועק פון איר און װידער זי געזוכט. טרעף זי און זי רעדט מיט מיר פון סעמען. געפּרוווט רעדן צו איר װעגן מיינע געפילן, האָט זי געלאַכט. און איין מאָל האָט זי מיר גאָר געזאָגט, אַז זי האָט נישט קיין געדולד פאַר פאַרשלאָפענע מלאכים; אַז איר קאָן בלויז געפעלן אַ מענטשלעכער מענטש מיט װאַכעדיקע, נישט פאַרשלאָפענע אויגן...

— רעד איך מיט איר שוועסטער, ענטפערט זי מיר, אַז זי האָט קיין רעכט נישט זיך צו מישן אין דעם. איבו איך בין נישט געפעלן ליגאַן, איז פאַרפאַלן.

— איך אַנטלויף דאַן צום ים און זוך זי צו פאַרגעסן. און אין אַ װאָך אַרום — װידער אין שטאָט און לויף װידער צו איר.

— און דאָרט איז סעם, און איך װער משוגע פאַר אייפערזוכט. די אייפערזוכט פרעסט מיך ממש אויף.

— איצט בין איך אַנטלאָפן אַהער, און איך רייס זיך צו איר װי אַ צערייצטער הונט פון אַ קייט. אי געכטן געוואָלט פאָרן אין שטאָט, אי אייערנעכטן. אַזוי פון דעם ערשטן טאָג אָן זינט איך בין אַהער געקומען!... און היינט פאַר איך! — איז דער מאַלער מיטאַמאָל אויפגעשפּרונגען פונם גראָז אין זיין גאַנצן מעכטיקן װוקס — איך מוז! איך קאָן מער נישט איבערטראָגן. דו הערסט — האָט ער זיך אַ קער געטון צו ברוינשטיינען מיט אַ צעקרומט פּנים און פאַרזשמורעט זיינע קליינע אויגן, אַזוי װי ער װאָלט זיך גע-

קליבן ווינען — די אייפערזוכט, וואָס פאַר אַ פּיין... אַזוי ווי אַ גיהנום וואָלט אין מיר געברענט!...

ברוינשטיין האָט זיך אויך אויפגעהויבן פון אָרט.

— ווילסטו האָבן מיין אויפריכטיקע מיינונג, שמחה? — האָט ער זיך אָנגערופן — איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט געריכט אויף דיר, אַז דו זאָלסט זיין אַזאַ לעמעשקע, אַזאַ שמאַטע און אַזאַ בייבי. אַזוי שטאַרק, אַזוי געזונט, דאַכט זיך, אַן עוג מלך הבשן, און איז שוואַך אָט אַזוי ווי בייבי! וואָס הייסט, דו וועסט פאַרן צו איר? דו געפעלסט איר נישט. סעם געפעלט איר, נישט דו. זי איז גערעכט: האָסטו נישט געדאַרפט זיין קיין פאַרשלאָפענער מלאך. סעם איז נישט אַזאַ מלאך ווי דו, געפעלט ער איר דערפאַר.

דער מאָלער האָט אים אַ פּאַק געטון באַם אַקסל און אַרויסגעברומט ווי אַ צערייצטער בער:

— הער אויף! שווייג, דו ציניקער!

— לאָז אָפּ מיין אַקסל, ווילדער, איך דאַרף אים נאָך האָבן! — האָט ברוינשטיין אויסגעשריגן.

און ווען דער מאָלער האָט דערנאָך זיין אַקסל אַרויסגעלאָזט פון זיין שטאַרקער האַנט, האָט ברוינשטיין גערעדט ווייטער אַ ביסעלע ווייכער:

— פאַרשטיי דאָך, שמחה, איך וויל דיר נישט וויי טון. אָבער מיר אַליין טוט ווייי צו זעען ווי אַזוי דו קאָנסט זיך נישט באַהערשן. דו קאָנסט דאָך נישט אַרויפצווינגען אויף איר דיין ליבע, און ווען דו וואָלסט געקאָנט, האָסטו קיין רעכט נישט. זי האָט אַ רעכט צו ליבן וועמען זי וויל אַליין. און וואָס הייסט, דו ביסט אייפערזיכטיק? איז זי דיין פּריוואַט-אייגנטום? וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו צו זיין אייפערזיכטיק? און איבערהויפּט איז אייפערזוכט אַ מיאוס געפיל פאַר אַ היינטיקן קולטורעלן מענטש!

דער מאָלער האָט זיך צעלאַכט מיט גאַל אויף זיין באַזאַכטע קול.

— יאָ, ווען דו וואָלסט אַזוי געפילט ווי איך, וואָלסטו אַן אַנדער ליד געזונגען!

ברוינשטיין האָט זיך דאָן אויך צעלאַכט.

— איך? — האָט ער געלאַכט — אַזוינס וואָלט קיינמאָל נישט געקענט געשעען מיט מיר. ראשית, וואָלט איך זיך קיינמאָל נישט פאַרליבט ביז צו אַזאַ צושטאַנד. צווייטנס, ווען אַזאַ פרוי וואָלט מיר געזאָגט, אַז זי האָט ליב אַן אַנדערן, וואָלט איך צו איר קיין טענות נישט געהאַט און וואָלט באַלד געגאַנגען אַ צווייטע פרוי זוכן. און ווער שמועסט נאָך, אַז איך זאָל אייפערזיכטיק ווערן. — ניין, ברודער, נישט איך!...

דער מאָלער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון זיין אָרט.

— איך וועל זיך גיין איינפּאַקן! — האָט ער אַרויסגעברומט — גוד באַי.

און ער איז אַוועק מיט פעסטע טריט, וויגנדיק זיך אויף זיינע פיס און וואַרפנדיק מיט זיינע מעכטיקע אָרעמס.

ברוינשטיין האָט אים נאָכגעקוקט.

„משוגע געוואָרן, ציי אַלדי רוחות!" האָט ער אַ טראַכט געטאָן. „אַ מיידל... אַ וויכטיקער ענין..."

און דאָ האָט ער זיך מיטאַמאָל דערמאַנט אָן בערטאַן, און ער איז אַוועקגעלאָפן צום האָטעל, כדי צו זען, צי זי איז נישט געקומען.

און זי איז נאָך אַלץ נישט געווען. איז אים ווידער פּלוצלינג אומעטיק געוואָרן.

אויפן גאַניק איז געשטאַנען אַ יינג ווייבל, מרס. ציפּאָרקעס, מיט אַ פּאָר אָוונטן צוריק, שפּאַצירנדיק מיט איר צום וועלדל פאַר לבנה־שיין, האָט זי זיך אים אויסגעוויזן אַן אמתע יפת־תואר, און ער האָט עס איר טאַקע געזאָגט אויך; און איצט, אַז ער האָט זי דערזעען, האָט זי זיך פּלוצלינג אויסגעוויזן אַ געוויינטלעך, שוואַרץ, מיאוס ווייבל, מיט אַ קורצע, גראָבע, רונדע נאָז, ווי אַן אויפגעבלאָזענער סעמטיקער פּענכער.

זי האָט זיך אָנגערופן צו אים:

— איר וועט זיך אפשר דורכגיין, מיסטער ברוינשטיין?

ער האָט צו איר אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— איך קאָן נישט, מרס. ציפּאָרקעס. מיטן גרעסטן פאַרגעני־ניגן וואָלט איר מיט אייך געשפּאַצירט, איך האָב אָבער אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק.

און ער איז אַוועק צו זיין האַמאַק.

שפּעטער אַ ווײַלע איז צוגעגאַנגען צו אים דער רעווי־רענד.

— מרס. ציפּאָרקעס האָט מיר געזאָגט... ווייזט די צונג — האָט דער רעווערענד זיך אָנגערופן צו אים.

האָט ב־ווינשטיין אים דערקלערט:

— איך בין אָלרייט.

אָבער דער רעווערענד איז צו אים צוגעשטאַנען:

— איך האָב אייך געבראַכט אַ פּראָשעק. ווי מיט אַ האַנט, הערט איר, וועט עס דעם קאָפּ־ווייטיק אַוועקנעמען.

האָט בּרוינשטיין געטענהט:

— איך האָב פיינט מעדיצין. איך גלייב נישט אין פּראָש־קעס...

אָבער דער רעווערענד איז פון אים נישט אָפּגעטרעטן:

— מיינע פּראָשקעס זענען עפּעס אַנדערש. פון די גרעסטע פּראָפעסאָרן, הערט איר...

האָט בּרוינשטיין זיך אויפגעזעצט אויף זיין האַמאַק און אָנ־געשטעלט אויף דעם רעווערענד אַ פּאָר אויפגערעגטע אויגן.

— רעווערענד — האָט ער אַרויסגערעדט שוין מיט כעס — הערט אויף צו נודען! לאָזט מיך צורו מיט אייערע פּראָשקעס, איבעריקנס, וואָס ווילט איר פון מיר? — האָט ער זיך צעהיצט — מיט קיין ברית וועל איך אייך נישט באַצאָלן און מיין שדכן וועט איר אויך נישט זיין, און מיין מסדר קדושון אויך נישט. גייט צו די ווייבער, צום שוואַרץ יאָר!

האָט דער רעווערענד זיך אָנגערופן געלאַסן:

— שאַ, שאַ, פאַרוואָס זענט איר בייז? איר ווילט נישט, דאַרף מען נישט. מיינע פּראָשקעס, הערט איר, וועלן זיך, חלילה, דער־פאַר נישט שעמען.

און מיטאַמאָל האָט ער אַ פרעג געטון, און דווקא אין אַ

סאַן, אַזוי ווי ער וואָלט וועגן זייער אַ גוטער באַקאַנטער גע־רעדט:

— וואָס איז דער מער מיט מיס פרידלאַנד? פאַרוואָס איז זי נאָך נישטאָ?

האָט זיך באַ ברוינשטיינען אַרויסגעריסן:

— איז דאָס אויך אייער דאגה?

האָט דער רעווערענד אים אָנגעקוקט מיט זיינע קאַלטע, ווי שטאָלענע אויגן, אַ גלעט געטון זיך געלאַסן די באָרד און דערנאָך געזאָגט:

— הערט איר, איך זענט קראַנק. נעמט בעסער מיין פראַ־שעק...

ער האָט געוואָלט זאָגן נאָך עפּעס, ערשט אַן אויטאָמאָביל האָט זיך באַוויזן און אין אים איז געזעסן בערטאַ...

פאַר שמחה האָט ברוינשטיין אַזש אַ קלאַפּ געטון דעם רעווע־רענד איבערן אַקסל און אויסגעשריגן:

— איך בין אַלרייט, געזונט, רעווערענד, איך דאַנק אייך!...

## זיבעטער קאַפּיטל

### בערטאַ און די ווייבער פון האָטעל

ווען בערטאַ איז אַרונטער פונם אויטאָמאָביל, האָבן זיך אַלע ווייבער פון זייערע ערטער אויפגעכאַפּט און זענען זיך צונויפגע־לאָפן אַרום דעם אויטאָמאָביל אַזוי ווי די גענז, וואָס האָבן האָבער פאַר זיך דערזען.

צוליב דעם נייעם פּלאַץ מסתמא האָט בערטאַ זיך אויסגע־פּוצט.

זי האָט געטראָגן אַ ווייס קלייד, ווייסע שיך און אויפן בלאָנדן

קאַפּ — אַ ווייס היטעלע, וואָס האָט אויף אַ באַזונדערן אופן שעלפיש פון אים אַראָפּגעקיקט.

די ווייבער, מרס. יאַכנעטשיק און מרס. בענדזשאַמין אויך צווישן זיי, האָבן פון הינטן און פון דער זייט זי גאַנץ גוט באַטראַכט, בעת זי האָט באַצאָלט דעם שאָפער, און דער רעווערענד האָט עטלעכע מאָל זיינע קני אַ בייג געטון צו איר און מיטן קאָפּ צו איר געמאַכט. זי האָט אים אָבער ווי אינגאַנצן נישט באַמערקט. דערפאַר אָבער האָט זי געשמייכלט צו ברוינשטיינען.

אַ דינער פונם האָטעל האָט אַ כאַפּ געטון איר טשעמאָדאַן און זי אַוועקגעפירט אין איר צימער.

דאַן איז געוואָרן אַ געפּילדער צווישן די ווייבער, וועלכע האָבן זי פריער שווייגנדיק באַטראַכט. זיי האָבן אַלע אויף איינמאָל גערעדט, אַלע וועגן איר.

מרס. יאַכנעטשיק האָט באַמערקט, אַז זי טראָגט זייער אַ ביליק קלייד. מרס. ציפּאָרקעס האָט געזאָגט, אַז אַפילו פון צווישן שמאַטעס וואָלט אַזאַ פּאַרשוין אַרויסגעשיינט. מרס. בענדזשאַמין האָט באַמערקט, אַז די רייכע מיידלעך טון זיך אָן וואָס באַשיידענער. און דער רעווערענד האָט זיך געגלעט געלאַסן און וואַשן די באָרד און גערעדט צו אַלעמען:

— אַ קינד פון אַזאַ רייכן טאַטן, הערט איר, קען זיך מאַכן אַ קלייד פון הוילן גאָלד, און ווען איר טאַטע וואָלט נישט געווען אַזוי רייך — האָט ער צוגעלייגט — איז אַזאַ מיידל, הערט איר, אויך ווערט כל הגאלד. אַן אמתע בת־מלכה.

— באמת, זי איז זייער שיין — האָט מיט אים מסכים געווען מרס. בענדזשאַמין — וואָס פאַר אַ פאַרב אין די באַקן!

איז מרס. יאַכנעטשיק דאַן צוגעגאַנגען צו איר און האָט איינגערוימט איר אין אויער אַריין אַ סוד, אָבער אַזוי, אַז אַלע האָבן געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט:

— אין דראָג־סטאָר קען מען קויפן די שענסטע פאַרב...

ברוינשטיין איז געשטאַנען צווישן זיי און האָט זיך צוגעהערט מיט אַ שמייכל צו זייער שמועס.

מרס. בענדושאַמין האָט זיך אָנגערופן צו מרס. יאַכנע־טשיק:

— גייט שוין. דאָס איז איר אייגענע פאַרב!

האָט די רויטע אסתּר, מרס. קאָהענס מיידל, דאַן איר מיינונג אויך געזאָגט. זי האָט פאַרגלאָצט אירע ווייסע אויגן און זיך אָנגערופן:

— אָ, שי איז עי ביוטי!*) האָט איר געזעען אירע האָר?

האָט זיך איר מאַמע, מרס. קאָהען, אויך דאַן אַריינגעמישט און אַרויסגערעדט מיט אַזאַ רחמנותדיקער מינע אויף איר קעלבערנעם פּנים:

— עט, מרס. יאַכנעטשיק, קאָן זיין, איז טאַקע גערעכט, היינטיקע צייטן קאָן מען וויסן, ווער עס איז שיין? פעלן ציין, איז דאָ אַ דענטיסט. איז מען דאַר־קוואַר, גייט מען צו אַ דרעסמייקערין.**) ווערן די האָר גרוי, פאַרבט מען זיי אויף שוואַרץ, שאַ, וואָס דאַרפט איר מער? איך האָב פאַראיאָרן אַ דינסט געהאַט, האָט זי שוואַרצע האָר געהאַט, טרעף איך זי אַנומלט אינגאַנצן אַן אַנדערע, מיט בלאָנדע האָר, נו?

האָט איר טאָכטער סיידי דאַן אויף איר אָנגעשריגן, באַמערקנדיק, פאַרשטייט זיך, ווי אַזוי ברוינשטיין האָט געקוקט אויף איר, דאָס הייסט אויף איר מאַמען. האָט אָנגעשריגן אויף איר, אַזוי ווי זי וואָלט געווען די מאַמע און די אַלטע די טאָכטער:

— דו שווייג! וואָס מישסטו זיך? אירע ביזנעס!

— ווייבער הערט אויף צו רעדן רכילות! האָט מרס. בענדושאַמין זיך דאַן אָנגערופן מיט אַ שמייכל און אַ קוק געטון אויף ברוינשטיינען.

און דער רעווערענד האָט ווידער גענומען דאָס וואָרט:

— ליידיס, איר הערט, פאַרלאָזט זיך אויף מיר. איך בין

*) זי איז אַ פּראַכט.

**) שניידערין.

שוין גאַר אַ מבין, גלויבט מיר. ווען איך זאָג „אַ בת מלכה", הערט איר, איז זי אַ בת מלכה. . .

מרס. יאַכנעטשיק האָט זיך דאַן אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן: זי האָט, חלילה, גאַרנישט געמיינט; זי האָט פיינט צו באַרעדן יענעם; זי האָט געשפּאַסט; זי וווּנדערט זיך נאָר, וואָס אַזאַ מיידל פאַרט אין אַ פּלאַץ, ווו קיין יינגעלייט זענען נישטאָ. . .

האָט מרס. בענדזשאַמין איר געענטפערט מיט אַ שמייכל:

— וויפיל יינגעלייט דאַרף דען האָבן אַ מיידל? אפשר איז דער איינציקער יינגערמאַן, וואָס איז דאָ פאַרהאַן איר אינטערעסאַנטער פון אַלע יינגעלייט?

און זי האָט ווידער אַ קוק געטון אויף ברוינשטיינען מיט אַזעלכע אויגן, וועלכע האָבן גערעדט, האָט זיך געדאַכט:

„געטראָפן, האַ? . . ."

ברוינשטיין, אַז ער האָט דערהערט דידאָזיקע באַמערקונג פון מרס. בענדזשאַמין און אויפגעכאַפּט דערנאָך איר בליק, האָט נאָר אַ לאַך געטון אין זיך.

האָט מרס. יאַכנעטשיק דאַן ראַפּטום זיך אַ כאַפּ געטון און אַ קוק געט‎ן אויף ברוינשטיינען. און מיטאַמאָל האָט זי אויסגעשאָסן אַ דין, קוויטשענדיק געלעכטערל ברוינשטיינען אין פנים אַריין.

— משוגע! — האָט זי אַ קוויטש געטון און איז אַנטלאָפן.

און דאַן האָט ברוינשטיין אַליין זיך אויך צעלאַכט אַזוי פריילעך און האַרציק, האָט מיט ביידע הענט זיך אַ פּאַטש געטון איבער די קני און איז לאַכנדיק אַרויפגעלאָפן אויפן גאַניק.

די גאַנצע סצענע מיט די ווייבער, בפרט מרס. בענדזשאַמינס באַמערקונג און דערנאָך דאָס קוויטשענדיקע געשריי פון מרס. יאַכנעטשיק: „משוגע!" האָט אים שטאַרק אַמוזירט.

לאַכנדיק האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן גאַניק און געהאַרט ביז בערטאַ וועט אַרונטערקומען.

פּלוצלינג האָט ער באַמערקט, אַז דער רעוורענד גייט צו

אים, גייט און שמייכלט עפעס אַזוי מיסטעריעז און מאַכט צו אים מיט אַ פינגער, אַזוי ווי ער וואָלט אים געסטראַשעט.

— אַזוי גאָר ? -- האָט דער רעווערענד זיך אָנגערופן צו אים, ווען ער איז אויפן גאַניק אַרויף און געשאָקלט מיטן פינגער.

האָט ברוינשטיין אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— וואָס איז גאָר ?

— כאַ ! — האָט דער רעווערענד אַרויסגעשלוקערצט אַ לאַך.

וואָס לאַכט איר, מיסטער רעווערענד ?

האָט רעווערענד דייווידאָוו אים געענטפערט מיט אַ ברייטן שמייכל :

— איך פאַרשטיי גאַרנישט, הערט איר, ווי אַזוי איז דאָס מיר פריער נישט איינגעפאַלן. קומט גאָר אויס, אַז די אשה, מרס. בענדזשאַמין, איז קליגער פון מיר...

ברוינשטיין, וועלכער האָט נאָך אַלץ קלאָר נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער רעווערענד האָט געמיינט, האָט געזאָגט :

— איר האָט זיך ערשט געכאַפּט, אַז מרס. בענדזשאַמין איז קליגער פון אייך, מיסטער רעווערענד ?

— דאָס מאָל קליגער — האָט דער רעווערענד געשמייכלט — דאָס מאָל קליגער, איך בין זיך מודה. קיין סוד אָבער, הערט איר, קען מען נישט באַהאַלטן...

קיין סוד ? — האָט ברוינשטיין אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט.

דער רעווערענד האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן :

— וואָס איז ? שוין מער נישט קיין סוד ? שוין נאָך אַלעמען ? נאָך נעילה שוין ? אפשר, איר הערט, קען איך זיך נאָך אַריינמישן ?

דאַן ערשט האָט ברוינשטיין זיך אָנגעשטויסן, וואָס דער רעווערענד האָט געמיינט, געמאַכט זיך אָבער ווי ער וואָלט נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען.

— אין וואָס זיך אַריינמישן ? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— אין וואָס? אין דעם ענין מיין איך. אפשר דאַרף מען נאָך מיטן טאָסן אַ שמועס טון? איר זענט טאַקע, הערט איר, אַ פיינער יינגערמאַן, אַ דיכטער, אַזאַ יאָר אויף מיר, הערט איר, אָבער, כ׳ווייס, אַ טאַטע, הערט איר, אַן עושר. אפשר דאַרף מען אים איינרעדן, אפשר דאַרף מען אים געבן צו פאַרשטיין, ווער איר זענט און וואָס איר זענט. דעם שם־טוב וואָס איר האָט. אַז איר זענט אַ גדול בישראל, אַ נר בישראל... הערט איר, פאַר־לאָזט זיך אויף מיר. איר אפשר ווייסט נישט ווי צו רעדן מיט ווײַ־כע לייט, איך אָבער... איר וועט מיר דאַנקען, הערט איר!...

דער קונדס האָט אין ברוינשטיינען אויסגעשריגן „גוואַלד“, און ער איז שוין גרייט געווען צו שטיפן און צו לאַכן.

אָבי־ער באַלד איז ברוינשטיין געוואָרן אומרויִק. ער האָט דער־זעען, אַז עפּעס האָט זיך דאָ פאַרקאָכט אַ מי־שעבּירנע. אפשר וועט זיך בערטאַ גאָר באַליידיקן דערפון. וואָרים אין דער אמתן האָט האָט ער דאָך נישט געוווּסט, וואָס פאַר אַ מענטש זי איז גע־ווען.

ער האָט זיך אָנגערופן:

— מיסטער רעווערענד, איר רעדט נאַרישקייטן.

האָט דער רעווערענד דאַן אַ מאַך געטון צו אים ברייטלעך מיט דער האַנט, אַרויסגעשליקערצט אַ לאַך „כאַ“ און גע־זאָגט:

— מר. ברוינשטיין, פון מיר, הערט איר, וועט איר קיין סוד נישט באַהאַלטן. אַ שטיקל תּלמיד חכם בין איך אויך.

האָט ברוינשטיין געשטעָנהט צו אים:

— זי איז נישט מער ווי מיינס אַ באַקאַנטע. וואָס איז אייך איינגעפאַלן?

— נו, אוודאי, אַ באַקאַנטע, מען באַקענט זיך פריער און דערנאָך — כאַ!... מיסטער ברוינשטיין, קיין פינגער אין מויל, הערט איר, דאַרפט איר מיר נישט אַריינלייגן. דער חשבון איז אַ קלאָרער, פון אויבן אויף: איר זענט אַ יינגערמאַן מיט אַ נאָמען און זי איז אַ רייך מיידל, אַ יפת־תואר, איז דאָס אַ שידוך. לײ־קענט איר. האָב איך, הערט איר, אויף אייך קיין פאַראיבל נישט.

איר ווילט עס האַלטן בסוד. אָבער נישט פאַר אַזאַ ייד, ווי איך. וואָרים טאַקע גלייך שטעל איך זיך אַוועק אָט אַזאַ קשיה — האָט האָט ער פּלוצלינג אויסגעזונגען מיט אַ גמרא־ניגון און צוגעפּנעמען די ברייטע באָרד אין אַ הויפן פון אונטן אַרויף: — די בתולה איז געקומען אַהער. וואָס איז דערפון געדרונגען, האַ? אַז דער פלאַץ געפעלט איר. איז דאָך די קשיה: פאַרוואָס זאָל געפעלן אַזאַ רייך מיידל אָט דער פלאַץ? זאָל איך זאָגן, אַז וואָס, הערט איר... מחמת דאָ איז אַ פריילעכער פלאַץ? ע־עט! בלייבט דאָך די קשיה: פאַרוואָס פאַרט? איז איין תירוץ דאָ אויף דעם, וואָס דערדאָזיקער תירוץ, הערט איר, פאַרענטפערט אַלע קשיות: החתן הבחור, המופלג המפורסם מר ברוינשטיין נרו יאיר איז דאָ! כאַ! — האָט ער גע־ענדיקט מיט זיין אָפּגעהאַקטן לאַך.

האָט אים ברוינשטיין אַ פּאַק געטון באַם אַקסל און חייטער געטענהט צו אים:

— מיסטער רעווערענד, רעדט נישט מער וועגן דעם, דאָס ווייזט זיך אייך אויס. איר האָט אַ טעות. און זי — איז גאָרנישט קיין רייך מיידל אויך. איך האָב געמאַכט אַ שפּאַס.

האָט דער רעווערענד נאָך העכער אַ לאַך געטון:

— כאַ!

— איך מיין גאַנץ ערנסט, רעווערענד — האָט ברוינשטיין זיך געהיצט. — איר זענט דאָך עפּעס אַ מאָדערנער מענטש...

האָט דער רעווערענד ווידער אַרויסגעלאָזט זיין לאַך:

— כאַ! עס וועט אייך נישט העלפן, מיסטער ברוינשטיין. איך מוז פון דעם ענין עפּעס כאַפּן...

— איר וועט בײַ מיר כאַפּן אַ שוואַרצן סוף, איכל אייך אויסזידלען!

דער רעווערענד האָט זיך אָנגערופן:

— געזונטערהייט. זידלט, אַ דאגה מיינע. צו דעם בין איך שוין אויך געוווינט. אַבי פרנסה, הערט איר.

איז ברוינשטיין דאַן אַוועקגעלאָפן אויף דעם אַנדערן עק פונם גאַניק אַן אויפגעבראַכטער און האָט געטראַכט: „וואָס פאַר אַ מיי אָנשיקעניש. ווער ווייסט, ווי זי וועט עס אָננעמען!“

און דער רעווערענד נאָך אים, רויק, געלאַסן און גענומען ווייטער צו אים טענהן, אַזוי רויק, ווי אַ קאַלטער גזלן ממש:

— וואָס טויג אייך צו זיין אין כעס? איר זאָגט נאָר: ווי האַלט עס בײַ אייך? איך וועל אייך, חלילה, נישט איבער־פירן. דאָס איז דאָך מיין פרנסה. מענטש!

איז ברוינשטיין שוין דאָן אינגאַנצן אַרויס פון די כלים און אויסגעשריגן:

— אַנשיקעניש, הערט אויף, הערט אויף! וואָס האָט איר זיך צו מיר צוגעטשעפעט?

און דאָ האָט זיך דערהערט הינטער זיי אַ הילכנדיק גע־לעכטער. ברוינשטיין האָט זיך אַ כאַפּ געטון — ערשט בערטאַ! זי איז געשטאַנען אויפן גאַניק און האָט געקוקט אויף זיי מיט אי־רע בלויע אויגן און געלאַכט.

— וואָס שרייט איר אַזוי אויפן מיסטער רעווערענד? — האָט זי זיך אָנגערופן.

נאָך איידער ברוינשטיין האָט צייט געהאַט איר צו ענט־פערן, האָט דער רעווערענד שוין גערעדט.

ער האָט געזאָגט:

— איך האָב דאָ געהאַט אַ שטיקל ויכוח מיט אייערן, האָט ער, הערט איר, זיך אַ ביסעלע צעהיצט, בײַ!...

— מיט מיינעם? — האָט זי איבערגעפרעגט, און אַ קוק געטון עטוואָס פאַרוואונדערט אויף ברוינשטיינען, און אים האָט אויס־געוויזן, אַז זי האָט געקוקט אויף אים אויפגערעגט. און ער האָט אַ טראַכט געטון: „ס'האָט מיר אָבער געזאָגט!"

דאָך האָט ער זיך צעלאַכט און זיך אָנגערופן אין אַ שפּאַ־סישן טאָן:

— דער מיסטער רעווערענד, הערט איר, ווייסט אַלצדינג, הערט איר. ווייסט ער אויך, הערט איר, אַז איר זענט מיין כלה. טענה איך צו אים, אַז ער ווייסט, הערט איר, דאָס, וואָס איך אַליין ווייס נישט; זאָגט ער, הערט איר, אַז ער ווייסט, אַז איך ווייס דאָס יאָ!...

און אַז זי האָט עס דערהערט, האָט זיך אַ פריילעכער

בלויער שמייכל אָנגעצונדן אין אירע אויגן און זי האָט אויסגע־
שריגן:

— יאָ, דערפאַר זאָגט ער מיט „מיינעם?" נו, ווייסט ער
דאָך טאַקע! מיסטער רעוורענד — האָט זי זיך דאַן א קער געטון
צו אים, און פון אירע אויגן האָט געשפריצט אַ בלוי, שטיפעריש
געלעכטער — איר האָט געטראָפן. ווי געפעלט אייך עפּעס מיין
חתן?

און זי האָט אַ כאַפּ געטון ברוינשטיינען אונטערן אָרעם.

— אָ־אָ־אַ — האָט דער רעוורענד זיך אָנגערופן מיט אַ צו־
פרידענעם שמייכל — דאָס זענען גאָר אַנדערע ווערטער. אוודאי
געפעלט ער מיר. אַ ביסעלע אַ כעסן, הערט איר, אָבער אַ דיכטער
און אַ תלמיד חכם, און אַ תלמיד חכם, הערט איר, איז אַ כעסן
בטבע. אָבער — האָט ער אַ לאַך געטון — כאַ! איך האָב אָבער
גלייך פאַרשטאַנען. פון מיר, הערט איר, וועט איר קיין סוד נישט
באַהאַלטן, וואָרים...

זי האָט אים איבערגעשלאָגן:

— אַזוי, מיסטער רעוורענד, איר פאַרשטייט יאָ, אַז דאָס איז
אַ סוד? הייבט פאַרוואָס זשע ווילט איר וויסן פרעמדע סודות?
איז דאָס עפּעס שיין, זאָגט אליין? פּאַסט עס דען פאַר אַ מאַן,
בפרט נאָך ווען דער מאַן איז נישט סתם אַ מאַן, נאָר אַ רעוו־
רענד?

ער האָט זיך אַ גל׳עט געטון די באָרד.

— איר האָט אַ לשון — האָט ער זיך אָנגערופן — ווי איך
זע, הערט איר, האָט אייערער זיך נישט אָפּגענאַרט. עס איז אַ
פאַרגעניגן מיט אייך צו רעדן, הערט איר...

— אָבער ענטפערט מיר אויף מיין פראַגע, מיסטער רעוו־
רענד: איז עס עפּעס שיין צו וועלן וויסן יענעמס סודות, האַ?

— אמת, מיס פרידלאַנד — האָט ער געענטפערט — גע־
רעכט, אפשר, זענט איר; אָבער דאָס איז דאָך, הערט איר מיין
ביזנעס. איך מיין נישט קיין בייז, חלילה, איך זוך בלויז פרנסה.
אָבער זייט זיכער, אויב דאָס איז אַ סוד, וועט עס בּאַ מיר, הערט
איר, אוודאי פאַרבלייבן אַ סוד.

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— אָ־אָ־אָט, דאָס וואָס איך מיין — אַ סוד! קיינער טאָר נישט וויסן דערפון! — זי האָט צוגעלייגט אַ פינגער צו די ליפּן און גערעדט ווייטער שטיל און מיט אַ פאַרסודעטער מינע: — קיינער נישט, איר הערט? נישט הימל און נישט ערד, נישט די פייגעלעך און נישט די הינער, אַפילו די בהמות נישט, אַפילו די צוויי פּיסיקע אויך נישט, אויסער אייך, מיסטער רעווערענד. געדענקט זשע, שאַ־אַ!...

און זי האָט אַ צי געטון ברוינשטיינען באַם אָרעם און מיט דער פאַרסודעטער מינע אין די אויגן און מיטן פינגער נאָך אויף די ליפּן האָט זי אים אַוועקגעשלעפּט פונם גאַניק.

דער רעווערענד איז געבליבן שטיין אויפן גאַניק אַ צעטומל־טער. און ברוינשטיין, ווען ער איז איצט געגאַנגען מיט איר, האָט זי נאָך מער באַוואונדערט ווי נעכטן און ווי אינדערפרי. ער איז ממש ווי באַצויבערט געוואָרן פון איר לעבעדיקייט און שטיפע־רישקייט.

אָפּגעגאַנגען מיט אים אַ שטיקל וועג, האָט זי פּלוצלינג אַרויסגעשאָסן אַ הילכיק געלעכטער.

— מיסטער חתן — האָט זי געלאַכט — ער איז דאָך טאַ־קע עפּעס אַ זעלטענער עקזעמפּליאַר. און אַז איר קענט פאַרברענ־גען מיט אים און זיך נאָך קריגן מיט אים, באַווייזט עס, אַז איר זענט אַ בייבי...

האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן:

— האָט איר עפּעס ליב בייביס?

— זייער — האָט זי געענטפערט. און אין אירע אויגן האָט אַ צאַפּל געטון דער בלויער שעלמישער שמייכל.

— דאַן בין איך צופרידן, וואָס איך בין אַ בייבי — האָט ער געזאָגט.

— און איך אויך.

— איר אויך? — האָט ער אַ קוק געטון אויף איר און אָנגענומען אירע ווערטער פאַר אַ גוטער אָנצוהערעניש — פאַר־וואָס זענט איר אויך צופרידן?

— ווייל אַ בייבי קאָן קיינמאָל נישט זיין געפּערלעך — האָט זי געענטפערט.

האָט ער דאַן אַ טראַכט געטון: „אָט האָסטו דיר." און געזאָגט:

— און איך בין דווקא אַ געפּערלעכע בייבי.

— נישט פאַר מיר — האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ שמייכל.

— זייט נישט אַזוי זיכער, חברטע בערטאַ.

זי האָט אים אַריינגעקוקט אין די אויגן. דערנאָך האָט זי זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל:

— און אפשר האָב איך אַ טעות...

— זיכער! — האָט ער אונטערגעכאַפּט.

— נישט אַזוי זיכער. למאי איבערטרייבן, חבר ברוינ-שטיין.

— איך געפעל דאָך אייך. ווער איר דאָס לייקענען, חברטע בערטאַ?

— אָהאָ, מיט וואָס פאַר אַ זיכערקייט! ניין, ווען איר רעדט אַזוי, געפעלט איר מיר גאָרנישט. — האָט זי געענטפערט — אַזוי רעדן איינגערעדטע נאַראָנים. פריער פון אַלץ מוז מען זיין אַ קלוי-גער, כדי מיר צו געפעלן. אָבער — האָט זי זיך מיטאַמאָל איבער-געשלאָגן — מיר רעדן, דאַכט זיך, ביידע נאַרישקייטן. האָט איר היינט געשריבן?...

— יאָ.

— און ווי איז עס געגאַנגען?

— זייער גוט.

און באַלד האָט ער גערעדט מיט איר וועגן זיין אַרבעט און זיך אַלץ מער און מער היצגעריסן.

— איר ווייסט, ברוינשטיין — האָט זי זיך דערנאָך אָנגע-רופן — איך וואָלט שטענדיק וועלן רעדן מיט אייך וועגן אייער אַרבעט, איר זענט דאָן אַ סך אינטערעסאַנטער.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט דער דינער-גלאָק.

— דאָס מיינט מען אונז — האָט ברוינשטיין זיך אַ כאַפּ געּ
טאָן — קומט צוריק.

אויפן וועג צוריק האָט בערטאַ אים געגומען אויספרעגן וועגן די פרויען פון דעם האָטעל און ער האָט אין קורצן איר דערציילט, וואָס ער האָט געוווסט וועגן זיי, און אויך, אַז ער האָט דעם רעפערענד געזאָגט, אַז זי איז אַ טאָכטער פון אַ רייכן טאַטן און אַז די ווייבער ריכטן זיך, אַז זי איז אַ גוטע „האַנט" פאַר „פויקער".

זי האָט זיך פריילעך צעלאַכט.

— איצט זע איך — האָט זי געזאָגט — אַז איר זענט אַן אמתער קינסטלער לויט דער טעאָריע פון אָסקאַר אוּאיילד, וועלכער וויל האָבן, אַז דער אמתער קינסטלער באַשעפטיקט זיך נישט מיט דער ווירקלעכקייט, דאָס איז נישט מער ווי איינער פון אוּאיילדס פּאַראַדאָקסן, וואָס מען קען זיי נישט נעמען ערנסט...

— געוויס, געוויס — האָט ברוינשטיין אונטערגעכאַפּט און מיט אַ צעוואַרעמט האַרץ געטראַכט:

„גאָט, וואָס פאַר אַ וואונדערלעך מיידל זי איז!"

## אַכטער קאַפּיטל

### ווי אַזוי ברוינשטיין האָט זי געזוכט

שפּעטער זענען זיי געזעסן אין עס־צימער. אַלע ווייבער זענען אויסגעפּוצט געווען אין זייערע בעסטע קליידער. זייערע הענט און אויערן האָבן מיט בריליאַנטן געפינקלט. פּנימער און ליפּן זענען געפאַרבט געווען און נאָזער, כמעט בײַ אַלע ווייבער, אַפילו ביי מרס. בענדזשאַמין, וואָס זי האָט געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק פון זיי אַלעמען, זענען געפּודערט געווען, און אַן אַנדערע

נאָך האָט ממש אויסגעקוקט, ווי זי וואָלט ערשט אַרויסגעקראָכן פון
אַ זאַק מעל. . .

ברוינשטיין און בערטאַ זענען געזעסן באַ איין טיש מיט
מרס. קאָהען און אירע צוויי טעכטער.

מרס. קאָהען האָט געאַרבעט אויף אַלע כלים, געכאַפּט מיט
ביידע הענט דעם הערינג פונם טעלער, וואָס איז אַוועקגעשטעלט
געוואָרן פאַר אַלעמען באַ יענעם טיש, געלייגט צו זיך און אירע
טעכטער אויף די טעלער, אַריינגעכאַפּט דערביי אַ שטיקל הערינג
אין מויל; דערזעען באַלד די „קעלנערין" מיט אַ טעלער גרינס,
צוקומענדיק צו זייער טיש, האָבן אירע אויגן און הענט זיך אַ
שליידער געטון, ווי זי וואָלט פון ווייטן וועלן איינשלינגען די
טעלער מיט גרינס אינאיינעם מיט דער קעלנערין. . .

בערטאַ האָט זי אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט. און ברוינשטיין האָט
באַלד באַמערקט, ווי בערטאַ רוקט איר אונטער, דאָס הייסט מרס.
קאָהען, יעדע ווייל עפּעס.

מען האָט אַוועקגעשטעלט דעם טעלער גרינס אויפן טיש.
בערטאַ נעמט אַרונטער אַ שטיקעלע צו זיך אויפן טעלער, נאָך אַ
שטיקעלע צו ברוינשטיינען, דערנאָך אַ רוק דעם גאַנצן טעלער מיט
גרינס צו מרס. קאָהען מיט אַ מינע, אַזוי ווי זי וואָלט גאָר קיין
זאַך נישט אויסן געווען. אַזוי האָט זי אויך געטון מיט די זויערע
אוגערקעס און מיט די טאָמייטאָס, ביז מרס. קאָהענסביידע טעכ-
טעכטער האָבן גענומען ציען זייער מאַמען באַ די אָרעמס פון
ביידע זייטן און איר עפּעס געזאָגט אין דער שטול. . .

דאַן האָט מרס. קאָהען זיך אומגעקוקט צעטומלט אַרום זיך,
און, צום סוף, האָט זי אינגאַנצן אויפגעהערט צו עסן און אויסגע-
זעען אַזוי רחמנותדיק, אָט ווי אַ הונגעריקע קו, וואָס מען וואָלט
באַ איר מיטאַמאָל דאָס היי פון אונטער די ציין אַרויסגע-
ריסן. . .

נאָכדעם, ווי ברוינשטיין מיט בערטאַן זענען אַרויס פונם עס-
צימער, האָט ער זיך אָנגערופן צו איר:

— איר זענט דאָך עפּעס גאָר אַ טייוול!

זי האָט אַ שמייכל געטון און געענטפערט:

— איר ווערט נאָר, איך וועל אייך אויך מאַכן פאַר אַ מענטש.

זיי האָבן זיך געזעצט אויפן גאַניק. די אַנדערע ווייבער זענען אויך אַרויסגעקומען און האָבן זיך צעזעצט, ווער אויפן גאַניק און ווער אויף דער לאַנקע דערביי.

זיי אַלע האָבן געקוקט אויף איר און זי באַטראַכט פונדערווייטנס.

מרס. יאַכנעטשיק איז געזעסן קעגן בערטאַן און ברוינשטיינען אויף אַ שאָקל־שטול, אינגאַנצן אין העלן אָנגעטון, מיט אַ ראָזעווער לענטע אַרום שטערן, האָט זיך געוויגט און געזונגען עפּעס אַן ענגליש ליד אונטער דער נאָז און געוואָרפן פון דער זייט בליקן אויף זיי.

דער רעווערענד איז אַרויסגעקומען מיט מרס. בענדזשאַמין, וועלכע האָט אויך געטראָגן אַ העל זיידן קלייד, וואָס האָט געשאָרשקעט.

רעווערענד דייווידאָוו איז גלייך צוגעגאַנגען צו בערטאַן, מיט דער האַנט אויף דער וואַזשנער באָרד, אַ בייג געטון די קני און זיך אָנגערופן:

— נו, מיס פרידלאַנד, ווי איז אייך עפּעס געפעלן, הערט איר, אונזער דינער?

— פיין! — האָט זי געענטפערט.

— און פאַר אייך, מיסטער ברוינשטיין, הערט איר, האָב איך גאָר אַ פיין ציגאַרעטל, אָבער טאַקע אַ פיינס, הערט איר — האָט רעווערענד דייווידאָוו זיך דערנאָך אַ קער געטון צו ברוינשטיינען און אַרויסגעשלעפּט אַ פושקעלע פון קעשענע — איינער אַ פיינער יינגערמאַן, וואָס איך האָב אים, הערט איר, אַ שידוך אויסגעפירט, האָט מיר אַריינגעשיקט פון די בעסטע.

ברוינשטיין האָט באַ אים גענומען דעם ציגאַרעט און גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער רעווערענד האָט אים מיטאַמאָל מכבד געווען מיט אַ ציגאַרעט.

אין דער אייגענער צייט איז צו בערטאַן צוגעגאַנגען מרס. בענדזשאַמין מיט איר גוטן שמייכל.

— איך — האָט זי געזאָגט — בין אַ שגץ. איך קום אַליין זיך פאָרשטעלן. מיין נאָמען איז מרס. בענדזשאַמין.

בערטאַ האָט זיך אויפגעהויבן מיט אַ העפלעכער מינע.

— מיס פרידלאַנד. זייער אָנגענעם.

דאַן האָט מרס. בענדזשאַמין זי פאָרגעשטעלט פאַר מרס. יאַכנעטשיק און אַנדערע פרויען.

און אין אַ ווײַלע אַרום זענען זיי געזעסן צוזאַמען אין איין גרופּע, בערטאַ אינמיטן, און האָבן גערעדט וועגן דעם פּלאַץ און וועגן דעם אויסזען פון דער געגנט. דער רעוורענד, פאַרשטייט זיך, אויך צווישן זיי.

דערנאָך האָט מרס. יאַכנעטשיק מיטאַמאָל אַ פרעג געטון בערטאַן, אויב זי וואָלט געשפּילט אַ „פּויקער", האָט איר בערטאַ געענטפערט, אַז זי שפּילט נישט. האָט מרס. בענדזשאַמין זיך דאַן אַרייננעמישט און איר געזאָגט, אַז זי ווייסט, אַז זי, מיס פרידלאַנד, שפּילט יאָ, אָבער נישט קיין קליינעם קאָן.

רופט זיך דאַן אָן מרס. יאַכנעטשיק, אַז צוליב איר וועלן זיי שפּילן, אויב זי וויל, אויף הויך.

און עס האָט נישט געהאָלפן, ווען בערטאַ האָט זיי פאַרזיכערט, אַז זי שפּילט נישט. בײַ זיי צומען איז געבליבן, אַז זי האָט נישט געוואָלט שפּילן, מחמת פאַר איר איז דער שפּיל נישט גענוג הויך געווען.

צום סוף, ווען זי איז פּטור געוואָרן פון די ווייבער, האָט זי זיך אָנגערופן צו ברוינשטיינען:

— וואָס האָט איר דאָ אָנגעדרייט? זיי וועלן מיר איצט קיין רו נישט געבן.

— וואָס אַרט אייך, אַז מיר האָבן אַ ביסל שפּאַס? — האָט ער געזאָגט.

— איך בין אייך מוחל אַזאַ שפּאַס. ווער האָט עס געדולד פאַר זיי? — האָט זי אַרויסגערעדט און האָט זיך אויפגעהויבן פונם אָרט.

— באַי-באַי! — האָט זי מיטאַמאָל אַ מאַך געטון צו אים מיט אַ האַנט.

— ווּהין גייט איר? — האָט ער געפרעגט.

— צו זיך אין צימער, שרייבן אַ בריוו.

און זי איז פאַרשוווּנדן.

איז ברוינשטיין דאָן געבליבן זיצן אַליין אויפן גאַניק.

ער איז געזעסן אַ ווײַלע און איז דערנאָך אַרויף צו זיך.

„צו וועמען שרײַבט זי דאָרט? אפשר צו אַ געליבטן?“ — האָט ער פּלוּצלינג אַ טראַכט געטון.

און עפּעס איז אים שווער געוואָרן אויפן האַרץ...

* *

*

צו סאַפּער, ווען ברוינשטיין מיט בערטאַן זענען אַרײַן אין עס-צימער, האָט מען זיי אָנגעוויזן פּלעצער בײַ אַן אַנדערן טיש, נישט ווו מרס. קאָהען איז געזעסן, און די יידישע קעלנערין, מע־רי, מיט אַ קאַווירנדיקן שמייכל, וואָס האָט ווי געריעדט: „איך ווייס, אַז בײַ אייך וועל איך קריגן אַ גוטע טיפּ“, — האָט אײַנגערוימט בערטאַן אַ סוד:

— זיי הערן? די מרס. קאָהען, די אַלטע ליידי פון יענעם טיש, ווו זיי זענען צו דינער געזעסן, האָט זיך געקלאָגט, אַז זי איז אַוועק פונם טיש אַ הונגעריקע, ווייל זיי האָבן זי מיט די אויגן אויפגעגעסן... נו, אַ דאגה זיי, וועלן זיי דאָ זיצן. איך וועל זיי שוין צוזעען מיט דעם בעסטן...

און מערי האָט זיי טאַקע „צוגעזעען“. דעם ערשטן טעלער מיט הערינג און די אַנדערע בּאַוווּסטע מאכלים פון אַ יידישן האָ־טעל אין די בערג, האָט זי געבראַכט צו זייער טיש. און יעדעס מאכל האָט זי אַוועקגעשטעלט פאַר זיי מיט די ווערטער און באַווירצט מיטן קאַווירנדיקן שמייכל: „עסן זיי געזונטערהייט. טאָמער וועלן ווי וועלן אַ טאָפּל-פּאָרציע, וועל איך זיי געבן!“...

און אַזוי ווי בײַ די טישן איז מען דאָרט געזעסן עכט יידיש־לעך, ווי בײַ אַ מאָלצייט אויף אַ יידישער התונה, דאָס הייסט, רייבנ־

דיק זיך מיט די רוקנס און עלנבויגנס איינער אָן דעם אַנדערן, האָט מען געהערט אויך, וואָס דער שכן, אָדער די שכנה, הינטערן רוקן האָט גערעדט.

האָבן בערטאַ און ברוינשטיין געהערט, ווי די ווייבער הינטער זיי בורטשען:

— אַ חוצפה, גייט אונזער טיש פאַרביי און שלעפט אַהין. קיין סענט וועט זי נישט קריגן!

און באַלד טאַקע האָט זיך דערהערט אַ געמורמל פון די אַנדערע טישן אויך און אַ קלאַפּן מיט די לעפל אין די טעלער און אַ רופן: „מערי! מערי!" פון אַלע זייטן, און העכער פון אַלעמען, האָט געקוויטשעט מרס. יאַכנעטשיק:

— סאָטש עי נאָירוו,*) הע? דערלאַנגט וועמען איר געפעלט!...

און מערי, מיט אַ פאַרשוויצט פּנים, האָט געוואָרפן דעם קאָפּ און די קאָווירנדיקע שמייכלען אויף אַלע זייטן, האָט זיך געשטופּט מיט פאַרריסענע אָרעמס צווישן די רוקנס און שטולן און געשריגן:

— גלייך! גלייך!

נאָך סאַפּער האָט ברוינשטיין איר דערלאַנגט דערפאַר אַ גאַנצן דאָלאַר. זי האָט אַ ם געדאַנקט און געזאָגט:

— אוי, מיסטער, איז זייער כּלה שיין! מען זאָגט, אַז זיי, זייער כּלה, האָבן זייער אַ רייכן טאַטן. מען זעט עס טאַקע!...

האָט ברוינשטיין אַ טראַכט געטון:

„אָט האָסטו דיר! אַפילו זי ווייסט שוין דעם „סוד"!...

קורץ: אַלע אינם האָטעל האָבן שוין געוווּסט דעם סוד, וואָס דער רעוורענד האָט צוגעזאָגט נישט צו דערציילן און דאָך דערציילט אַלעמען, אַז זי, בערטאַ הייסט עס, איז געווען ברוינשטיינס רייכע כּלה.

און איצט, נאָך אָונט-ברויט, ווען ברוינשטיין איז געזעסן

*) אזא חוצפה.

מיט בערטאַן אויף דער לאַנקע אונטער אַ בוים, האָט ער באַמערקט ווי כמעט אַלע ווייבער האָבן געקוקט אויף אים מיט אַ מין באַזונ־דערן דרך ארץ.

בלויז מרס. יאַכנעטשיק מיטן יאָסט־רעב־פּנים האָט געקוקט אויף איר קרום.

פריער האָט זי זיך אויך געהאַלטן מיט אים נישט באַזונ־דערס פריינטלעך: אַן אַמעריקאַניזירט ווייבל, האָט זי גאָרנישט געהאַלטן פון יידישע שרייבער. און איצט, ווען זי האָט געזעען, וואָס פאַר אַ „כלה" אַ יידישער שרייבער האָט געהאַט, איז עס איר אַפּנים נישט אָנגעשטאַנען, און אפשר האָט זי עס אים נישט פאַר־גינען, און אפשר האָט זי גאָר גערעכנט, אַז ער איז שולדיק געווען אין דעם, פאַרוואָס בערטאַ האָט נישט געהאַלט שפּילן מיט איר אין פּויקער.

דערפאַר האָט אים געוואַרעמט מרס. בענדזשאַמין מיט איר גוטן שמייכל יעדעס מאָל, ווען זי איז זיי פאַרבייגעגאַנגען, און מרס. ציפּאָרקעס האָט אויך געקאָרטשעט צו אים זייער פריינדלעך איר פּענכער־נאָז, ווען זי איז זיי פאַרבייגעגאַנגען.

זי, מרס. ציפּאָרקעס, האָט געזעען אין זיין רייכער, שיינער „כלה" דעם גרעסטן קאָמפּלימענט פאַר זיך אַליין. מחמת זי האָט נאָך גוט געדענקט די קאָמפּלימענטן, וואָס זי האָט געהערט פון ברוינשטיינען מיט אַ פּאָר אָוונטן צוריק, בעת זיי האָבן געשפּאַ־צירט בײַ לבנה־שיין. דערפאַר, ווען זי האָט איצט געזעען זיין „כלה", זענען דיזאָזיקע קאָמפּלימענטן באַזונדערס אָנגעלייגט גע־ווען בײַ איר.

קיינער איז נישט צוגעגאַנגען צו זיי. זיי אַלע האָבן פאַר־שטאַנען, אַז „חתן־כלה" קאָנען זיך באַגיין אָן זיי אַלעמען.

ערשט שפּעטער, ווען בערטאַ איז אַוועק צו זיך אין צימער, איז צו ברוינשטיינען צוגעגאַנגען מרס. בענדזשאַמין און זיך אָנ־גערופן מיט וואַרעמקייט אינם קול:

— איר הערט, מיסטער ברוינשטיין, איך קאָן דאָך פון איר די אויגן נישט אַראָפּנעמען. אַ כאַליאַטשקע, ווו האָט איר גענומען אַזאַ שיינע כלה?

און דער רעוורענד איז אויך צוגעגאַנגען צו אים ווידער מיט זיין פושקעלע:

— נו, אַ ציגאַרעטל

און ברוינשטיין האָט אים אַ טובה געטון און ווידער גענומען אַ ציגאַרעטל פון זיין פושקע.

דערנאָך איז אַרויסגעקומען בערטאַ און האָט גערופן ברוינשטיינען זיך דורכגיין.

און זיי זענען אַוועק מיטן וועג צום וואַלד.

אין דער לופטן האָבן זיך געשפרייט טונקעלע שאָטנס. די בערג האָבן זיך געקאָרטשעט, גערוקט זיך, ווי אין עפעס אַ טונקלקייט אַריין.

הינטער זיי האָט זיך געטראָגן דער טומל פונם האָטעל; ווייט ערגעץ האָט געבילט אַ הונט, און אַן אַנדערער האָט אים אָפּגעענטפערט פון הינטער דעם רויטן באַרג.

בערטאַ האָט גענומען ברוינשטיינען אונטערן אָרעם און זיך אָנגערופן:

— הער דיכטער, פון וואָס טראַכט איר?

האָט ער געענטפערט:

— פון אייך.

— פון מיר? זייער אָנגענעם. מעג איך וויסן, וואָס איר טראַכט פון מיר?

— אַז איר זענט זייער אַן אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייט — האָט ער געענטפערט.

— אַ דאַנק. און וואָס נאָך?

— אַז איר זענט אַ שיין מיידל.

— דערפאַר צוויי מאָל אַ דאַנק — האָט זי אַ לאַך געטון — און וואָס נאָך?

— אַז איך בענק נאָך אייך אַ ביסעלע, ווען איר גייט אַוועק פון מיר — האָט ער ווייטער געענטפערט.

זי האָט זיך נאָך העכער צעלאַכט און אָנגערופן:

— מיט וואָס פאַר אַ קינדערישן טאָן איר האָט עס געזאָגט. די מאַמע איז אַוועק, בענקט דאָס קינד, געבעך, נאָך איר!

— נישט ווי אַ קינד נאָך אַ מאַמען בענק איך נאָך אייך, בערטאַ — האָט ער געזאָגט.

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— אוי, אוי, גזלן, פאַרוואָס האָט איר דאָס איבערגעפירט?... איר זענט דאָך ערשט געווען אַזוי שיין! . . .

— שיין בין איך געווען, מיט וואָס?

— מיט אייער קינדישקייט — האָט זי געענטפערט. — שוין עטלעכע מאָל האָב איך באַמערקט אָט דידאָזיקע קינדישקייט אין אייך, און דאָס, גזלן, איז דאָך דאָס שענסטע אין אייך. . .

ער האָט אַרויסגערעדט מיט געבעטע אינעם קול:

— אוי, האָט רחמנות, וואַרפט מיר נישט אונטער קיין קינד: איך בין נישט קיין קינד, ווי איז מיר, און איך בענק נישט נאָך אייך ווי אַ קינד! טראַכט נישט אויס אויף מיר קיין בלבול!

— ווי דען בענקט איר נאָך מיר, ווי די אַלטע מרס. קאַ־העץ נאָך דער אכילה? — האָט זי דאַן געפרעגט.

— איך בענק נאָך אייך, ווי נאָך דער שענסטער פרוי — האָט ער געענטפערט.

— און די ש ע נ ס ט ע פרוי לויט אייער טעאָריע איז וואָס?

— אַ פרוי — האָט ער געענטפערט איר אין טאָן.

— באַפרידיקונגס־שטאָף, צו באַפרידיקן די נאַטירלעכע באַדערפעניש, און נישט מער. אַזוי, דאַכט זיך, איז אייער טע־אָריע?

— יאָ, בערטאַ, אַזוי אומגעפער איז מיין טעאָריע. די פרוי איז פאַר דעם מאַן דאָס אייגענע, וואָס דער מאַן איז פאַר דער פרוי: באַפרידיקונגס־שטאָף, און נישט מער. און דאָס איז נישט מיין טעאָריע אַליין.

האָט זי זיך אָנגערופן:

— מיין טעאָריע איז דאָס נישט. אָט די טעאָריע האַלט איך פאַר פשוט שווייניש. יאָ, מיין ליבער דיכטער. באַפרידיקונגס־שטאָף, אמת, אָבער נישט בלויז קערפּערלעכער. . .

זיי זענען געגאַנגען ווייטער.

— מוז איך זיך טאַקע אין אייך פאַרליבן לויט די אַלע כּללים פון די ראָמאַנטישע העלדן אין די אַלטע ראָמאַנען, מיט אַ ליבע געמישט מיט לבֿנה־שיין. מיט זיפצן און אָכצן, און אויגן־גלאָצעניש, און אויף די קני פאַלעניש, אַנישט טויג נישט? — האָט ברוינשטיין זיך דערנאָך אָנגערופן מיט אַ קאָמישן טאָן.

האָט זי אים אָנגעקוקט פאַרווונדערט און געענטפערט

— ווער האָט עס אייך געזאָגט, אַז איר מוזט זיך אין מיר פאַרליבן? גאָר נו! איר מוזט נישט! איך בעט אייך נישט! און איך ראַט אייך אויך נישט...

— ערנסט, חברטע בערטאַ. אַזאַ בליק אויף די באַציונגען צווישן מאַן און פרוי האָבן געקענט האָבן בלויז די אַמאָליקע גים־נאַזיסטקעס... ווי קומט צו אייך אַזאַ בליק?

— אָט, איר זעט דאָך!

— אוי, איר לאַכט פון מיר! — האָט ער זיך אַ כאַפּ גע־טון.

— איר מיינט אַזוי?

— אויף אַן אמת, חברטע בערטאַ, איך וואָלט וועלן וויסן אייער אויפריכטיקע מיינונג וועגן אָט דער פראַגע — איז ער ווײַ־טער צוגעשטאַנען צו איר.

— נעכטן האָבן מיר גערעדט פון דעם. געדענקט איר, ווען איר האָט מיר געראַטן מיין דרשה אַריינצורעדן אין דעם ראַדיאָ? דורך דער נאַכט האָב איך נאָך מיין מיינונג נישט געביטן — האָט בערטאַ געענטפערט.

— הייסט עס, אַז פאַר מיר איז גאָר קיין האָפענונג נישטאָ? — האָט ער זיך ווידער אָנגערופן מיט אַ קאָמישן טאָן.

— אָפּנים אַז נישטאָ.

— אונטער קיינע אומשטענדן?

— דאָס זאָג איך נישט — האָט זי געענטפערט.

האָט ער זי פּלוצלינג אָפּגעשטעלט.

— און וואָס פאַר אַ אומשטענדן קענען זיין גינסטיק פאַר מיין האָפענונג, חברטע בערטאַ?

— דאָס, זייט מוחל, געפינט אַליין אויס, חבר ברוינשטיין — האָט זי אַ לאַך געטון.

— אפשר וואָלט איר מיר מיט אַ ווונק אָנגעוויזן און פאַרשפּאָרט מיר קאָפּדרייעניש? — האָט ער ווייטער גערעדט מיט אַ קאָמישן טאָן.

— נישט אפילו מיט אַ האַלבן ווונק — האָט זי געענטפערט.

— אפשר וואָלט עס מיר אויסגעהאָלפן, ווען איך זאָל אייך חייזן ווי איך קען קושן?

— דאָס האָט איר מיר נעכטן געוויזן, און איך האָף, אַז איר וועט עס מיר נישט ווייזן מער, סיידן איר ווילט נישט, אַז מיר זאָלן פאַרבלייבן פריינט.

— הייסט עס, נישט אפילו אַ קוש?

— נישט אפילו אַ קוש, סיידן איך וועל עס אייך דערלויבן. . .

האָט ער דאַן מיטאַמאָל זי אַ שלעפּ געטון אַ ביסעלע אָן דער זייט פונם וועג, ווו דאָס גראָז איז געוואַקסן, אַרונטערגעלאָזט זיך אויף די קני און אויסגעשריגן כלומרשט אין אַ טראַגישן טאָן:

— אָ, הייליקע שוועסטער! אָ, שיער נישט שוויענטע מאַריע! וואָס פאַר אַ טאַקטיק זאָל איך אָנווענדן, כדי צו געווינען אייער דערלויבעניש כאָטש אויף אַ קוש?

האָט זיך בערטאַ פריילעך צעלאַכט.

— ווי קאָמיש איר זענט, ברוינשטיין, — האָט זי געלאַכט. — וואָס פאַר אַ שטיפער! ערנסט, איר געפעלט מיר. איך האָב גאָר מורא, אַז איך זאָל זיך נישט פאַרליבן אין אייך.

ער איז אויפגעשפּרונגען פון דעם גראָז מיט אַ געשריי:

— אוי, ראַטעוועט, האָט רחמנות! האָט נישט מורא און פאַרליבט זיך וואָס גיכער!

האָט זיך בערטאַ נאָך העכער צעלאַכט.

— איר זענט קאָמיש, ברוינשטיין.

האָט אים ווידער אַ כאַפּ געטון אונטערן אָרעם און אַ צי געטון אים מיט די ווערטער:

— קומט, שטיפער, מיר וועלן גיין צוריק.

*

*

עטלעכע טעג זענען פאַריבער. ברוינשטיין און בערטאַ האָבן זיך אַלץ מער פאַראינטערעסירט איינער אינם אַנדערן, פאַרבראַכט שעהן־לאַנג צוזאַמען, דיסקוטירנדיק די פאַרשידנסטע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות געהאַט צו דער היינטיקער און צוקונפטיקער געזעלשאַפט, צו דער אַרבעטער־באַוועגונג און צו דעם היינטיקן רוסלאַנד, און אַמאָל אויך די פּראָבלעמען פון ליבע, פון מאַן און פרוי...

אַ חוץ וועגן דעם פּראָבלעם פון ליבע האָבן זייערעביידנס מיינונגען וועגן די אַנדערע פראַגן זיך ווייניק אונטערשיידט.

ווען ברוינשטיין האָט באַרירט דעם ענין מאַן און פרוי, האָט בערטאַ מיט זיין מיינונג נישט מסכים געווען, און ער מיט איר מיינונג אויך נישט, און ביידע האָבן זיך דאַן געהיצט, און דערנאָך זענען זיי ביידע געבליבן באַ זייערע פריערדיקע מיינונגען.

רעדנדיק מיט איר וועגן דעם ענין מאַן און פרוי, האָט ער איר איינמאָל דערציילט וועגן זיינע דערפאַרונגען מיט פרויען, און זי האָט עס דאַן אָנגערופן „שווייניערייי".

אינם משך פון אָט דער צייט האָט ער אַ פּאָר מאָל געפּרוּווט צוטרעטן צו איר אויף זיין דרייסטן שטייגער, ווי ער איז געוווינט געווען צוצוטרעטן צו די אַנדערע פרויען, אָבער יעדעס מאָל האָט זי אים פריינדלעך געוואָרנט, אַז ער זאָל עס נישט טון, אויב ער וויל פאַרבלייבן פריינט מיט איר. האָט ער זי דערנאָך געהיטן, געהאַלטן זיך קאָרעקט מיט איר, געזוכט צו פאַרגלעטן דעם איינדרוק, געלייענט פאַר איר זיין ווערק, געלייענט פאַר איר זיינע לידער און צום סוף — ווידער! ברוינשטיין האָט ווידער געפּרוּווט.

און איינמאָל באַנאַכט, ווען זיי האָבן געשפּאַצירט, האָט ברוינשטיין געפרעגט:

— וואָס װאָלט געווען, אַז איך וואָלט זיך ערנסט הינגעריסן מיט אייך, בערטאַ?...

— איר? דאָס גלייב איך נישט — האָט זי געענט־פערט.

— פאַרוואָס גלייבט איר נישט?

— נישט מיט אייער בליק אויף פרויען און נישט מיט אייער דערפאַרונג מיט זיי, און נישט מיט אייער צוגאַנג צו זיי, קענט איר זיך ערנסט הינרייסן מיט א פרוי — האָט זי געזאָגט.

— אָבער איר זענט אַן אַנדערע, בערטאַ. אויף אַן אמת, וואָס וועט זיין, אַז איך וועל זיך פאַרליבן אין אייך ערנסט? — האָט ער ווידער געפרעגט.

— אַ פרייער פאַרליבט זיך און דערנאָך וועט איר זען — האָט זי געענטפערט.

— איר ווייסט? אויף מיין וואָרט, איך בין אין אייך שוין כמעט פאַרליבט.

האָט זי זיך אָנגערופן:

— „כמעט״!... וואַרט שוין ביז דער „כמעט״ וועט זיך אויך פאַרליבן...

האָט ער ווייטער גערעדט:

— אויף נאמנות, מיט יעדער מינוט ווער איך אין אייך אַלץ מער פאַרליבט.

האָט זי געזאָגט:

— אייער ליבע, הער דיכטער, גאַלאָפּירט צו שנעל. זי קען נאָך דעם אָטעם פאַרלירן, צי גאָר האַלז און נאַקן ברעכן. האַלט זי איין אַ ביסעלע!

— איר גלייבט מיר נישט, ווי איך זע.

— ניין, ברוינשטיין.

— פאַרוואָס?

— איך האָב אייך שוין געזאָגט פאַרוואָס — האָט בערטאַ געענטפערט און צוגעלייגט ערנסט: — און איבערהויפּט, ברוינ־

שטיין, איך האָב אייך שוין נישט איינמאָל געבעטן, אַז מיט מיר זאָלט איר זיך באַנעמען נישט אַזוי ווי איר זייט געוווינט זיך צו באַנעמען מיט די אַנדערע ווייבער. אָט מיט דער טאַקטיק וועט איר בײַ מיר מיאוס דורכפאַלן.

— וואָס פאַר אַ טאַקטיק מיינט איר ? — האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן.

— גענוג ! — האָט זי אים איבערגעבראָכן, און אין איר טאָן איז דאָס מאָל געווען עפּעס אַזעלכעס, פון וואָס ברוינשטיין האָט זיך אויף אַ מאָמענט פאַרלוירן.

אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער מיט פאַרדראָס אַ טראַכט געטון :

„צום טײַוול, וואָס פאַר אַ טאָן ! . . . זי באַהאַנדלט דאָך מיך עפּעס, ווי איך וואָלט געווען אַ ייִנגל !"

האָט פאַררייכערט אַ ציגאַרעט און גענומען נערוועז אויס־פּייפן עפּעס אַ מאָטיוו.

זי איז געגאַנגען לעבן אים און האָט נאָך אים געהאַלטן אונטערן אָרעם.

„פאַרוואָס לאָז איך איר רעדן מיט מיר אין אַזאַ טאָן" — האָט ער ווידער אַ טראַכט געטון, און זײַן פּייפן איז געוואָרן נער־וועזער.

האָט בערטאַ זיך דאַן מיטאַמאָל אָנגערופן :

— קאַוואַליער, פאַרוואָס האָט איר אײַער דאַמע נישט אָנגע־באָטן קיין ציגאַרעט, ווען איר האָט פאַררייכערט ?

האָט ער שווײַגנדיק איר דערלאַנגט אַ ציגאַרעט.

זי האָט פאַררייכערט דעם ציגאַרעט פון זײַנעם און דערנאָך געזאָגט :

— עפּעס איז מיר דער ציגאַרעט ברוגז. דער ציגאַרעט צי איר, ברוינשטיין ?

האָט ער אַ טראַכט געטון ווידער :

„זי זאָל רעדן און איך וועל שווײַגן ! . . . ניין, מען דאַרף איר עפּעס זאָגן, אַז עס זאָל איר פאַרגיין ביז צום זיבעטן ריפּ.

ווייזן איר, אז זי איז בא מיר גאר נישט קיין יחסנטע!... מען דארף אַוועקנעמען בא איר דעם אָרעם״....

און ביז ער האָט באַשלאָסן וואָס צו טאָן, האָט בערטאַ זיך ווידער אָנגערופן דערוויל:

— אָט אַזוי האָב איך אייך ליב, ווען איר שווייגט.

און פּלוצלינג האָט זי זיך צעלאַכט הויך אויפן קול, הילכיק און פריילעך.

און דאָ האָט ברוינשטיין מיטאַמאָל זיך אָנגערופן:

— הערט אויף!

און אַוועקגעריסן זיין אָרעם בא איר.

איז זי שטיין געבליבן און האָט אויפגעהערט צו לאַכן. דערנאָך האָט זי אַרויסגערעדט:

— וואָס איז ברוינשטיין?

— מ י ס ט ע ר ברוינשטיין! — האָט ער איר פאַרריכט מיט אַ טאָן וואָס איז געווען האַלב נערוועז און האַלב מיט ווירדע.

— וואָס איז, מיסטער ברוינשטיין? — האָט זי דאַן איבערגעפרעגט קאָמיש, באַטאָנענדיק דאָס וואָרט „מיסטער״, און אין איר קול האָט זיך ווידער דערהערט געלעכטער.

האָט ער געענטפערט:

— אייער געלעכטער קאָן איך נישט פאַרטראָגן. איר לאַכט, ווי מרס. יאַכנעטשיק.

— האָט זי זיך ווידער צעלאַכט נאָך הילכיקער איידערפריער.

האָט ער זיך א כאַפּ געטון:

— אויב איר וועט נישט אויפהערן צו לאַכן, לאָז איך אייך איבער און אַנטלויף פון אייך!

איז זי צוגעלאָפן צו אים, האָט אים אַ פּאַק געטון אונטערן אָרעם, אַ צי געטון זיך פאַר אים אין איר גאַנצן שלאַנקן וווקס און מיטן ציגאַרעט איגם מויל קאָקעטיש אים אַריינגעקוקט אין פּנים מיט לאַכעדיקע אויגן.

— נו, לויפט! — האָט זי דערנאָך אַרויסגערעדט פון אונ־טערן ציגאַרעט.

— לאָזט אָפּ מיין אָרעם! — האָט ער געזאָגט כּלומרשט גלייכגילטיק.

— וויל איך נישט! — האָט זי געענטפערט אין אַ צו להכעיס טאָן.

— איר וועט אָפּלאָזן...

— ניין, איך וויל נאָך אַ ביסל שפּאַצירן מיט אייך, מיסטער ברוינשטיין.

— איך וויל נישט שפּאַצירן — האָט ער געזאָגט.

— איר האָט דאָך ערשט געוואָלט, מיסטער?

— און איצט וויל איך נישט. נישט אינטערעסאַנט, מיס פרידלאַנד.

— וויל איך איצט. איז מיר אינטערעסאַנט צו שפּאַצירן מיט אייך, מיסטער.

— הערט אויס! — האָט ער זיך אָנגערופן. — לאָזט אָפּ מיין אָרעם. איך האָב אויך נישט ליב, אַז מען איז צו פרעך מיט מיר.

— און איך וויל זיין פרעך מיט אייך, אָט דווקא פרעך! — האָט זי געזאָגט, און אַ רוק געטון זיך נענטער צו אים, און אין אירע אויגן האָט זיך באַוויזן דער שעלמישער שמייכל.

און פּלוצלינג האָט ער ווילד זי אַ כאַפּ געטון און אַ שלעפּ געטון זי צו זיך מיט אַזאַ קראַפט, אַז זי האָט זיך מיט איר בוזים אָנגעשטויסן אָן זיינעם אויף מיט אירע קני אָן זיינע, און ער האָט זיך אַ צי געטון מיט זיינע ליפּן צו אירע און אַ רגע געשפּירט אויף זיין פּנים דעם הייסן, באַרוישנדיקן אָטעם אירן; אָבער נאָר אַ רגע, מחמת באַלד האָט זי מיט ביידע הענט זיך אָנגעשפּאַרט אָן זיינע אַקסלען, אַוועקגעצויגן איר פּנים פון אים און דערנאָך מיטאַמאָל אַ ריס געטון זיך פון אים אינגאַנצן.

זיי ביידע האָבן הייס געאָטעמט און ביידע האָבן איצט גע־שוויגן.

אַזוי זענען זיי געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע. דערנאָך האָט זיך

בערטאַ פּלוצלינג ווידער צעלאַכט און האָט ברוינשטיינען אַרויסגעשטעלט שטיפעריש די צונג. . .

האָט ער ווידער אַ טריט געטון צו איר און זי איז פון אים אַפּגעלאָפן.

— הערט אויס — האָט ער דאַן געזאָגט — אַז מען שפּילט זיך מיט מיר, צאָלט מען. קיין צונג שטעלט מען מיר נישט אַרויס. . .

— און איך שפּיל אויף קרעדיט — האָט זי זיך אָנגערופן.

— נישט מיט מיר — האָט ער אַרויסגעמורמלט אונטער דער נאָז, און צוגעלייגט: — איבערהויפּט, ווי איך זע, האָט איר וועגן מיר אַ פאַלשע מיינונג. איר האָט אינגאַנצן אַ טעות אין מיר.

— צום ביישפּיל? — האָט זי געפרעגט, שטייענדיק נאָך אַלץ פונדערווייטנס פון אים.

— איר מיינט דאָך געוויס, אַז איך האָב כּסדר אין זינען די ווייבער און די מיידלעך, זאָג איך אייך, אַז זיי שפּילן די קלענסטע ראָלע אין מיין לעבן: אפשר גאָרנישט קיין ראָל. . .

האָט זי זיך אָנגערופן מיט לייכטער איראָניע:

— אָבער איך, וואָס איך בין גאָר אַן אַנדערע, איידער די אַלע פרויען, וואָס איר האָט זיי ביז אַהער געקענט?

— איר זענט נישט קיין אַנדערע. איך האָב אַ טעות געהאַט.

— וואָס הייסט נישט קיין אַנדערע? יענע צאָלן און איך צאָל נישט, ווען מען שפּילט מיט מיר — האָט זי געזאָגט — איז דאָך שוין אַ חילוק צווישן זיי און מיר. נישט אַזוי?

— הערט אויס — האָט ער זיך דאַן אומגעדולדיק אָנגערופן — איר גייט, צי נישט? איך וועל אייך באַגלייטן צום האָטעל.

דעמאָלט איז זי צוגעגאַנגען צו אים.

— מעג איך אייך נעמען אונטערן אָרעם? — האָט זי געפרעגט, נאָך אַלץ מיט לייכטער איראָניע אין איר טאָן.

האָט ער נישט געענטפערט און זי האָט אים גענומען אונ־
טערן אָרעם.

— ווי גיך די ליבע ווערט בײַ אײַך אויסגעוועפּט — האָט
בערטאַ זיך אין אַ ווײַלע אַרום ווידער אָנגערופן — ווי גיך זי
ווערט בײַ אײַך צוערשט געוועבט און דערנאָך אויסגעוועפּט! . . .

און אַז ער האָט נאָך אַלץ נישט געענטפערט, האָט זי גע־
רעדט ווײַטער מיט אַ טאָן, ווי זי וואָלט געלאַכט פון אים.

— אָט ערשט געווען כמעט פאַרליבט און מיט יעדער מי־
נוט האָט זיך די ליבע אַלץ מער צעפלאַקערט, שיער נישט אַ שׂרפה
ממש. . . און מיטאַמאָל. . .

— הערט אויף צו שפּילן — האָט ער איר איבערגעשלאָגן —
איך האָב דאָס נישט געמיינט. איך רעד מיט אײַך איצט ערנסט.
איך בין גאָר נישט אַזוי פאַראינטערעסירט אין אײַך. אַלנפאַלס
נישט מער ווי אין יעדער אַנדערער פרוי. מײַן אַרבעט און טויזנט
אַנדערע זאַכן אינטערעסירן מיך מער איידער די שענסטע
פרוי.

נאָכדעם, אַז זיי זענען צוגעגאַנגען צום האָטעל, האָט ברוינ־
שטיין איר מיטאַמאָל געזאָגט: „גוט־נאַכט!“ איז אַרויף אויפן
באַניק, און פון דאָרט אין האָטעל־טיר, און ער איז אַוועק צו זיך
אין צימער.

„איך וועל איר ווײַזן, אַז זי האָט אין מיר אַ טעות גע־
האַט“ — האָט ער געטראַכט, אויסציענדיק זיך אויף זײַן בעטל —
„איך בין נישט קיין ייִנגל, געטראָפן שוין פרויען אין מײַן לעבן.
אַ קאָקעטקע ווי די אַנדערע, נאָר אַ כיטרע און מיט מער חוצפּה.
זי איז אַ בלאָף, אינגאַנצן אַ בלאָף. ווי אַזוי האָלט מען אַזעלכע
אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי?“. . .

און אפשר — איז אים דערנאָך מיטאַמאָל אײַנגעפאַלן —
רעדט זי און האַלט זיך אַזוי מיט אים אומישנע, ווײַל זי ווייסט,
ווער ער איז, און וויל זיך רייצן מיט אים? האָט זי זיך דאָך שוין
גערייצט מיט אים נישט איינמאָל זינט זיי האָבן זיך געטראָפן. . .

סײַ־ווי־סײַ, צום סוף איז בײַ אים געבליבן, אַז קיין צופיל
צײַט זאָל ער אויף איר נישט פאַרלירן, עס האָט זיך נישט גע־

לוינט. און ער האָט געהאַט אַ סך וויכטיקערע זאַכן, אויף וועלכע צו פאַרווענדן זיין צייט. און, דער עיקר, ווייזן איר, אַז ער איז גאָר נישט אַזוי פאַראינטערעסירט אין איר...

נאָכדעם האָט ער געלייענט אַרום אַ שעה; איבערגעלייענט די צייטונגען, אויפגעבראַכט געוואָרן פון אַן אַרטיקל קעגן די „ליני־קע", וואָס ער האָט איבערגעלייענט אין „פאָרווערטס"; אָנגערופן אין זיינע געדאַנקען דעם שרייבער פון יענעם אַרטיקל „סאָציאַל־פאַררעטער" און „געלער כוליגאַן"; דערנאָך גענומען לייענען אַ בוך לידער פון אַן אַנדערן דיכטער, אויך פון די בייע, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פון ניו־יאָרק און געפּרוּווט שוין עטלעכע מאָל עס לייענען און יעדעס מאָל אַוועקגעוואָרפן, מיט די ווערטער: „פּוּסטער פוּלווער אָן פייער", און ער האָט עס איצט אויך אַוועק־געוואָרפן מיט אומגעדולד.

— ווייס איך, טומלט! — האָט ער אַרויסגעמורמלט, און אַ שליידער געטון פון זיך דאָס בוך מיט די לידער — וואָס־ווען? און ער מיינט, אַז ער איז אַ רעוואָלוציאָנערער דיכטער, דער שוטה!...

און מיטאַמאָל איז אים אומעטיק געוואָרן, און ער האָט אַ טראַכט געטון:

„איכ'ל צוגיין צו דער קאַסינאָ!"...

ער איז דערנאָך אַרויסגעקומען אויפן גאַניק.

רעוורענד דייווידאָוו איז דאָרט געזעסן און האָט געשמועסט מיט אַ ייד, אַ גאַסט פון אַ צווייטן האָטעל.

אַז דער רעוורענד האָט דערזען ברוינשטיינען, האָט ער תיכּף זיך אָנגערופן צו אים:

— איר זוכט דאָך מסתּמא אייער כּלה? זי איז אַוועק אין קאַסינאָ טאַנצן. קומט אַהער, מיסטער ברוינשטיין. איך וועל אייך פאָרשטעלן אייער הייסן חסיד. ער האַלט פון אייך, הערט איר, גאָר אַן עולם ומלואה. דאָקטאָר שוואַרץ, דאָס איז, הערט איר, טאַ־קע מר. ברוינשטיין אַליין!..

דאָקטאָר שוואַרץ, אַ ייד אין ברילן, מיט אַ שפּיציק, גרוי־

לעך בערדל, האָט זיך אויפגעהויבן פון דער שטול און געדריקט מיט דרך־ארץ ברוינשטיינען די האַנט.

— אַן אַלטער פאַרערער אייערער, מיסטער ברוינשטיין — האָט ער געזאָגט — איך קען אייערע ציוניסטישע לידער כמעט אַלע אויף אויסווייניק.

— זענט איר אַ פאַרערער פון אַן אידיאָט! — האָט ברוינשטיין אַ געשריי געטון אים אין פּנים אַריין, און איז אַרונטערגעלאָפן פונם גאַניק.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. די פינצטערקייט האָט מען ממש מיט די פינגער געקענט אָנטאַפּן. ברוינשטיין האָט גענומען גיין פאַרזיכטיקער אין דעם חושך.

פלוצלינג האָט ער דערהערט דאָס געפילדער פונם פויק און דאָס קוויטשען פון דער פלייט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער קאַסינאָ, וועלכע האָט זיך געפונען הינטערן האָטעל, און ער איז מיט שנעלע טריט אַוועק אַהין.

און באַלד איז אַרויסגעשווומען דורך דער פינצטערניש די באַלויכטענע קאַסינאָ, ווו די געסט פונם האָטעל האָבן געטאַנצט. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ פענצטער און האָט אַריינגעקוקט.

און תּיכּף האָט ער דערזעען אינעווייניק בערטאַן. זי האָט געטאַנצט מיט מרס. ציפּאַרקעס. איז ברוינשטיין דערנאָך געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע, האָט געקוקט, ווי לייכט און גראַציעז בערטאַ האָט זיך געטראָגן איבער דער קאַסינאָ און ווי ליכטיק זי האָט געשמייכלט, און אים איז נאָך אומעטיקער געוואָרן.

און מיטאַמאָל האָט ער אַרויסגעמורמלט:

— אַזאַ בורזשויקע ווי זיי אַלע! אויך מיר אַ קאָמוניסטקע!...

און איז אַנטלאָפן פונם פענצטער.

ער איז אַוועק צוריק צום גאַניק פונם האָטעל.

דאָרט זענען נאָך געזעסן רעדנדיק דייווידאָו און דאָקטאָר שוואַרץ.

ווען ברוינשטיין איז אַרויף אויפן גאַניק, האָט דאָקטאָר שוואַרץ אים אָפּגעשטעלט.

— מיסטער ברוינשטיין — האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און איז צוגעגאַנגען צו אים — איר האָט מיר פריער עפּעס געזאָגט, וואָס איך האָב קלאָר נישט פאַרשטאַנען.

— איך האָב, דאַכט זיך, אייך דאָס קלאָר געזאָגט — האָט ברוינשטיין אַרויסגערעדט נערוועז.

דאָקטאָר שוואַרץ האָט אַ שמייכל געטון.

— אפשר האָט איר קלאָר געזאָגט, איך האָב אָבער קלאַר נישט פאַרשטאַנען. מסתמא בין איך אין דעם שולדיק, נישט איר.

האָט אים ברוינשטיין אַ חיילע אָנגעקוקט מיט אַ נער־וועזן שמייכל און געשוויגן. דערנאָך האָט ער זיך אָנגע־רופן:

— וואָס האָט איר געלייענט מיינס אין דער לעצטער צייט?

דאָקטאָר שוואַרץ האָט זיך דאַן פאַרענטפערט:

— דעם אמת געזאָגט, שוין היבשע עטלעכע יאָר, ווי איך לייען נישט קיין יידישע ליטעראַטור. צייט איז דאָ ווייניק. לייען איך ענגליש און העברעיש, ווען מיר פאַרבלייבט דאָס ביסל צייט.

ברוינשטיין האָט זיך צעלאַכט.

— אויב אַזוי פאַרשטיי איך, פאַרוואָס איר זענט מיין פאַרערער — האָט ער געזאָגט — אַ פאַרערער פון מיינע אַמאָ־ליקע קינדערישע לידער. איצט וואָלט איר מיין פאַרערער נישט געווען!

— פאַרוואָס?

— פאַרוואָס? — האָט ברוינשטיין איבערגעפרעגט — איר זענט דאָך מן הסתם אַ ציוניסט און אַ העברעיסט?

— יאָ.

— קאָנט איר נישט זיין מיין פאַרערער, ווייל ציוניסטן

און העברעיסטן זענען נישט קיין פאַרערער פון באָלשעווי-קעס.

— איר זענט אַ באָלשעוויק? — האָט דאָקטאָר שוואַרץ אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

ברוינשטיין האָט זיך ווידער צעלאַכט.

— וואָס וואונדערט זיך אַזוי מיין פאַרערער? — האָט ברוינ-שטיין אים איראָניש געענטפערט — ווען מיין פאַרערער וואָלט מיך געלייענט די לעצטע יאָרן, וואָלט איר איצט פאַרשפאָרט זיך צו וואונדערן.

דאָקטאָר שוואַרץ האָט נשתומם צעפּירט זיינע ביידע הענט.

— איך פאַרשטיי נישט — האָט ער ווידער אָנגעהויבן מיט צער אין קול — ווי אַזוי אַזאַ יידישער דיכטער, ווי איר, דער משורר פון אַזעלכע פייערדיקע ציוניסטישע לידער, זאָל גאָר קאָ-נען איין רגע סימפּאַטיזירן מיט די באָלשעוויסטישע רוצחים, וועל-כע האָבן איינגאַנצן חרוב געמאַכט דאָס יידישע לעבן אין רוס-לאַנד...

— אַ ליגנט! — האָט ברוינשטיין זיך מיטאַמאָל אָנגעצונדן — זיי בויען ערשט אַ ניי יידיש לעבן אין רוסלאַנד. אַ פּראָ-דוקטיוו יידיש לעבן...

דאָקטאָר שוואַרץ האָט זיך דאַן אויך געהיצט און גענומען טענהן, אַז די באָלשעוויקעס האָבן אַרונטערגעבראַכט די רוסישע יידן ביז צו אַ מדרגה פון בעטלער; אַז די באָלשעוויקעס פאַר-פאָלגן די יידישע רעליגיע, אונטערדריקן די העברעישע שפּראַך, אַרעסטירן ציוניסטן און פאַרוואַנדלען יידישע בתי-מדרשים אין אַר-בעטער-קלובן, ווו הפקר-יינגן טאַנצן און הולטייעווען מיט צע-לאָזענע מיידלעך און שיקסעס...

און ברוינשטיין, ענטפערנדיק אים, האָט זיך אַלץ מער צע-פלאַקערט און זיך צעשריגן.

— ער, דר. שוואַרץ הייסט עס, ווייסט נישט, וואָס ער רעדט — האָט ברוינשטיין געשריגן — ער רעדט נאָך די שונאים

פון די באָלשעוויקעס, די קאַפּיטאַליסטישע און די העברעישע צייטונגען.

— נו, קומט אַהער, מענטש! — האָט ברוינשטיין אים אָנ־געכאַפּט פאַר אַ לאַץ און געשריגן אים אין פּנים אַריין — איר זייט דאָך עפּעס אַ דאָקטאָר, מן הסתם דאָך אַ שטיקל אינטעלי־גענטער מענטש, — ווי זעט איר נישט דאָס, וואָס נאָר בלינדע איפּן מאַרך, פּשוטע אידיאָטן, קענען דאָס נישט זעען!

— וואָס זעען, וואָס? — האָט דאָקטאָר שוואַרץ אים אי־בערגעשלאָגן אַ צעקאָכטער.

— דעם היסטאָרישן נס, יאָ, דעם היסטאָרישן נס, וואָס דעם רוסישן ייד האָט געטראָפן!...

— אַ היסטאָרישער נס? — האָט זיך דאָקטאָר שוואַרץ צע־לאַכט אויפגערעגט.

— יאָ, יאָ, די באָלשעוויקעס זענען דער גרעסטער היסטאָ־רישער נס אין דעם שיקזאַל פון דעם ייד אין רוסלאַנד! — האָט ברוינשטיין געענטפערט מיט פייער — איך רעד שוין נישט פון דעם, אַז ווען נישט זיי מיט זייער אייזערנער, רע־וואָלוציאָנערער ענערגיע, וואָלטן אפשר ביז היינט דאָרט אַלע יידן אויסגעקוילעט געוואָרן. איך וויל נאָר רעדן פון דעם, וואָס איר האָט געזאָגט, אַז זיי האָבן אַרונטערגעבראַכט די יידן ביז צו דער מדרגה פון בעטלער. ניין, די יידן זענען דאָרט דערהויבן געוואָרן, דאָקטאָר! טאַקע פון בעטלער, וואָס זיי זענען פריער גע־ווען, פון לופט־מענטשן, אָן אַ זיכערן באָדן; פון מענטשן, וואָס זיי האָבן פריער געבעטלט זייער חיונה ממש בײַ דער לופט, קאָן מען זאָגן, ווערן זיי איצט דערהויבן צו מענטשלעכער ווירדע, צו דער הויכער מדרגה פון נוצליכע, פּראָדוקטיווע מענטשן, מיט אַ זיכערן באָדן אונטער די פיס. עדות אויף דעם זענען די צענדלי־קער טויזנטער האָרעפּאַשנע יידן, די פריערדיקע לופט־מענטשן, וואָס אַקערן און זייען היינט די ערד און די נייע, אויפגעבויטע יידישע קאָלאָניעס, און די אַנדערע הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס וועלן מאָרגן די ערד אַקערן און זייען אין די קאָלאָניעס, וואָס די באָלשעוויסטישע רעגירונג שאַפט פאַר זיי. ווייזט מיר נאָך

אַזאַ נס אין דער גאַנצער געשיכטע פונם יידישן פאָלק. איבעריקנס, וועגן דעם קענט איר זיך אויך ערקינדיקן בײַ די רייכע יידן פונם דזשאָינט. זיי זענען דאָך שוין אוודאי נישט קיין באָלשעוויקעס! . . .

ברוינשטיין איז געווען אַזוי צעהיצט, אַז ער האָט גאָרנישט באַמערקט, ווי אויף דעם גאַניק איז פריער אַרויס בערטאַ, איינגעוויקלט אין אַ ווייס טוך און ווי זי האָט זיך געזעצט אויף אַ שאָקל-שטול, נישט ווייט פון אים, און זיך צוגעהערט.

— אַ געוואַלט, וואָס פאַר אַ נס! — האָט דאָקטאָר שוואַרץ זיך נערוועז צעלאַכט — מען וועט מאַכן די יידן פאַר רוסישע פויערים! דעם עם הספר וועט מען פאַרסטיאָפּקעווען און פאַראיוואַנעווען, אַ גוואַלטיקער היסטאָרישער נס? צוליב דעם מעג מען טאַקע זינגען „הנותן תשועה“ פאַר די באָלשעוויקעס!

— די באָלשעוויקעס וועלן שוין אויסקומען אָן אייער „הנותן תשועה“: זיי קענען זיך אַליין גאַנץ פיין העלפן. אַי, העלפן זיי זיך! אַי, נותנען זיי זיך די תשועה! — האָט ברוינשטיין געלאַכט.

דאָקטאָר שוואַרץ האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— אוודאי, דאָס קענען זיי נאָך בעסער איידער דער צאַר. זיי העלפן זיך, און נאָך ווי! פאַר אַ וואָרט קעגן זיי, פאַר דער מינדסטער קליינינקייט — צוגעשטעלט צום ווענטל און דערשאָסן! רעליגיע איז אָפּיום, העברעיש אין חרם, ציוניסטן — קאָנטער-רעוואָלוציאָנערן און אַרעסטירט.

— אָבער יידיש איז בײַ זיי נישט אין חרם! — האָט זיך מיטאַמאָל אַריינגעמישט בערטאַ און זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט און איז צוגעגאַנגען צו זיי.

ברוינשטיין האָט זי דערזעען, האָט ער פאַרגעסן, אַז ער איז געווען ברוגז אויף איר, און זיך פאַרוווּנדערט אָנגערופן:

— פונוואַנען האָט איר זיך גענומען?

זי אָבער האָט אים נישט געענטפערט און גערעדט ווייטער צו דאָקטאָר שוואַרצן:

— און עס פרעגט זיך, פאַרוואָס האָבן די באָלשעוויקעס

אַנערקענט יידיש פאַר איינער פון די אָפיציעלע שפּראַכן פונם לאַנד און זענען קעגן העברעיש.

— מחמת די יעווסעקעס, ימח שמם. אָט די בני סורר ומורה, האָבן אַזוי געוואָלט האָט דאָקטאָר שוואַרץ געענט־פערט.

— און פאַרוואָס האָבן די יעווסעקעס אַזוי געוואָלט? — האָט בערטאַ ווייטער געפרעגט.

— ווייל זיי זענען משומדים. מן הסתם, ווייל די תורה איז אויף דעם לשון געשריבן, ווייל דער גאַנצער יידישער גייסט איז דורך אָט דעם לשון אויסגעדריקט, דער גייסט פון די יידישע נביאים און חכמים — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט.

— אַ נייער גייסט איז איצט — האָט זיך ברוינשטיין ווידער צעהיצט — און ער דאַרף אויסגעדריקט ווערן אין דער שפּראַך פון די האָרעפּאַשנע יידישע מאַסן, און דאָס איז די יידישע שפּראַך! די האָרעפּאַשנע יידישע מאַסן זענען פרעמד סיי העברעיש און סיי זיין גייסט. אַ נייע צייט, דאָקטאָר, און אַ נייער גייסט באַ זיי!

דאָקטאָר שוואַרץ האָט נערוועז אַ מאַך געטון צו אים מיט ביידע הענט.

— אַך, לאָזט צורו! אַ שיינע נייע צייט, אַ שיינער נייער גייסט!

בערטאַ האָט זיך ווידער אָנגערופן:

— אַז מיר ווייזט זיך אויס, אַז מען אונטערדריקט דערפאַר העברעיש אין סאָוויעט־רוסלאַנד, ווייל דאָס רוב פון די העברעישע שרייבער זענען אַנטי־באָלשעוויקעס און האָבן געשריבן אַנטי־באָל־שעוויסטיש.

— און ווו איז די פרייע רעדע?

— נישט אין דער צייט פון אַ רעוואָלוציע, און בפרט פון אַזאַ רעוואָלוציע, ווו די באָלשעוויקעס האָבן געהאַט און האָבן נאָך איצט אויך צו קעמפן קעגן אַ גאַנצער וועלט. אין אַזאַ צייט איז נאַטירלעך, אַז מען רוימט אָפּ פון וועג אַזוי פיל שטערונגען, וויפיל מען קען נאָר — האָט בערטאַ געענטפערט.

רעווערענד דייווידאָוו, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט צוגע-הערט מיט אַן אָפן מויל, האָט דאָ זיך איינגעבויגן צום דאָקטאָר שוואַרצן און האָט צים איינגערוימט אַ סוד:

— דאָס איז זיין כלה. אַ רייכע. איר טאַטע, הערט איר, איז אָנגעטאָפּטשעוועט מיט הייזער!

דאָקטאָר שוואַרץ האָט מיט אַ שפּאָטישער מינע צוגעשאָקלט דעם קאָפּ. דערנאָך האָט ער זיך מיטאַמאָל געווענדט צו בערטאַן, קוקנדיק שפּאָטיש אויף איר דורך זיינע ברילן:

— איך הער, אַז אייער פאָטער איז אַ הויכער מאַן. וואָלט איר אויך געווען אַ באָלשעוויטשקע, ווען די באָלשעוויקעס נעמען בײַ אים אַוועק אַלע זיינע הייזער?...

בערטאַ האָט זיך צעלאַכט.

— אוי, הלוואי! פון מיינעטוועגן כאָטש מאָרגן! — האָט זי געלאַכט, און זיך געווענדט צום רעווערענד דייווידאָוו: — רעווערענד, אַזוי האַלט איר אַ סוד?

רעווערענד דייווידאָוו האָט זיך געלאַסן אַ גלעט געטון די באָרד און געענטפערט:

— דאָס איז דאָך שוין נישט מער קיין סוד. אַלע, הערט איר, ווייסן שוין סיי, אַז איר זענט ברוינשטיינס כלה און סיי וואָס פאַר אַ טאַטן איר האָט, מיט פרידלאַנד!

דערנאָך האָט דאָקטאָר שוואַרץ זיך אָנגערופן:

— מילא, מען דאַרף גיין. איך גיי היינט אַוועק פונדאַנען מיט גרויס צער — האָט ער זיך אַ קער געטון צו ברוינשטיינען, וועלכער האָט זיך איצט געוויגט אויף אַ שאָקל-שטול און געריי-כערט: — איך האָב זיך גאָרנישט געריכט, אַז דער יידישער דיכ-טער ברוינשטיין, וואָס האָט אַזוי שיין אַמאָל באַזונגען דעם יידנס האָפנונג, איז איצט גאָר אַ באָלשעוויק...

— איך באַזינג איצט די האָפנונג פון אַלע פעלקער, האָט נישט קיין צער, דאָקטאָר! — האָט ברוינשטיין געענטפערט.

דאָקטאָר שוואַרץ איז אַוועק און רעווערענד דייווידאָוו מיט אים. ברוינשטיין איז געבליבן אַליין מיט בערטאַן אויף דעם גאַ-נ'ק.

— ווי געפעלט אייך, בערטאַ, אַזאַ קאָנטער־רעװאָלוציאָנער ? — האָט ער זיך מיטאַמאָל געווענדט צו איר.

אָנשטאָט אים צו ענטפערן, האָט זי אַרויסגערעדט: „גוט-נאַכט" און איז פאַרשוואונדן אין דער האָטעל־טיר.

ברוינשטיינס צעטומלטע אויגן זענען אויף אַ רגע ווי פאַר־גליווערט געוואָרן אויף דער טיר, דורך וועלכער בערטאַ איז פאַר־שוואונדן.

דאַן האָט ער זיך געפרעגט: „וואָס איז דאָס ?" און זיך גע-ענטפערט באַלד, אַז דאָס איז דערפאַר מסתמא, ווייל ער האָט איר פריער, בשעת ער האָט זי צוגעפירט צום האָטעל, אויך אַזוי אָפּ־געטון: געזאָגט איר „גוט־נאַכט !" און איז אַנטלאָפן. . .

האָט ער גענומען דערנאָך לאַכן אין זיך. באַצאָלט אים, הייסט עס, מיט אַ „גוט־נאַכט" פאַר זיין „גוט־נאַכט". . . מילא, זיין באָבעס דאגה ! . . .

און ער האָט זי האַלב ברוגז און האַלב־גוטמוטיק אָנגערופן אין זיינע געדאַנקען „איבערגעדרייטער צילינדער" — מיטן נאָמען, וואָס זיינס אַ באַקאַנטער לאַנדסמאַן האָט אים, ברוינשטיינען אַליין, אַמאָל גערופן. . .

און אין אַ ווײלע אַרום האָט ער זיך ווידער געזאָגט כמעט דאָס אייגענע, וואָס ער האָט זיך עס נישט איינמאָל שוין געזאָגט, זינט ער האָט זיך געטראָפן מיט בערטאַן:

— כאַפּט זי דער רוח ! פאַרוואָס טראַכט איך אינגאַנצן אַזוי פיל פון איר ? נישט טראַכטן און נישט אומקוקן זיך אפילו מער אויף איר, די בעסטע זאַך ! . . .

און ער איז דערנאָך אַרויף צו זיך אין צימער, האָט גע־נומען אַ בוך און אָנגעהויבן צו לייענען.

און לייענענדיק, איז אים אומעטיק געווען, און קעגן דער־דאָזיקער אומעטיקייט האָט ער זיך געוועהרט און זי געטריבן פון זיך, ווי מען טרייבט אַ זשוזשענדיקע פליג, וואָס זי קומט תיכף צוריק נאָך מיט אַ בייזערן זשוזשען, און ער האָט זי נישט גע־קאָנט פאַרטרייבן. . .

# ניינטער קאַפּיטל

## ברוינשטיינס פּלאָנטער

אויף מאָרגן, ווען ברוינשטיין איז אַרויסגעקומען אין עס־צי־מער צום פרישטיק, איז בערטאַ שוין דאָרט געזעסן באַם טיש. ער האָט זיך געזעצט אויף זיין אָרט, לעבן איר, און נישט אַ קוק טוענדיק אויף איר, האָט ער איר געזאָגט „גוט מאָרגן" מיט גלייכגילטיקער העפלעכקייט און צוגערוקט צו זיך די טעלער מיט פרוכט, וואָס איז געשטאַנען אָנגעגרייט פאַר אים אויפן טיש.

און בערטאַ האָט דווקא אים געענטפערט אויף זיין „גוט מאָרגן" מיט אַ פריינדלעכן שמייכל אין קול און געקוקט אויף אים אַזוי איינפאַך און פריילעך, אַזוי ווי צווישן זיי וואָלט נעכטן גאָר נישט געשען.

— ווי האָט זיך עפּעס אייך די נאַכט געשלאָפן? — האָט זי געפרעגט.

— פיין! — האָט ער געענטפערט מיט אַ גלייכגילטיקער מינע, און זי אַליין נישט מזכה געווען מיט זיינס אַ בליק.

און דערביי האָט ער אַ טראַכט געטון:

„אָט אַזוי, ווען איך האָב איר געוויזן, אַז זי איז באַ מיר נישט קיין יחסנטע, איז זי שוין גאָר אַנדערש געוואָרן"...

און ברוינשטיין איז באַ זיך תקיפער געוואָרן.

„די איינציקע טאַקטיק קעגן זיי" — האָט ער געטראַכט ווייטער.

— וואָס זענט איר היינט אַזוי פאַרטראַכט? — האָט בערטאַ ווידער געפרעגט.

האָט ער איר געענטפערט:

— איך טראַכט וועגן מיין אַרבעט, פון קיין אַנדערע זאַך טראַכט איך נישט.

האָט זי אַ לאַך געטון און געזאָגט:

— אַזוי דאַרף זיין.

ערשט איצט האָט ער אַ קוק געטון אויף איר, און אויך גאַנץ גלייכגילטיק, און זיך אָנגערופן:

— וועגן אַנדערע זאַכן דריי איך מיר קיינמאָל נישט ערנסט דעם קאָפּ!

האָט זי ווידער אַ לאַך געטון און ווידער געזאָגט:

— אַזוי דאַרף זיין!

זי איז אָנגעטון געווען היינט אין אַ טונקעלן קלייד מיט דורכזיכטיקע אַרבל און די ווייסקייט פון אירע אַקסלען און אָרעמס האָט דורכגעלויכטן דורכן שטאָף פונם קלייד, און אינגאַנצן האָט זי איצט אויסגעוויזן ברוינשטיינען פרישער און העלער מיט אירע קלאָרע, בלויע אויגן און בלאָנדן קאָפּ, אַזוי פריש און העל, ווי ממש ערשט אויסגעבאָדן אין דער פרישער בערגיקער העלקייט...

„שיין איז זי, דאָס מיז מען צוגעבן!" האָט ער דאַן אַ טראַכט געטון, און מיטאַמאָל האָט זיך באַ אים אַרויסגעריסן קעגן זיין ווילן:

— הערט אויס, איך וואָלט וועלן לייענען פאַר אייך דאָס קאַפּיטל פון מיין ווערק, וואָס איך האָב נעכטן אָנגעשריבן.

— אדרבה — האָט זי געזאָגט — איך אַליין וואָלט אויך וועלן הערן. נאָכמיטאָג וועלן מיר לייענען, אַז איר ווילט...

— גוט. און וואָס איך וועל היינט אָנשרייבן אויך... אַלזאָ היינט נאָכמיטאָג, בערטאַ?...

— יאָ, האָט זי געענטפערט, — אייער אַרבעט אינטערעסירט מיך שטענדיק...

ער איז דערנאָך אַוועק צו זיך אין צימער און האָט געאַרבעט, ווי יעדן אינדערפרי, ביז מיטאָג.

נאָך מיטאָג איז ער אַוועק מיט בערטאַן אין וועלדל אונטערן רויטן באַרג, צו לייענען פאַר איר.

זיי זענען אַריין אין וועלדל און האָבן זיך דאָרט געזעצט אויפן טיפן גראָז, צווישן די טונקעלע שאָטנס פון די ביימער.

— ווי גוט דאָ איז! — האָט זיך בערטאַ אָנגערופן — איר האָט באַ זיך אַ ציגאַרעט?

און זיי ביידע האָבן פאַררייכערט.

דאַן האָט זי מיטאַמאָל זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז מיטן פּנים צו ברוינשטייגען, אָנגעלענט איר בלאָנדן קאָפּ אויף אַן אָרעם, געררייכערט און געשוויגן.

— זאָל איך לייענען? — האָט ער געפרעגט, אַרויסנעמענדיק דעם מאַנוסקריפּט פון אונטערן בוזעם.

— יאָ, געוויס — האָט זי געענטפערט.

און ער האָט גענומען לייענען. און זי האָט די אויגן פון אים נישט אַראָפּגענומען, און אין אַ ווײַלע שפּעטער האָבן זיי זיך צעלויכטן וואַרעם און בלוי, און אַ שמייכל, ווי אַ ליכטיקער שטראַל, האָט זיך אויף אירע ליפּן אָנגעצונדן.

און מיטאַמאָל האָט זי זיך אויפגעזעצט און צוגערוקט נענטער צו אים און ווײַטער געקוקט אויף אים און זיך צוגעהערט.

דעם ציגאַרעט האָט זי שוין לאַנג געהאַט אַוועקגעוואָרפן.

אַזוי האָט ער געלייענט אַ קנאַפּע שעה און נאָר מפסיק געווען, ווען ער האָט פאַררייכערט אַ נײַ ציגאַרעטל.

און ווען ער האָט געענדיקט, האָט זי נאָך אַ ווײַלע געקוקט אויף אים מיט וואַרעמע אויגן און דערנאָך זיך אָנגערופן:

— אינטערעסאַנט. זייער אינטערעסאַנט. מערקווירדיק, גאָר אַן אַנדערער ברוינשטיין. נישט אַזוי ערדיש, ווי דער, וואָס איך קען אים.

— איר קענט מיך נישט — האָט ער געזאָגט מיט אַ פאַרטראַכטן שמייכל.

— איך זאָג נישט, אַז איך קען אייך גוט, אַ ביסעלע אָבער קען איך אייך. און אפשר — האָט זי זיך פאַרכאַפּט — קען איך אייך טאַקע גאָרנישט. איר זייט אַזוי פאַרשידנזײַטיק. נאַיוו און קינדיש און קלוג, שטיפעריש און ערנסט. אָפנהאַרציק און כיטרע-

דיפלאָמאַטיש, אַ ווילדע בריאה און דער שענסטער אידעאַליסט.

— אָבער וואָס זאָגט איר וועגן דעם ווערק? — האָט ער איר איבערגעשלאָגן.

— איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט: זייער אינטערעסאַנט, און וואָס איך באַוווּנדער באַזונדערס, איז די נישט ערדישקייט, וואָס הויכט פון אייער ווערק אַרויס...

— עס איז ערדיש, דורכאויס ערדיש — האָט ער מיט בערטאַן נישט מסכּים געווען — ערדיש, נאָר פון אַ באַפרייטער און פרייער ערד.

— איר האָט מיך קלאָר נישט פאַרשטאַנען, ברוינשטיין — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן, — נישט אין דעם זין האָב איך געמיינט. „נישט ערדיש" רוף איך אָן דעם געוואַלדיקן גלויבן אייערן, וואָס שפּירט זיך אין אייער ווערק. בלויז אַזאַ גלויבן קאָן שאַפן אַזעלכע ווערק, וואָס זיי זאָלן מאַכן אַן איינדרוק פון אמתדיקייט.

— מאַכט מיין ווערק אַזאַ איינדרוק?

— גאַנץ באַשטימט. די נייע צייט שפּירט זיך. מען זעט די נייע מענטשן. מען זעט ווי דער יחיד איז איבערגעגעבן צום כּלל און ווי דער כּלל זאָרגט זיך פאַר דעם יחיד. די פרייד און די זאָרגלאָזיקייט און דער אידעאַליזם פון דער נייער צייט שפּירט זיך דאָרט. אָבער — זאָל איך אייך זאָגן, ברוינשטיין? וועט איר נישט אין כּעס ווערן?

— זאָגט, זאָגט! — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון.

— אייער העלדין אָקטיאַברינאַ איבערצייגט מיך נישט...

— צום ביישפּיל?

— ווען זי ליבט איר מאַן נאַוואָס און זי זעט, ווי ער פאַרליבט זיך אין אַן אַנדערער, פרייט זי זיך. אין דעם האָט זי מיך נישט איבערצייגט. ניין!

ברוינשטיין איז נערוועז געוואָרן

— דאָס האָב איך פריער געוווּסט — האָט ער זיך אָנגע-

רופן. — נאַטירלעך, אַ פרוי, וואָס געהערט מיט אַלע אירע חושים צו דער פאַרגאַנגענהייט, איז דאָס שווער צו גלייבן.
בערטאַ האָט זיך צעלאַכט.
— איר מיינט עס טאַקע מיך אַליין, ברוינשטיין?
ער האָט איר גלייך נישט געענטפערט און פאַררוקט דעם מאַנוסקריפּט אונטערן בוזעם. דאַן האָט ער אַרויסגערעדט:
— פאַרוואָס זאָל זיך אָקטיאַברינאַ נישט פרייען, ווען איר מאַן איז גליקלעך? פאַרגעסט נישט, אַז איך מאָל פרייע מענטשן.
— דאָס איז דאָך די געשיכטע — האָט בערטאַ געענטפערט — וואָס איך גלייב נישט, אַז אפילו אין אַ געזעלשאַפט צווישן די פרייסטע מענטשן וועט זיך אַ פרוי פרייען דערמיט, וואָס איר מאַן, וועלכן זי ליבט, וועט ליבן אַן אַנדערע פרוי.
ברוינשטיין האָט איראָניש אַ שמייכל געטון און זיך אָנגע־רופן:
— פאַרוואָס גלייבט איר נישט?
— ווייל די ליבע און אירע אייגנשאַפטן וועלן פאַרבלייבן, מיין איך, אַפילו בײַ דעם פרייסטן מענטש. און איינע פון די היפּש־אייגנשאַפטן אין דער ליבע איז: צו וועלן באַזיצן דעם מענטש, וואָס מען האָט אים ליב, אינגאַנצן. און אויב אַזוי — וועלן אַפילו די פרייסטע מענטשן זיין אונטערגעוואָרפן די אַלע אַנדערע אייגנ־שאַפטן, וואָס זיי גייען האַנט בײַ האַנט מיט דער ליבע: דער בענ־קעניש און די יסורים פון אייפערזוכט אַפילו. אַזוי הייזט זיך מיר אויס, ווייניקסטנס. און דערפאַר גלייב איך נישט, אַז אַפילו די פרייסטע פרוי וועט זיך פרייען דערמיט, וואָס דער מאַן, וועלכן זי האָט ליב, וועט ליבן אַן אַנדערע פרוי.
— האָט איר אַ טעות — האָט ברוינשטיין געזאָגט. — אַפילו אין דער היינטיקער צייט באַקעמפן אין זיך אמת אינטעליגענטע פרייע מענטשן, סיי דער מאַן און סיי די פרוי, דאָס דאָזיקע מיאוסע געפיל, וואָס מען רופט אייפערזוכט. איר רעדט אַזוי, ווייל, ווי איך זע, שטעקן נאָך אין אַלע אייערע ביינער די זאַבאַבאָנעס און די פאָראורטיילן פון דער אַלטער צייט!

בערטאַ האָט לאַכנדיק אויסגעשריגן:

— אוי, אוי, איר וועט מיך באַלד זידלען! נו, גוט, גוט, זאָל זיך דאָרט אייער אַקטיאַברינאַ פרייען דערמיט, וואָס איר מאַן האָט זיך פאַרליבט אין אַן אַנדערער; איך זאָג אייך אָבער, אַז איר, ברוינשטיין, זאָלט נישט גלייבן אייער העלדין, ווען זי זאָגט, אַז זי פרייט זיך דערמיט, אויב זי אַליין האָט באמת ליב איר מאַן באַוווּס!...

— איך גלייב איר! — האָט ברוינשטיין אויסגעשריגן מיט פייער און איז אויפגעשפרונגען פונם אָרט מיט פינקלענדיקע אויגן — מיט מיין גאַנצן האַרץ גלייב איך איר. זי איז אַזאַ. זי מוז זיין אַזאַ. קיין אַנדערע קאָן זי נישט זיין. זי האָט זיך באַפרייט פון די אַלע פאַרשימלטע פאָראורטיילן פון דער אַלטער וועלט אין יעדן פרט, און אויך אין דעם פרט. זי איז גליקלעך מיט איר מאַנס גליק, ווי אַן אַנדער מאַן וועט שפעטער גליקלעך זיין אין מיין ווערק דער־מיט, וואָס זיין ווייב, וועלכע ער האָט ליב, וועט געפינען גליק בײַ אַ צווייטן מאַן. פאַרגעסט נישט, אַז זיי זענען מענטשן מיט אַ גאַנץ נייער פסיכאָלאָגיע, מיט אַ פסיכאָלאָגיע, וואָס איך שפיר זי מיט מיין יעדן חוש, יאָ, מיט מיין יעדן חוש, מחמת איך אַליין פיל, אַז איך וואָלט פונקט אַזוי רעאַגירט און געהאַנדלט, אָט אַזוי ווי מיינע העלדין, אפילו היינט נאָך!

בערטאַ האָט געקוקט אויף אים מיט ליכטיקע אויגן; איצט, מיט זיין אָנגעצונדענעם פנים און מיט זיינע צעפינקלטע אויגן, און נאָך מער, מיט זיין פייערדיקן טאָן, פול מיט גלויבן און איבער־צייגונג, איז ער איר געכעלן געוואָרן מער איידער ווען־עס־אין פריער.

זי האָט זיך דערנאָך אָנגערופן:

— אפשר, ברוינשטיין, זייט איר גערעכט, וואָרים יעדער מענטש אורטיילט דעם צווייטן לויט זיך אַליין, לויט זיין אייגענער דערפאַרונג. און מיין דערפאַרונג — איך בין זיך אַליין מודה — איז אַזאַ, אַז ווען איך האָב ליב אַ מאַן, וויל איך, אַז ער זאָל מיר געהערן נישט נאָר מיט זיין גוף, נאָר אינגאַנצן, אינגאַנצן, נאָך מער מיט זיין נשמה, ווייל איך אַליין געהער צו אים אויך אַזוי.

און גאַנץ אומגליקלעך וואָלט איך זיך געפילט, ווען איך וואָלט באַמערקט, אַז ער האָט אַן אַנדערער אָפּגעגעבן אַ טייל פון זיך. נאַטירלעך, קיין סקאַנדאַלן וואָלט איך אים דערפאַר נישט געמאַכט, ניכער וואָלט איך זיך צעשיידט מיט אים, אָבער געליטן וואָלט איך סיי־ווי־סיי. און איך בין אַ פרייע פרוי: איך פאַרזיכער אייך, ברוינשטיין, דורכאויס אַ פרייע...

— אוודאי — האָט ברוינשטיין אויסגעשריגן מיט שפּאָט — אַ באַווייז, איר געהערט דאָך צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי!...

— באַלאַנג איך טאַקע נישט — האָט זי געזאָגט.

— וואָס הייסט? — האָט ער זי אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט.

— איך האָב קיינמאָל צו דער פּאַרטיי נישט באַלאַנגט.

— היינט פאַרוואָס רופט מען אייך „קאָמוניסטקע"?

— ווייל איך שטיי נענטער צו קאָמוניסטן איידער צו אַלע אַנדערע; ווייל אין מיינע אויגן זענען זיי היינט דער לעבעדיקסטער כוח, וואָס שאַפט איבער די וועלט.

— היינט פאַרוואָס טרעט איר נישט אַריין אין דער פּאַרטיי?

— מחמת אין אַ סך פּרטים בין איך מיט זיי נישט מסכּים; און אויף אַזאַ אופן וועלן זיי מיך נישט אַריינגעמען אין זייער פּאַרטיי.

האָט ברוינשטיין מיטאַמאָל געזאָגט:

— זיי טאָרן אייך נישט אַריינגעמען. איר זענט נאָך נישט דערוואַקסן צו זיי.

— עס קען זיין! — האָט בערטאַ זיך ווידער צעלאַכט.

און פּלוצלינג איז זי אויפגעשפּרונגען פונם גראָז מיט די ווערטער:

— הערט נאָר, עס איז דאָך דאָ ערגעץ אַ טייכל, פאַרוואָס גייט איך זיך נישט באָדן! איר גייט, ברוינשטיין?

און זי איז אַוועק, און ער נאָך איר.

*    *
*

פאַרנאַכט זענען זיי ווידער געגאַנגען שפּאַצירן, בערטאַ אָנ־געשפּאַרט אויף זיין אָרעם.

זיי זענען געגאַנגען מיטן וועג צום וואַלד צו.

אַרום זיי האָט זיך אַלץ מער געגרוקס די פינצטערניש פון דער נאַכט, וואָס האָט ביסלעכווייז פאַרשלונגען די בערג און דעם וואַלד, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך צעפלאָסן אַזאַ חושך, אַזוי ווי מען וואָלט אין דער לופטן אויסגעגאָסן גאַנצע פעסער טינט, וואָס עס וואָלט דערנאָך דאָרט געבליבן פאַרגליווערט הענגען...

ברוינשטיין האָט מער נישט געקאָנט זען לעבן זיך בערטאַן און בערטאַ ברוינשטיינען.

— קומט אין קאַסינאָ — האָט ברוינשטיין דערהערט בער־טאַס קול.

— די קאַסינאָ וועט זיך ערשט עפענען שפּעטער. דערווייל קאָנען מיר נאָך שפּאַצירן — האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן.

— וועט איר טאַנצן מיט מיר? — האָט זי דאַן גע־פרעגט.

— אויב איר וועט קאָנען מיין טאַנץ, וועל איך מיט אייך טאַנצן — האָט ער געענטפערט.

— וואָס הייסט, אויב איך וועל קענען אייער טאַנץ?...

— ווייל איך האָב מיין אייגענעם טאַנץ, מיין אייגענע שאַ־פונג, פאַרשטייט איר מיך, וואָס איך אַליין בלויז קען אים טאַנצן.

— אַזוי גאָר? און ווי הייסט אייער טאַנץ?

— ברוינשטיינס טאַנץ...

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין טאַנץ?

— שוין איינמאָל אַ טאַנץ. דאָס ווערק פון ברוינשטיינען אַליין, קיינעם נישט נאָכגעמאַכט. דורכאויס אָריגינעל.

— אָבער וואָס איז דאָס פאָרט פאַר אַ מין טאַנץ? דערקלערט מיר...

— שטעלט זיך פאָר — האָט ברוינשטיין איר גענומען דערקלערן — איר זייט אין דער קאַסינאָ און מען ברעכט אייך אויס אַ פוס — צי דעם רעכטן, צי דעם לינקן, קיין חילוק נישט — און דאָ צינדט זיך אָן מיטאַמאָל די קאַסינאָ, און איר מוזט לויפן אויף איין פוס, צי צו אַ פענצטער, צי צו דער טיר, כדי צו ראַטעווען אייער טייער לעבן... קאָנט איר זיך פאָרשטעלן דאָס בילד, ווי ווילד און מיט וואָס פאַר אַן אימפעט איר שפּרינגט דאַן אויף איין פוס? אָט דאָס איז ברוינשטיינס טאַנץ!...

— וועט איר שווייגן? — האָט בערטאַ זיך צעלאַכט הילכיק און מיט דער האַנט דורך דעם אַרומיקן חושך אָנגעטאַפּט ברוינשטיינס מויל און זי אַרויפגעלייגט אויף זיינע ליפּן.

האָט ער די הויט פון איר האַנט פאַרשטשעמעט צווישן זיינע ציין און בערטאַ האָט אים דערפאַר אַ קלאַפּ געטון מיט דער האַנט איבער די ליפּן און אַרויסגערעדט גוטמוטיק:

— ווילדער!

דערנאָך האָט ברוינשטיין ווידער דערהערט בערטאַס קול, וואָס האָט געקלונגען פאַרטראַכט:

— וואָס פאַר אַ חושך! אַזוי ווי מיר וואָלטן איצט געגאַנגען דורך אַ פינצטערן טונעל... און פאַרוואָס דווקא איצט? אַז מען וויל, קען מען זאָגן, אַז דאָס גאַנצע לעבן אונזערס איז אַ מין פינצטערער טונעל, פון וועלכן מיר רייסן זיך כסדר אויף דער ליכטיקייט...

ברוינשטיין האָט אַ דריק געטון איר דעם אָרעם און אַרויסגערעדט מיט געבעט:

— אוי, נאָר נישט קיין פילאָזאָפיע, האָט רחמנות, בערטאַ! מיר האָבן שוין היינט גענוג פילאָזאָפירט... רעדט וועגן עפּעס אַנדערש...

— וועגן וואָס זאָל איך מיט אייך רעדן?

— וועגן אייך, צי וועגן מיר און אייך... יאָ, יאָ — האָט פאַר זיך אַ כאַפּ געטון — רעדט טאַקע וועגן מיר, וועלכער לויפט אייך נאָך, ווי אַ ייִנגל, ווי אַן אידיאָט...

— איך וועל רעדן וועגן אייך און אייער אַרבעט — האָט זי זיך דאַן אָנגערופן — איר ווייסט, ברוינשטיין, איך בין אייך זייער מקנא. מיר ווייזט זיך אויס, אַז די איינציקע גליקלעכע מענטשן, אמת-גליקלעכע, זענען די קינסטלער.

די גליקלעכסטע און די איינזאַמסטע מענטשן אויף דער וועלט — האָט ברוינשטיין געזאָגט — אין יענער צייט, בשעת זיי שאַפן, זענען זיי די גליקלעכסטע. דערנאָך אָבער, ווען זיי האָבן פאַרלאָזט די וועלטן און די באַפעלקערונג פון זייער פאַנטאַזיע און קומען אין באַרירונג מיט דער ממשותדיקער וועלט און אירע מענטשן, זענען זיי זייער איינזאַם. פרעמד איז זיי די וועלט און פרעמד פילן זיי זיך צווישן די מענטשן. און איך זאָג אייך, אַז ווען נישט די פרויען און אַמאָל דאָס גלעזל וויין, וואָלט אַ מענטש מיט אַ קינסטלער-נאַטור זיך געדאַרפט הענגען פאַר איינזאַמקייט און לאַנגווייליקייט אין אָט דער וועלט!...

בערטאַ האָט אַ לאַך געטון:

— קורץ, די פרויען זענען די „שוץ-ענגעלס" פון די קינסט-לער. אפשר זענען זיי גאָר באַשאַפן געוואָרן פאַר די קינסט-לער?...

— אַלצדינג, וואָס איז שיין, איז באַשאַפן געוואָרן פאַר דעם קינסטלער, בערטאַ. ווייל נאָר דער קינסטלער קען ריכטיק באַוווּנ-דערן שיינקייט.

אַ ווײַלע האָבן זיי דערנאָך געשוויגן. נאָכדעם האָט בערטאַ זיך ווידער אָנגערופן:

— הייסט עס, אַז ווען נישט די פרויען און דאָס ביסל וויין, וואָלט איר זיך שוין לאַנג געהאַט געהאָנגען? איר רעדט דאָך אויף זיך לשון הרע, ברוינשטיין. איר, דער גלייביקער רעוואָלו-ציאָנער...

ער האָט איר איבערגעשלאָגן:

— איך האָב נישט גערעדט פון זיך. איך פאַרמאָג אַנדערע

אינטערעסן, אויסער ריין קינסטלערישע. אין דעם פּרט בין איך אַ סך גליקלעכער איידער מיינע אַנדערע קאָלעגן. אָפּט קוק איך אויף זיך אינגאַנצן נישט ווי אויף אַ קינסטלער, נאָר ווי אויף אַ פּויק, וואָס קלאַפּט טרעוואָגע פאַר דער רעוואָלוציע און פאַר דער בייער צייט...

— ניין — האָט בערטאַ אים אַ דריק געטון דעם אָרעם — דאָס איז נישט אמת! איר זייט אַ קינסטלער, אָט דווקא דערפאַר, ווייל אין אייערע ווערק אַנטפּלעקט זיך די נייע צייט.

און פון אירע ווערטער איז אים אַזוי וואַרעם געוואָרן, אַז ער האָט אין דעם חושך אָנגעטאַפּט איר האַנט און זי צוגעטראָגן צו זיינע ליפּן.

— איר ווייסט, בערטאַ — האָט ער זיך דערנאָך אָנגערופן מיט אַ האַרציקן טאָן — אָט ווייזט זיך מיר איצט אויס, אַז מיר קענען זיך שוין אַזוי לאַנג, זינט יאָרן און יאָרן, און איר זענט מיר אַזוי באַקאַנט; און אַן אַנדערש מאָל ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך קען אייך גאָרנישט; אַז איר זענט מיר אינגאַנצן פרעמד. פאַר־וואָס איז עס, בערטאַ?

— איך ווייס נישט. איך קען אייך נאָר זאָגן, ברוינשטיין, אַז מיר זענט איר נישט פרעמד.

— היינט פאַרוואָס האַלט איר זיך מיט מיר אַזוי? — האָט ער געפרעגט.

— ווי מיינט איר אַזוי?

— אָט נעמען, למשל, האָט איר מיך אַזוי באַליידיקט, אַז איך האָב דערנאָך געהאַט באַשלאָסן באַ זיך צו מאַכן אַ סוף צו אונזער באַקאַנטשאַפט אינגאַנצן — האָט ברוינשטיין געענטפערט.

— אָ, דאָס מיינט איר? — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן, און זי האָט גערעדט ווייטער — דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל מיט אייך וויל איך פאַרגעסן, אַז איך בין אַ פרוי, אָט דווקא ווייל איר זענט מיר אַזוי סימפּאַטיש, און איר דערמאַנט עס מיך בסדר...

— ווילט איר גאָר נישט געפעלן אַלס פרוי? — האָט ער געפרעגט.

— פריער אַלס מענטש. יעדנפאַלס אייך. איך מיין נישט צו זאָגן, אַז מיר איז נישט אָנגענעם צו הערן אַמאָל אַ קאָמפּלימענט פון אַ מאַן, למשל, אַז איך בין שיין; ניין, מיר איז דאָס נישט דייניקער אָנגענעם צו הערן, ווי יעדער אַנדערער פרוי. אָבער ווען איך באַמערק, צי איך דערפיל, אַז אַ מאַן קוקט אויף מיר, ווי אויף אַ שטיק גוף און נישט מער, באַליידיקט עס מיך. און בפרט איז עס מיר נישט אָנגענעם, ווען איר קוקט אַזוי אויף מיר...

זי האָט זיך פלוצלינג צעלאַכט.

— נישט איין מאַן האָב איך דערפאַר אַוועקגעשטעלט פאַר אַ שפיגל און געוויזן אים זיין אידיאָטיש פּרצוף — האָט זי געזאָגט לאַכנדיק — אַמאָל טו איך עס מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. ווען איך וואָלט נישט געהאַט קיין דרך־ארץ פאַר אייערע גוטע מעלות, וואָלט איר דאָרט באַ מיר אויך שוין לאַנג געשטאַנען.

— וווּ? וואָס מיינט איר?

— פאַרן שפיגל, מיט אויסגעשטאַלאָפּאָנזשעטע אויגן, ווי די דזשענטללייט דאָרט אין דער פאַרם, ווו איך בין געווען איידער איך בין אַהערגעקומען. זיי האָבן געהערט, פאַרשטייט איר מיך, ווי איך האָב אַמאָל פאַרטיידיקט פרייע ליבע און האָבן זיך דערוווּסט, ווער איך בין... נו, נו, איז געוואָרן אַ יאַגעניש נאָך מיר! דאָרט איז געווען אַ בוטשער, אַ גראָסערימאַן, אַ מאַנופעקטשורער, האָבן זיי אַלע פאַרקאַטשעט די פּאָלעס און דאַוואַי לויפן נאָך מיר! אַוועקגיין פון זיי העלפט נישט; אויסזידלען זיי? גיי שטעל זיך אַוועק זידלען אָט די ברואים! האָב איך גענומען פלירטעווען מיט זיי. שייך פלירטעווען! אָט די קונסט קאָן איך גוט. קורץ, עס איז דאָרט איינמאָל לעבעדיק געווען! און איך ווינטש אייך גאָרנישט אויסצוזעען, ווי יענע דאָרט האָבן באַ מיר צום סוף אויסגעזעען!

— אַזוי גאָר? — דאָס קענט איר אויך? איך האָב עס גאָר נישט געוווּסט — האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן. — דאַרף מען דאָך פאַר אייך זיך היטן.

— מיט אייך פלירטעווע איך ווייניק, כמעט גאָרנישט; יעדנפאַלס נישט אַזוי ווי איך קען. איר וועט נאָך אַמאָל מסתמא זען,

זאָס פּאַר אַ טאַלאַנט איך האָב דערצו — האָט בערטאַ געזאָגט פרײלעך.

— און פּאַרוואָס פלירטעוועט איר נישט מיט מיר ? — האָט ברוינשטײן געפרעגט.

— איך האָב אײך שוין געזאָגט : װײל איך האָב דרך-ארץ פאַר אײערע גוטע מעלות — האָט בערטאַ געענטפערט.

— פלירטעוועט איר בלויז מיט אַזעלכע, פאַר װעמען איר האָט נישט קײן דרך-ארץ ?

— בלויז מיט אַזעלכע, װײל מײן פלירטעווען איז שפּאַס. ס׳רוב פאַראַכטונג. מיט מענטשן, װאָס זײ זענען מיר סימפּאַטיש, פלירטעווע איך נישט. איך װײז זײ אַרויס אַן אויפריכטיקע פרײנט-שאַפט אויף דעם אײנפאַכסטן שטײגער.

— און אַז איר פאַרליבט זיך אין עמעצן ?

— אָ, דאָס איז מיר שווער ! — האָט זי זיך װידער צע-לאַכט.

— נו, שטעלט זיך פאָר, בערטאַ, איר פאַרליבט זיך אין מיר...

— װען דאָס װעט זײן, פאַרזיכער איך אײך, ברוינשטײן, אַז איך װעל עס אײך זאָגן אויך אויף דעם אײנפאַכסטן שטײ-גער...

— װעט עס אַמאָל זײן ?

— אפשר. פאַרוואָס נישט ? אַלצדינג קען טרעפן.

ברוינשטײן האָט אַ װײלע געשוויגן און דערנאָך זיך אָנגע-רופן :

— איר װײסט, בערטאַ, איר זענט פאַר מיר אײנגאַנצן אַ רעטעניש. װאָס לענגער איך בין מיט אײך, אַלץ װײניקער קען איך אײך. אײנמאָל װײזט איר זיך מיר אויס דורכויס אַ פרײע פרוי, און אַ צװײט מאָל...

— אַ פרוי מיט די זאַבאַבאָנעס און די פאָראורטײלן פון דער אַלטער װעלט ? — האָט בערטאַ אונטערגעכאַפּט מיט שפּאָט אינם טאָן.

— יאָ, בערטאַ, צום בײשפּיל : װען מיר האָבן זיך גע-

טראָפן צום ערשטן מאָל, האָט איר אַזוי ביטער אויסגעלאַכט די פאַרהייראַטע העלדין פון יענעם ענגלישן בוך, וועלכע, ווען זי פאַרליבט זיך אין אַ צווייטן מאַן, ווערט זיך קעגן איר געפיל, ביזוואַנען זי פאַרלירט זיך, און דערנאָך ווייזט זי און פאַרלירט זיך ווידער... איר געדענקט?

— יאָ, איך געדענק, איז וואָס?

— דערנאָך זענט איר באַפאַלן יענע פרייע פרויען, וועלכע ליבן היינט איינעם און מאָרגן אַן אַנדערן...

— איר מיינט — האָט בערטאַ אים איבערגעשלאָגן — וועלכע ליבן אינגאַנצן נישט: נישט היינט און נישט מאָרגן? דאָס איז דאָך די געשיכטע מיט אייך, ברוינשטיין — האָט זי גערעדט ווייטער — וואָס באַ אייך איז אָדער אינגאַנצן ווייס, אָדער אינגאַנצן שוואַרץ. הערט־זשע אויס, ברוינשטיין, איך וועל פרובירן אייך דערקלערן ווי אַזוי איך קוק אויף דעם. יענע פאַרהייראַטע פרוי, וועלכע פאַרליבט זיך אין אַן אַנדערן מאַן און ווערט זיך קעגן איר געפיל און זינדיקט דאָך דערנאָך, און קלאָגט אויף איר זינד און זינדיקט ווייטער; יענע פרוי, הגם איך קאָן אויף איר רחמנות האָבן, אָבער מיין העלדין איז זי נישט. וואָרים מיין העלדין וועט נישט האַלטן די ליבע פאַר אַ זינד, אין דערפאַר וועט זי זיך נישט ווערן קעגן איר געפיל. זי וועט זאָגן איר מאַן, אַז זי האָט ליב אַן אַנדערן, וועט אַוועק צו יענעם און דערמיט געענדיקט. און וואָס איז שייך יענע פרויען, וועלכע האָבן באַציונגען היינט מיט איין מאַן און מאָרגן מיט אַן אַנדערן, עקלען זיי מיך פשוט, ווייל אין מיינע אויגן דערנידעריקן זיי דאָס העכסטע און דאָס הייליקסטע, וואָס איז דעם מענטש געגעבן געוואָרן — די ליבע. האָבן באַציונגען מיט אַ מענטש אָן ליבע, איז פּראָסטיטוציע, ווי און ווען און מיט וועמען דאָס זאָל נישט פאָרקומען, אַזוי קוק איך אויף דעם און אַזוי פיל איך וועגן דעם.

— ווי ראָמאַנטיש איר זענט! — האָט ברוינשטיין אַ לאַך געטון.

— אויב איך בין ראָמאַנטיש, שעם איך זיך נאָר נישט דערמיט. אַ גרויס גליק איז צו זיין ראָמאַנטיש. אפילו איז דער פרייסטער

בעזעלשאַפט וועט עס זיין איינס פון די העכסטע: יאָ, דאָס סאַמע העכסטע גליק. וואָרים וואָס הייסט ראָמאַנטיש? עס הייסט דאָס ארויסשטראַלונג פון דעם ליכטיקסטן און דעם שענסטן, וואָס ס'איז פאַרהאַן אין דעם מענטש. עס הייסט, צו געפינען דאָס העכסטע גליק אין ליידן פאַר אַ מענטש און אפילו שטאַרבן פאַר אים. און דאָס הייסט אויך, אויב איר ווילט, צו זעען און צו פילן דאָס שענסטע און דאָס הערלעכסטע אין עפּעס, וואָס עס איז באמת גאָר נישט שיין...

ברוינשטיין האָט זיך דאַן אָנגערופן:

— איך קאָן נישט זיין אַזוי ראָמאַנטיש.

— ווייל איר האָט קיינמאָל נישט געליבט — האָט בערטאַ באַמערקט.

— און איר האָט יאָ געליבט? — האָט ברוינשטיין פּלוצלינג געפרעגט — און אפשר ליבט איר נאָך איצט עמעצן? זאָגט דעם אמת, בערטאַ.

זי האָט געענטפערט:

— וועגן מיינע פּריוואַט־אָנגעלעגנהייטן רעד איך מיט קיינעם נישט.

האָט ער זיך דאַן אַנטשולדיקט פאַר איר:

— איך פאַרשטיי: נישט געדאַרפט אייך שטעלן אַזאַ פראַגע. אַנטשולדיקט.

און ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— אַלזאָ, פון אונזער איצטיקן שמועס דאַרף איך פאַרשטיין, אַז איר ווילט איך זאָל פאַרגעסן, אַז איר זייט אַ פרוי.

זי האָט זיך אָנגערופן:

— וועט איר דאָס קענען?

— שווערלעך אַ ביסל. אָבער איך וועל עס פּרווון.

— פּרווט נישט רעדן עטלעכע טעג וועגן ליבע — האָט זי דאַן געזאָגט.

— אַלזאָ, וועגן וואָס מעג איך רעדן מיט אייך?

— וועגן אַלצדינג אין דער וועלט: וועגן דער באַוועגונג, ליטעראַטור, אייער אייגענער אַרבעט, אין וועלכער איך בין שטאַרק

פאַראינטערעסירט. גאָט מיינער, אַזאַ מענטש ווי אייך פעלט דען
וועגן וואָס צו רעדן?

ער האָט איר אַ דריק געטון די האַנט.

— פאַר אייער אינטערעסירן זיך מיט מיין אַרבעט, דאַנק
איך אייך, בערטאַ. צוליב דעם אַליין איז פאַר מיר אַ סך ווערט,
וואָס איך האָב אייך געטראָפן.

און דאַן האָט זיך דורך דעם אַרומיקן חושך דערהערט דאָס
קלאַפּן פון אַ פויק, און אָפּגעריסענע, קוויטשענדיקע טענער פון אַ
פידל און אַ פלייט.

און אין אַ ווײַלע אַרום זענען פאַר זיי אַרויסגעשווומען די
פייערלעך פון דעם האָטעל דורך דעם חושך און באַלד די באַלויכ-
טענע קאַסינאָ.

צוזאַמען מיט דער שרייענדיקער און קוויטשענדיקער מוזיק
האָט זיך פון דער קאַסינאָ איצט געטראָגן אַ טומל פון מענטשלעכע
קולות און געלעכטער.

ברוינשטיין און בערטאַ זענען אַוועק אַהין.

* *

*

די קאַסינאָ איז געפּאַקט געווען. אויסער די ווייבער און
מיידלעך פונם האָטעל, ס'רוב פון זיי געשמינקטע, געפּודערטע, מיט
בלישטשענדיקע רייפלעך אַרום די געשוירענע האָר, און אַנדערע
מיט רויטע בענדער אַרום די שטערנס, זענען דאָרט געווען נאָך
אַנדערע געסט, סיי פרויען און סיי יינגעלייט, פון די שכנישע האָ-
טעלן און פאַרמס.

און אַזוי ווי פרויען און מיידלעך זענען דאָרט געווען צען
צען מאָל אַזוי פיל וויפיל יינגעלייט, האָבן געטאַנצט דאָס רוב
פרויען מיט פרויען, און האָט איינע פון זיי געטאַנצט מיט אַ יינגנ-
מאַן, האָט זי ממש געלויכטן פון דעם געדאַנק, אַז פון די אַלע
ווייבער און מיידלעך האָט ער זי אויסגעוויילט...

מרס. יאַכנעטשיק, מיט אַ בלישטשענדיקע רייף אַרום די האָר

האָט געטאַנצט מיט מרס. ציפּאָרקעס, וואָס זי האָט געטראָגן אַ רויטע באַנד אַרום שטערן. די ביידע טעכטער פון מרס. קאָהען האָבן דווקא געטאַנצט מיט ייִנגעלייט, וואָס זענען געקומען אַהער פון צווייטן האָטעל, און זייער מאַמע, מרס. קאָהען, איז געזעסן אויף אַ באַנק מיט צונויפגעלייגטע אָרעמס אויף איר ברוסט און געקוקט אויף זיי מיט אַ קעלבערנעם שמייכל.

די איבעריקע ייִנגעלייט האָבן געטאַנצט מיט די מיידלעך, מיט וועלכע זיי זענען אַהערגעקומען.

אין דער טיר איז געשטאַנען רעווערענד דייווידסאָן אין אַ הרחבהדיקער פּאָזע, האָט געררייכערט אַ ציגאַר און געקוקט מיט אַזאַ מינע אויף זיינע באַקאַנטע ווייבער און מיידלעך, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט זאָגן: „טאַנצט, ווייבער! טאַנצט, מיידלעך! הלוואַי בּאַ אייך אויף חתונות און אויף בריתן!“

פון דרויסן האָט אין אַ פענצטער אַריינגעשטעקט זיין בלאָנדענעם קאָפּ, מיט אַ ברייט־שמייכלענדיקן פּנים, דער פּוילישער שגץ, וועלכער האָט געאַרבעט אין דעם האָטעל און ער האָט אויך געקוקט אויף די ווייבער און מיידלעך, וואָס זיי האָבן געטאַנצט.

אין אַן אַנדער פענצטער האָט אַריינגעקוקט די קעכין פון דעם האָטעל, אַ דיקע ייִדענע, ווי אַ פעסל שמאַלץ, אין וועלכן עס וואָלט אַרומגעשווומען אַ קאָפּ מיט קליינסשיקע, פאַרזשמורעטע אויגן און מיט אַ צופרידענעם שמייכל.

בערטאַ און ברוינשטיין האָבן זיך געזעצט איינער לעבן אַנדערן אויף אַ באַנק לעבן אַ פענצטער און האָבן געקוקט ווי דער עולם האָט געטאַנצט.

און פּיטאַמאָל האָט זיך בערטאַ צעלאַכט.

— זעט, ברוינשטיין, ווי די קאַפּעליע אַרבעט דאָרט! — האָט זי זיך אָנגערופן. — איבערהויפּט קוקט אַן דעם פידלער.

ברוינשטיין האָט אַ קוק געטון צו דער עסטראַדע:

אַ ייִנגערמאַן, מיט זיינע האָר צעוואָרפן איבערן שטערן, האָט באַגייסטערט געאַרבעט אויף זיין פידל און דיריגירט מיט זיין

באַנצן מאָגערן קערפּער. דאָ האָט ער זיך אויסגעבויגן, דאָ אויס־געגלייכט, דאָ צוזגעקלאַפּט מיט די פיס און באַלד אונטערגע־שפּרונגען. און דערביי געדרייט זיינע פאַרגלאָצטע אויגן אַהער און אַהין, דאָ רעכטס און דאָ לינקס, ווי אַ קאַפּעלמייסטער זיין טאַקט־שטעקעלע.

דריי אַנדערע קלעזמער זענען געזעסן קעגן אים און האָבן מיט אַזאַ באַגייסטערונג ווי ער געאַרבעט אויף זייערע כּלים.

דער פּיאַניסט, אַ קיילעכיק בחורל מיט גרויסעברילן אויף זיין פולן, רונדן און נאַרישעוואַטן פּנים, האָט שפּילנדיק זיך אַזוי געהאָטשקעט אויף זיין רונדער שטול, אַז מען האָט געקאָנט מיי־נען, אַז פון דער שטול קלאַפּט ער אַרויס אָט די מוזיק מיט זיין האָטשקען.

דער צווייטער, אַ פלייטיסט, האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט עפּעס געזייגט פון זיין אינסטרומענט, און וואָס מער ער האָט עס געזייגט, אַלץ מער טעם האָט ער אין דעם געפונען און אַלץ מער האָט זיך צעברענט זיין אַפּעטיט.

דער דריטער מיט אַ לאַנגן האַלז, מיט אַ גרויסן, פלייציקן קנאָפּ, האָט געאַרבעט איבער אַ גרויסער פּויק, און באַ יעדן זעץ אין באַראַבאַן האָט דער קנאָפּ אויף זיין האַלז אַ טאַנץ געטון אַרויף און מען האָט געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז פון דעם קלאַפּ אין פּויק.

ברוינשטיין האָט באַמערקט:

— די געוויינלעכע קאַפּעלע, וואָס מען קאָן טרעפן אין יעדן דורכשניטלעכן זומער־האָטעל אין די בערג.

פּלוצלינג איז צוגעגאַנגען צו בערטאַן מרס. ציפּאַרקעס אַ צעפלאַמטע און זי געפרעגט:

— ווילט איר טאַנצן?

אַנשטאָט איר צו ענטפערן, איז בערטאַ אויפגעשפּרונגען, האָט זי אַ כאַפּ געטון באַ דער טאַליע און זיך אַוועקגעטראָגן מיט איר צווישן די אַנדערע פּאָרלעך.

און ברוינשטיין, וואָס האָט די אויגן פון איר נישט גע־

קאָנט אָפּרייסן, האָט געזעען ווי לייכט און גראַציעז זי האָט זיך געטראָגן צווישן די אַנדערע פּאָרלעך, ווי זי האָט אַרויסגעשיינט צווישן זיי אַלעמען ממש ווי אַ ליכטיקייט, און עס האָט אים פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער האָט נישט געקאָנט טאַנצן.

און דערנאָך זענען מרס. ציפּאָרקעס און בערטאַ ווידער צוגעגאַנגען צו אים, און בערטאַ האָט איצט אויסגעזעען פאַררויטלט, און אירע בלויע אויגן האָבן געלויכטן וואַרעמער.

מרס. ציפּאָרקעס האָט זיך אָנגערופן צו אים אַ פּאַרסאַפּעטע:

— איר וועט דאָך מסתמא מיר אַנטשולדיקן, פאַרוואָס איך האָב אויף אַ ווײַלע פון אייך אַוועקגענומען אייער כּלה?

— האָט בערטאַ פאַר אים געענטפערט:

— אַוודאי. מיין חתן איז נישט אייפערזיכטיק, בפרט צו אַ פרוי.

מרס. ציפּאָרקעס האָט אַ שמייכל געטון און איז אַוועק צו מרס. יאַכנעטשיק.

דערנאָך האָט זיך בערטאַ געווענדט צו ברוינשטיינען:

— חתן, אויב איר וועט זיין אַ מענטש, וועל איך נאָך מיט אייך היינט טאַנצן אייער טאַנץ. וואָס זיצט איר אַזוי אָנגעבלאָזן? — האָט זי זיך איבערגעשלאָגן.

— איך ווייס נישט. עפּעס אומעטיק.

— ווייל איך בין אויף אַ ווײַלע אַוועק פון אייך?

— אפשר — האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכל און זיך פאַרכאַפּט: — איך האָב אָבער מורא דאָס צו זאָגן.

זי האָט זיך צעלאַכט אים אין פּנים אַזוי פריילעך און האַרציק, אַז ער האָט אויך גענומען לאַכן.

איצט האָט זי אים אויסגעזעען, ווי זי וואָלט איינגאַנצן געאָטעמט מיט לעבנס־פרייד און גליק, און פון אירע בלויע, פינקלדיקע אויגן האָבן זיך זוי שטראַלן געצויגן.

איינער פון די יינגעלייט איז דאַן צוגעגאַנגען צו איר און האָט זי איינגעלאַדן צו טאַנצן.

בערטאַ האָט אַרומגערעגנומען דעם הוט פון קאָפּ און דער־לאַנגט ברוינשטיינען.

אירע האָר זענען דווקא נישט גלאַטן געשוירן, זענען גע־לעגן אין אַ דיקן, בלאָנדן קניפּ אויף איר צאַרטן, ווייסן האַלז.

זי איז אַוועק מיטן יינגנמאַן, און ווידער האָט ברוינשטיין איר נאָכגעקוקט, איר יעדן ריר נאָכגעקוקט, איר יעדן זשעסט, יעדע פּאָזע. און מיט התפעלות האָט ער געקוקט, ווי זי איז געגאַנ־גען, ווי זי האָט זיך באַוועגט, ווי זי האָט איינגעבויגן דעם קאָפּ און אויפגעהויבן דעם אָרעם.

און ווען זי איז דערנאָך אַוועק טאַנצן מיטן יינגנמאַן און ברוינשטיין האָט באַמערקט יענעמס אָרעם אַרום איר טאַליע, האָט זיך אים פּלוצלינג אויסגעוויזן, אַז דער יינגערמאַן האָט זי געהאַלטן אַרומגענומען צו פרעך.

און ווידער האָט אים פאַרדראָסן, איצט נאָך מער ווי פריער, פאַרוואָס ער האָט נישט געקאָנט טאַנצן.

עס איז אים אָבער באַשערט געווען צו טאַנצן מיט איר יע־נעם אָוונט.

שפּעטער האָט בערטאַ אים אַ כאַפּ געטון באַם אָרעם און מיט געוואַלט אים אַוועקגעשלעפּט צו טאַנצן „ברוינשטיינס טאַנץ".

פריער האָט ער זיך געלאָזט בעטן, און טאַקע זיך אַ ביסע־לע צוגעשעמט אויך; דערנאָך אָבער האָט ער מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטון זי בײַ דער טאַליע און משוגענערהייט זיך אַוועקגעטראָגן מיט איר איבער דער קאַסינאָ אַהין און צוריק, שפּרינגענדיק דאָ אויף איין פוס און דאָ אויף דעם אַנדערן, און בײַלד צוטופּענדיק ווילד מיט ביידע פיס, און בערטאַ, מיט אַ הילכנדיק געלעכטער, האָט אים נאָכגעטון און געשפּרונגען אַזוי ווי ער, נאָך ווילדער, פייערדיקער איידער ער.

די אַנדערע פּאָרלעך האָבן אויפגעהערט צו טאַנצן און גע־קוקט ווי „חתן כלה" האָבן זיך משוגע געמאַכט.

און ברוינשטיין און בערטאַ האָבן אַזוי ווי פאַרגעסן, וואָס

ארום זיי טוט זיך, און זיי האָבן זיך געטראָגן איבער דער קאַסינאָ מיט ליאַרם און געלעכטער. און גאָר נישט מיד געוואָרן צו שפּרינגען און צו קלאַפּן מיט די פיס, אָט אַזוי ווי שטיפער קינדער וואָלטן זיך צעיושעט.

און די קלעזמער אויף דער עסטראַדע — דער פידלער, דער פלייטן־שפּילער, דער פּיאַניסט און דער פּייקלער — קוקנדיק אויף זיי, האָבן זיך אויך צעיושעט, צעליאַרעמט און צעקוויטשעט.

— אָט אַזוי פאַרברענגען חתן־כּלה — איז דערנאָך צו זיי צוגעגאַנגען דער רעוורעדנד מיט אַ הרחבהדיקן שמייכל — הערט איר, עס איז אַ נחת געווען צו קוקן!

נאָך צען, ווען דער גאַנצער עולם האָט פאַרלאָזט די קאַסינאָ, האָט בערטאַ זיך געזעגנט מיט ברוינשטיינען:

— גוט נאַכט, חתן! גוט נאַכט, טענצער! — איך ווינטש אייך גוטע חלומות. און דערווייל טראַכט וועגן אייער ווערק. איר וועט מאָרגן ווייטער לייענען.



אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט ברוינשטיין געשריבן אַזאַ בריוו צו זיינס אַן אינטימען פריינד:

„צרות, ברודער, גרויסע צרות! דיין פריינד ברוינשטיין גייט דאָ שלים־שלימזלדיק. אויף אַזאַ מפּלה האָט ער זיך קיינמאָל נישט געריכט. אָפּגעטון האָט זיך פון אים אינגאַנצן זיין פריערדיקער מזל בײַ ווייבער. דאָס הייסט, בײַ ווייבער בכלל אפשר נישט, אָבער ווער קוקט עס אויף די אַנדערע ווייבער? ווער האָט עס אויגן פאַר זיי, ווען די פּאָר פאַרשמאַכטע קוקערס זענען כּסדר געווענדט נאָר צו איינער? ... אָ, ברודער, נאָך די אַלע פריערדיקע רומפולע נצחונות מיינע איבער די ווייבער, האָב איך איצט דערלעבט מיין ווייבערישע וואַטערלאָ! ...

„און הייסן הייסט זי, מיין ווייבערישע וואַטערלאָ, בערטאַ פרידלאַנד. זי טאַקע אַליין, די באַוווּסטע בערטאַ פרידלאַנד. טייוול,

„אַלס זי כאַטש געווען אַזוי מיאוס, ווי אירע בילדער אין די קאַפּי־טאַליסטישע צייטונגען, וואָס דו האָסט זיי געזעען, איז זי אָבער שיין. שייך שיין! אַז די העכסטע שיינקייט אַליין אין פאַרגלייך מיט איר איז אַ מיאוסע מויד! ווייניקסטנס, אין מיינע אויגן — און דאָס איז דאָך דאָס ערגסטע אין דער גאַנצער געשיכטע.

„געטראָפן זיך מיט איר אויף גאָר אַ ראָמאַנטישן אופן: באַם זון־אונטערגאַנג (אוי, מיין זון איז דאָס, דאַכט זיך מיר אויס, דאָן אונטערגעגאַנגען!). איר בלאָנדער קאָפּ אין זון־שטראַלן. און אירע אויגן — אוי, פאַרוואָס האָט זי אַזעלכע אויגן! ? . . .

„קורץ: דערפרייט זיך, געמיינט, געהאָפט, געחלומט. . . און צום סוף ? . . . אויסגעשטרעקט די האַנט און באַקומען ווינט! אויסגעשטרעקט ביידע הענט און באַקומען פולע הויפנס מיט בער־גיקן חשך! . . .

„איצט שלאָף איך איין מיט דעם געדאַנק וועגן איר און כאַפּ זיך אויף מיט דעם געדאַנק וועגן איר, און מער גאָרנישט!... איר בילד פאַרפאָלגט מיך אומעטום. איך טראָג עס מיט זיך אומעטום.

„איך באַגער זי מיט לייב און נפש און טאָר דאָס איר נישט אַרויסווייזן, אַנישט האָט זי פאַרייבל און זי גייט דערנאָך אַוועק פון מיר, און איך גיי נאָכדעם אַרום ווי אַ נאַרישער שעפּס, וואָס האָט פאַרלוירן דעם וועג צו זיין טשערעדע. קיין אָרט ממש קאָן איך זיך דאָן נישט געפינען.

„און דאָס שרעקט מיך, ברודער. אויב דאָס איז אַן ערנסט געפיל, בין איך אין דער ערד מיט די ביינער!

„ראשית, וואָס הייסט, איך, ברוינשטיין, זאָל זיך פאַרכליאַפּן אויף אַן אמת און אפשר וועלן דערנאָך חתונה האָבן? וואָס הייסט, איך זאָל חתונה האָבן? — איך מיין נישט דווקא כדת, נאָר חתונה האָבן, פאַרבינדן זיך מיט אַ פרוי, מיט א י י ן פרוי?

„און צווייטנס, ווייס איך גאָרנישט, צי זי וואָלט זיך מיט מיר וועלן פאַרבינדן! . . .

„אז די מעשה איז: איך ווייס בכלל נישט, וואָס זי איז פאַר אַ מענטש און וואָס זי קלערט וועגן מיר.

„זי זאָגט, אַז איך בין איר סימפּאַטיש, לויבט מיין טאַלאַנט, הייזט אַרויס אַן אויפריכטיקן אינטערעס צו מיין אַרבעט — און נישט מער. איך ווייס אפילו נישט צי זי האָט אַ חתן, אַ געליבטן, אַ מאַן — וועגן דער שווייגט זי.

„און וואָלט זי כאָטש מיר געזאָגט, אַז זי ליבט אַן אַנדערן און אַז איך האָב נישט אויף וואָס צו האָפן, דאַן וואָלט איך... איך ווייס נישט, וואָס איך וואָלט דאַן געטאָן! אָבער פון צייט צו צייט טוט זי מיר אַ זאָג אַ וואָרט, וואָס באַפליגלט מיין האָפנונג. אַזוי, למשל, זאָגט זי מיר, אַז ווען איך וועל איר אָנהייבן צו געפעלן אַלס מאַן, וועל איך דאָס גלייך וויסן; און נעכטן באַנאַכט, איידער מיר זענען געגאַנגען שלאָפן, האָט זי מיר גאָר געזאָגט: „איר ווייסט, ברוינשטיין, היינט האָב איך אייך ליב געהאַט און געוואָלט אייך קושן".

„וואָס ווייסטו זאָגן צו דעם? צי שפּילט זי זיך גאָר נישט מיט מיר? צי איז זי נישט איינע פון די פרויען, וואָס זיי פאַרוואַרפן אויף אַזאַ אופן זייער נעץ פאַרן מאַן? און ווייל זי ווייסט, אַז איך גלייב נישט אין ליבע, וויל זי אויף אַזאַ אופן צעברעכן מיין געפיל ביז צו משוגעת?

„אַמאָל ווייזט זיך מיר אויס, אַז זי איז אַזאַ פרוי, אַז זי איז אויסן טאַקע נאָר דאָס צו דערגרייכן; און אַן אַנדערטמאָל ווייזט זי זיך מיר אויס ערנסט און אויפריכטיק, אָט דאָסדאָזיקע אויסערגעוויינלעך-אינטעליגענטע מיידל, אַז איך דערפיל צו איר דעם טיפסטן רעספּעקט.

„מיט איין וואָרט, ברודער, זי איז אינגאַנצן פאַר מיר אַ ספינקס. און אין סך-הכל, בין איך גוט אויף צרות.

„אָבער אפשר איז דאָס נאָך נישט אינגאַנצן מיין „וואַטערלאָ". אַמאָל האָף איך נאָך; אפשר... אפשר... סיי-ווי-סיי, איין זאַך קאָן איך דיר מיט זיכערקייט זאָגן: ווען איך וועל דערפילן, אַז מיין פרייהייט איז באמת אין סכנה, וועל איך דאַן געפינען גענוג כוח אָפּצוּרייסן זיך פון איר... ניין, דיין פריינד ברוינ-

שטיין האלט זיך נאָך אַלץ פּעסס בּאַ זיין שטענדיקן כּלל: לעבּן זאָל די עיינע פּרוי, מחמת מיר קאָנען זיך נישט בּאַגיין אָן איר, צו אונזער אומגליק; אָבער אַז זי זאָל לעבּן אויף דעם חשבּון פון אונזער פרייהייט — ניין, נישט אויף דעם חשבּון פון מיין פריי־הייט!...

„זע חנהלען און דערמאָן זי, אַז זי האָט מיר צוגעזאָגט צו קומען...

דיין
בּרוינשטיין".

## צענטער קאַפּיטל

### בּרוינשטיין פאַרפלאָנטערט זיך אַלץ מער

נאָך אַ וואָך איז אַוועק. בּרוינשטיין איז נישט אָפּגעטרעטן פון בּערטאַן. אַ חוץ די עטלעכע שעה אינדערפרי, ווען ער האָט געאַרבּעט, איז ער כּמעט תּמיד געווען אין איר געזעלשאַפט און נישט געפילט ווי אַזוי זי בּאַהערשט אים אַלץ מער און מער.

ער האָט געלייענט פאַר איר זיין ווערק, וואָס ער האָט געשריבּן, געלייענט מיט איר אַנדערע בּיכער, געשמועסט מיט איר וועגן פראַגן, וואָס האָבּן זיי בּיידע אינטערעסירט, און ער האָט נאָר מיט איר געשפּאַצירט.

און אַמאָל, ווען זי איז בּאַגייסטערט געוואָרן פון זיין ווערק, איז ער גליקלעך געווען — גליקלעכער ווי ווען אַלע קריטיקער פון דער גאַנצער וועלט וואָלטן עס געלויבּט.

אין די שענסטע ווערטער האָט זי געקאָנט איר בּאַגייסטערונג אויסדריקן, און דאַן האָט ער איר די האַנט געקושט, פאַרשיכּורט פון איר בּאַגייסטערונג און אירע רייד.

...ין האָט זי אַמאָל אָנגעוויזן אויף חסרונות אין זיין ווערק,

האָט ער, ווי ער האָט צוערשט זיך נישט געאַמפּערט מיט איר, נישט געוואָלט מסכים זיין מיט איר — צום סוף דאָך עס אויסגעבעטערט ביי דעם, ווי זי האָט עס אויפגעפּאַסט.

ביז אַהער האָט אים אַ פרוי קיינמאָל נישט באַהערשט. ער האָט זיי געבויגן און געבראָכן און זיי האָבן זיך צו אים געבויגן געזעצט.

קיין פרוי האָט נאָך ביז אַהער נישט איבערגעלאָזט קיין צו-טיפן שפור אין זיין האַרץ. קיינער פון זיי האָט נאָך ביז אַהער נישט אָנגעצונדן אין אים יענע גרויסע ליידנשאַפט, וואָס זי זאָל אים, ווי איין גרויס, בושעוועדיק פייער אַרומכאַפּן.

און פונקט ווי ער האָט נישט געטראַכט וועגן דער שפּייז, וואָס ער האָט מיט אַ וואָך צוריק געגעסן, אַזוי האָט ער נישט געטראַכט פון אָט די אַלע פרויען אַ וואָך נאָך דעם, ווי ער האָט מיט איינער פון זיי פאַרבראַכט.

און אַמאָל, אַז ער האָט זיך אפילו דערמאָנט אָן איינער פון זיי, איז דאָס אויך געווען אָן באַזונדערער בענקשאַפט.

ער איז אַזוי זיכער געווען אין זיין מאַכט איבער די פרויען און איז אַזוי צעבאַלעוועט געווען פון זיינע פריערדיקע גרינגע נצחונות איבער זיי, אַז ער האָט זיך געפילט שטאַרק אָפּגענאַרט, ווען ער האָט געטראָפן בערטאַן און זי האָט אים געשטויסן פון זיך יעדעס מאָל, ווען ער האָט געפרואווט אָנשפּילן אויף ליבע.

דאָס האָט אים בייז געמאַכט, געריצט און געצונדן, און געוועקט זיין עקשנות, אַז דווקא ער מוז און ער וועט זי באַזיגן...

אין דער אייגענער צייט אָבער האָט זי מיט יעדן טאָג אים אַלץ מער און מער געצווימט, געהאַלטן אים אויף אַ געוויסער גרעניץ: אויף אַזוי ווייט און נישט מער! דאָס קאָנסטו און דאָס טאָר-סטו נישט. זי האָט עס אים איצט אַזוי אָפט נישט געזאָגט, נישט בעדאַרפט זאָגן, ווי אין דער פריערדיקער צייט, בעת ער האָט זיך מיט איר באַקענט. אין איר בליק און איר האַלטונג מיט אים האָט ער איצט געזען עפּעס אַזעלכעס, וואָס עס האָט אים געצווימט און צוריקגעהאַלטן...

און דווקא דאָסדאָזיקע „עפעס" אין איר, וואָס האָט אַזוי־ געפּליימט די דרייסטקייט בײַ אים, האָט זי באַזונדערס אינטערע־ סאַנט געמאַכט פֿאַר אים. ווייל דאָס האָט אַרום איר אַ מין כּשופֿ־ דיקן שלייער געוועבט און פֿאַר אַ מין סודותפֿולער רעטעניש גע־ מאַכט פֿאַר אים. . .

און אויפֿצודעקן דעמדאָזיקן כּשופֿדיקן שלייער האָט אין זיין האַרץ אַ פֿייערדיקע בענקעניש זיך אַלץ מער צעצונדן.

ער איז פֿון איר נישט אָפּגעטרעטן, האָט איר אין די אויגן אַריינגעקוקט, באַמיט זיך צו זיין וויציק, גייסטרייך. זיין גאַנצן גייסטיקן באַגאַזש פֿאַר איר אַרויסגעלייגט. האָט מיט באַגייסטערונג צו איר וועגן איר שיינקייט גערעדט, וועגן איר אינטעליגענץ — און אין דער אייגענער צייט איז אים נאָר מאָמענטנווייז אויפֿן זינען אַרויף, אַז דאָס איז בײַ אים אַן ערנסט געפֿיל, אפֿשר זיין ערשטע גרויסע ליבע.

אַזאַ געדאַנק האָט אַמאָל בלויז אויף אַ רגע אויפֿגעבליצט בײַ אים און איז תּיכּף אויסגעלאָשן געוואָרן. מחמת אַ שטאַרקע־ רער געדאַנק, אַן עקשנותדיקער, פֿון פֿריער נאָך אָנגעצונדן, האָט אים נאָך באַהערשט — דער געדאַנק, — אַז ער מוז זי באַזיגן — און ער האָט קיין צייט און געדולד נישט געהאַט צו גריבלען זיך לאַנג אין זיין האַרץ. . .

הינטער איר כּישוף־שלייער האָט זיך אים געחלומט אַ גליק, וואָס ער האָט נאָך נישט געקענט, און דאָס האָט אַלץ מער און מער געווירקט אויף זיין האַרץ און אויף זיין פֿאַנטאַזיע, און נאָך דעמדאָזיקן גליק האָט ער מיט יעדן טאָג געבענקט אַלץ שטאַרקער און עקשנותדיקער.

און וואָס עקשנותדיקער ער האָט זי געזוכט מיט זיין האַרץ און מיט זיין בלוט, אַלץ ווייטער האָט זי זיך אָפּגערוקט פֿון אים, און אַלץ סודותפֿולער איז זי פֿאַר אים געוואָרן; אַלץ מער האָט ער זיך געהיט זי אָנצוברוגזן; אַלץ מער האָט ער זיך גע־ מוזט באַהערשן, ווען ער איז געווען אין איר געזעלשאַפֿט, און אַלץ מער האָט ער געבענקט נאָך איר און נאָך מער האָט זיך זיין בלוט געצונדן. . .

אין זאַך איז אים אַלץ קלאָרער געוואָרן: זי איז אַ גאַנץ אַנדערע פרוי, ווי ער האָט לכתחילה געמיינט.

ער האָט נאָך אַלץ נישט געוווסט צי זי האָט עמעצן: אַ חתן צי אַ געליבטן. ווען ער האָט עס בּאַ איר ווידער און ווידער געפרעגט, האָט זי נאָר געלאַכט און אים געענטפערט:

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איך רעד נישט וועגן מיינע אינטימע זאַכן. אַמאָל, ווען איך וועל האַלטן פאַר נייטיק, אַז איר זאָלט וועגן דעם וויסן, וועט איר דאַן אַלצדינג וויסן...

און אַמאָל — אין מיטן דערינגען — האָט זי זיך פאַר אים געוויזן גאָר אין אַ ניי געשטאַלט: האָט זיך פּלוצלינג צעשטיפט, געכאַפּט זיך ראַנגלען מיט אים, געלאָזט זיך אַרומנעמען און גע-קוקט אויף אים מיט אַזאַ שמייכל אין בליק, אַז ברוינשטיין איז בּאַ זיך דאַן דרייסטער געוואָרן. און דערנאָך — ווידער פּלוצ-לינג — ווען ער איז שוין צו דרייסט געוואָרן, האָבן איר בליק, איר מינע און איר גאַנצע האַלטונג אים געזאָגט:

„אָט ביז אַהער און ווייטער נישט!"

און ברוינשטיין איז דערנאָך שוין מער נישט דרייסט גע-ווען.

און נאָך אַזאַ סצענע, ווען ער איז געבליבן מיט זיך אַליין, האָט ער זיך אַמאָל ווידער געפרעגט, צי שפּילט זי זיך נישט מיט אים? און ס'רוב האָט ער זיך געענטפערט, אַז גיכער ווי אַלץ איז עס אַזוי. ער דאַרף נאָר אויסגעפינען די ריכטיקע טאַקטיק, וועלכע אָנצווענדן קעגן איר, בּערטאַן, וועט ער זי סוף כּל סוף בּאַזיגן...

סימנים אַז ער וועט זי בּאַזיגן סוף כּל סוף, האָט ער דאַן געזעען אויך אין דעם, וואָס זי האָט זיך אַזוי אינטערעסירט מיט זיין אַרבעט, און בּכלל אין דער פריינטשאַפט, וואָס זי האָט אים אַרויסגעוויזן.

אָט אַזוי האָט געטראַכט איצטער ברוינשטיין, פּלאָנטערנדיק זיך אַלץ מער און מער אין זיינע געפילן, און ער האָט גאָרנישט בּאַמערקט, ווי פון אָט דעמדאָזיקן פּלאָנטער פּלאָנטערט זיך אַרויס

אַ סך אַן ערנסטערער געפיל, וואָס אויף איִם האָט ער זיך גאָר-נישט געריכט — אַ געפיל, וואָס האָט אין סכּנות אַוועקגעשטעלט ברוינשטיינס זיכערקייט, אַז אויפן חשבון פון זיין פרייהייט וועט קיינמאָל קיין פרוי נישט לעבן, ווי ער האָט געשריבן צו זיין פריינט אינם בריוו; און אפשר אויך זיין טעאָריע, אַז די פרוי אַלס פרוי איז פאַר איִם נישט מער ווי עפּעס, וואָס עס באַדאַ״ף באַפרידיקן אַ פּשוטע נאַטור-באַדערפעניש...



זיי זענען צוגעגאַנגען צום באַלויכטענעם גאַניק פון דעם האָטעל. דער רעוורענד האָט דאָרט עפּעס גערעדט צו די ווייבער.

מרס. בענדזשאַמין איז זיי אַנטקעגנגעקומען מיט אַ לאַכנדיק פּנים און צו זיי שטיל געזאָגט.

— קומט, דער רעווערנד דערקלערט זיי, וואָס עס איז אַסטראָנאָמיע.

זיי זענען אַרויף אויפן גאַניק. איז דאָרט אויך געשטאַנען דער באַלעבאָס פונם האָטעל, מיסטער עסקין, אַ ייד, וואָס האָט אויסגעזעען ווי אַ קליין-רוסישער גוי: קורץ, ברייט און שטאַרק און מיט אַ פּאָר לאַנגע, שוואַרצע וואָנסעס, וואָס זענען בײַ איִם אַרונ-טערגעהאָנגען ווי אַ פּאַדקאָווע, מיט אַ רויטער נאָז, ווי אַן אָפּגע-שיילטע, געבאַקענע קאַרטאָפל, מיט איין אויג פאַרזשמורעט און מיט דעם אַנדערן, אַ כיטרען, האָט ער געקוקט דעם רעוורענד גלייך אין מויל אַריין.

ער האָט זיך אָנגערופן מיט אַ הייזעריק קול:

— און וויפיל, מיסטער רעוורענד, זענען פאַראַן לאַנטער-נישקעס אויפן הימל? איך מיין שטערנדלעך?...

דער רעוורענד האָט שוין געוואָלט ענטפערן, דאַן אָבער האָט ער באַמערקט ברוינשטיינען און בערטאַן און זיין מויל, וואָס האָט זיך געהאַט געעפנט, האָט זיך צוגעמאַכט מיט אַ צעמישטער

מינע, מחמת פאַר אַ שרייבער האָט ער זיך געהיטן אַרויסצווייזן זיין „קענטעניש".

דערנאָך האָט ער זיך אַ קער געטון צו ברוינשטיינען און זיך אָנגערופן:

— איך האָב דאָס געוווּסט, הערט איר, און איצט איז עס באַ מיר פונם מוח אַרויס...

בערטאַ האָט אויסגעגלאָצט אויף אים די אויגן.

און ער האָט גערעדט:

— מיסטער ברוינשטיין, וויפיל שטערן, האַ? דערמאָנט מיך...

האָט ברוינשטיין אַרויסגעשאָסן:

— צוויי מיליאַרד, צוויי מיליאָן, צוויי הונדערט און צוויי.

דער רעוורענד האָט אונטערגעכאַפּט:

— יאָ, יאָ, אַזוי זאָגט די אַסטראָנאָמיע, הערט איר.

בערטאַ און מרס. בענדזשאַמין זענען שוין אויפן גאַניק נישט געווען. פון דעם חושך, וואָס האָט זיך געטוליעט הינטער דעם באַלויכטענעם גאַניק, האָט זיך געטראָגן זייערביידנס לאַכן און הוסטן.

דער באַלעבאָס פונם האָטעל איז צוגעגאַנגען צו ברוינשטיינען, האָט אים מיט זיין כיטרע אויג אַריינגעקוקט אין פּנים, אַ ציגעטון אַ שפּיץ פון זיין לאַנגער, שוואַרצער וואָנסע און שטיל צו אים זיך אָנגערופן:

— האָט איר ריכטיק איבערגעציילט? נישט פאַרפעלט קיין איין שטערנדל? אַי, איז אונזער רעוו. [illegible] אַ חברה־מאַן! בלאָפט די ווייבער אויף וואָס די וועלט שטייט. אָבער איר האָט אים אויך נישקשהדיק אַריינגעבלאָפט!

און אַז ברוינשטיין האָט געשוויגן, האָט מיסטער עטקין גערעדט ווייטער:

— איך נעם אים אָפּט אויפן העטשקע און לאָז אים מיר בלאָפן. וואָס אַרט עס מיך? ער ווייסט נישט, אַז איך בין אַ ייד, קאַטאָרי־וואָס האָט אַמאָל געענדיקט אין הוסלאַנד אַ „רעמעסלענאָיע

אוטשילישטשע" מיט „פיאַטיאַרקעס". און אַז איין זון מיינער איז דאָ אַ דאָקטאָר און דער אַנדערער איז אַן אינזשיניער. אָט ווי איר קוקט מיך אָן, וואָלט איך אים געקענט געבן אַ לעקציע...

פון דער פינצטערניש הינטערן האָטעל האָט זיך דערהערט פּלוצלינג אַ קול:

— מיסטער עטקין!

עטקין האָט זיך ראַפּטום אַ כאַפּ געטון, איז אַרונטערגעלאָפן פונם גאַניק און איז פאַרשוווּנדן אין דעם באַנאַכטיקן חושך.

און רעווערענד דייווידאָוו האָט דערווייל דערקלערט די ווייבער, אַז די שטערן זענען נישט סתּם שטערן, נאָר כּוכבים און מזלות און גאַנצע וועלטן, הערט איר...

ברוינשטיין איז אַרונטער פונם גאַניק און צוגעגאַנגען צו בערטאַן און מרס. בענדזשאַמין, וועלכע זענען געשטאַנען לעבן אַ בוים אין דער פינצטערניש.

מרס. בענדזשאַמין האָט שטיל גערעדט:

— אַ מערקווירדיקער עקזעמפּליאַר... די ערשטע צייט האָט ער מיך אויך פאַרפאָלגט מיט זיין וויסנשאַפט. האָב איך אַ געוויסע צייט זיך אַמוזירט מיט אים, ביז ער האָט מיר דערעסן. דאַן האָב איך אים איינמאָל דערקלערט, אַז איך האָב שוין גענוג גע־האַט לערער אין רוסלאַנד, ווען איך האָב אין גימנאַזיע געלערנט, און קיין נייע לערער וויל איך נישט. פון דאַן אָן האָט ער מיך אַליין אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן מיט זיין וויסנשאַפט.

ברוינשטיין האָט זיך דאַן אָנגערופן:

— אַ פערד!

— אָ, ניין! — האָט מרס. בענדזשאַמין געזאָגט — נאַריש איז ער דווקא נישט. ער איז אויף זיין שטייגער קלוג. נאַטירלעך, פאַר דעם אינטעליגענטן מענטש איז ער אומדערטרעגלעך. אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז באַ די אַלע ווייבער דאָ, איז ער אַ מוסטער פון קלוגשאַפט, אינטעליגענץ און ליבנסווירדיקייט, און ער ווערט צו זיי צו קיינעם נישט צוגלייכן...

דאַן האָט בערטאַ זיך אָנגערופן:

— זאָגט נאָר מרס. בענדזשאַמין, איר האָט אַ רוסישע גימ־נאַזיע געענדיקט?

— יאָ, אין מינסק.

— און אין דער באַוועגונג מסתמא אויך געווען?

— און נאָך ווי! — האָט מרס. בענדזשאַמין געענטפערט גוטמוטיק. — אפילו געזעסן אַ פּאָר יאָר בײַ דער רוסישער רעגי־רונג אויף פרייע קעסט. ערשט די רעוואָלוציע אין 1917 האָט מיך באַפרייט...

— נו, און היינט?

— היינט איז מען אַ פּאַרהייראַטע פרוי, אַ מאַמע... אָבער מיין מאַן געהערט נאָך היינט אויך צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

און דאַן האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט מרס. יאַכנעטשיקס קול פונם גאַניק:

— מרס. בענדזשאַמין, ווו זענט איר?

און מרס. בענדזשאַמין האָט איר געענטפערט:

— גלייך, מרס. יאַכנעטשיק! איר האָט שוין אַלע „הענט״?...

— אַלע! אַלע! מרס. ציפּאָרקעס שפּילט אויך. קומט שנע־לער! אַ שאָד די צייט! — האָט זי גערופן מרס. יאַכנעטשיקס קול פונם גאַניק.

האָט זיך מרס. בענדזשאַמין דאַן אַ כאַפּ געטון:

— טאַקע אַ שאָד די צייט. גוט נאַכט! מיס פרידלאַנד, אייך פרעג איך שוין נישט מער, צי איר ווילט שפּילן. איר אַמוזירט זיך אָן דעם אויך. אָבער מיר, עלטערע ווייבער... גוט נאַכט!

און ווען זי איז פאַרשוווּנדן, האָט בערטאַ זיך אָנגערופן צו ברוינשטיינען:

— חתן, ווי עס ווייזט אויס, מיינען זיי נאָך אַלץ, אַז איר זענט מיין באַשערטער...

האָט ברוינשטיין געענטפערט:

— איך אַליין מיין אויך אַזוי...

בערטאַ האָט זיך צעלאַכט:

— פון מיינעטוועגן. קיין שלאָס אויף אייערע געדאַנקען קאָן איך אייך נישט אָנטון. זאָלן מיר זיך דאָ זעצן. אין קאַסינאָ גיי איך היינט נישט.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף שטולן אונטער דעם בוים.

דערנאָך האָט בערטאַ ווידער זיך אָנגערופן:

— ווידער אַ חושבדיקע נאַכט. וועלן מיר שוין אַמאָל דער־לעבן אַ לבנה־נאַכט?

— איך בענק אויך נאָך איר — האָט ברוינשטיין געזאָגט. — אפשר וואָלט איך אין אַ שיינער לבנה־נאַכט דערזעען מיין מזל...

— און אפשר וואָלט איר ערשט אין אַ לבנה־נאַכט דער־זעען, אַז איר האָט נישט קיין מזל? — האָט בערטאַ ווידער אַ לאַך געטון.

— אפשר — האָט ברוינשטיין אַ זיפץ געטון, און גענומען מיטאַמאָל פייפן אַ מאָטיוו פון אַ ליד.

— וואָס פייפט איר דאָס, ברוינשטיין, אַ טרויער־מאַרש? — האָט בערטאַ דאַן געפרעגט.

— איך ווייס נישט — האָט ער געענטפערט שטיל. — מיר איז זייער אומעטיק, בערטאַ!

— אָ, מיט וואָס פאַר אַ טאָן, אָרעמער, אָרעמער, ברוינ־שטיין! — האָט זי זיך אָנגערופן און צוגערוקט זיך צו אים נענ־טער מיט איר שטול. — קומט, איך וועל אייך אַ גלעט טון דעם קאָפּ!

און אין דער פינצטערניש האָט ער דערפילט איר האַנט פריער אויף זיין באַק און דערנאָך אויף זיין קאָפּ.

— פאַרוואָס שפילט איר זיך מיט מיר, בערטאַ? — האָט ער אַרויסגעפּליסטערט.

— איר ווילט נישט, דאַרף מען נישט! — האָט זי געענט־פערט און אַוועקגעכאַפּט איר האַנט.

דאַן זענען זיי ביידע אַנטשוויגן געוואָרן.

אַרום איז געווען שטיל, אַזוי ווי אַלצדינג איז דערשטיקט געוואָרן פונם שווערן חושך.

די פּאָר עלעקטרישע לאָמפּן, וואָס האָבן געברענט אינגאַניק, האָבן באַלויכטן בלויז די פּרויען, וועלכע זענען געזעסן דאָרט אַרום אַ טישל און האָבן געשפּילט אין קאָרטן, און נישט ווייטער.

פונם גאַניק האָט זיך דערהערט מרס. בענדזשאַמינס קול, וועלכעס האָט געקלונגען זייער אויפגערעגט:

— עס גייט מיר נישט, כאָטש פּלאַץ!

האָט בערטאַ אַ צי געטון ברוינשטיינען באַם אָרעם און שטיל געזאָגט:

— איר הערט ברוינשטיין? מרס. בענדזשאַמין ערגערט זיך דאָרט אַזוי. אַמאָל אין רוסלאַנד האָט זי זיך מסתמא געערגערט, פאַרוואָס דאָס לעבן איז אַזוי פאַרשקלאַפט, צי פאַרוואָס די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד קומט נישט אַזוי גיך, צי גאָר פאַרוואָס די באָלשעוויקעס זענען געקומען — ווי איך פאַרשטיי, איז זי פון מענשעוויסטישן חדר, ווייל איר מאַן געהערט, זאָגט זי, צו דער היגער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — און היינט ערגערט זי זיך, פאַרוואָס שלעכטע קאָרטן קומען!

און אַז ברוינשטיין האָט געשוויגן, האָט זי אים ווידער אַ צי געטון באַם אָרעם מיט די ווערטער:

— איר הערט, חתן?

ברוינשטיין האָט אַרויסגעמורמלט:

— זי אינטערעסירט מיך נישט.

— און מיך אינטערעסירט זי זייער — האָט בערטאַ גערעדט ווייטער — איך קען אַ סך אַזעלכע. און עס פאַרדריסט, ווען מען זעט, ווי שיינער גלויבן און שיינער אידעאַל און, זיכער, גוטער מענטשלעכער מאַטעריאַל, ווערן דאָ אויף אַזאַ שטייגער פאַרלוירן.

און אַזוי ווי ברוינשטיין האָט ווייטער געשוויגן, האָט זי זיך מיטאַמאָל אינטערבראָכן:

— איר שלאָפט, ברוינשטיין?

האָט ער געענטפּערט:

— איך הער, איך הער, רעדט! דאָס באַווייזט נאָר, ווי פּוסט דאָ איז דאָס לעבן...

— דאָס לעבן איז דאָ גאָר נישט אַזוי פּוסט — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן — דאָס לעבן איז אין ערגעץ נישט פּוסט, ווען מען איז אַליין מיט עפּעס פול. ווען איך בין געזעסן דאָ פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש, ווי אַ געפּפערלעכע פאַרברעכערין, בשעת דעם לעצטן קלאָוק־מאַכער־שטרייק, האָב איך דווקא ערשט דאַן געפילט, ווי פול מיט אינטערעס איז דאָס לעבן. און איך שטעל זיך אויך פאָר, אַז ווען מען זאָל אייך אַוועקזעצן ערגעץ אין אַ מדבר, בשעת איר זענט פאַרכאַפּט פון שאַפונגס־דראַנג, וועט איר דאָרט אפילו, אין דער מדבר, אויך נישט פילן, אַז דאָס לעבן איז פּוסט. און אַמעריקע איז דאָך נישט קיין מדבר. גלייבט מיר, עס איז פאַרהאַן גענוג פּרוכטבאַרער באָדן פאַר די שענסטע אידעאַלן אין דעם אַמעריקאַנישן לעבן. דער מענטש דאַרף נאָר טראָגן אין זיך די קערנער פון אָט די דאָזיקע אידעאַלן. ווו זיי צו פאַרזייען איז דאָ גענוג באָדן...

— מיר איז אומעטיק, בערטאַ, — האָט ברוינשטיין ווידער אַרויסגעמורמלט.

— הערט אויף מיר צו דערציילן, אַז אייך איז אומעטיק — האָט בערטאַ זיך אויף אים אָנגעבייזערט אין אַ טאָן, וואָס האָט געוויזן, אַז איר אַליין איז דווקא פריילעך.

— מיר איז זייער און זייער אומעטיק, בערטאַ — האָט ער דאַן נאָכאַמאָל אַרויסגעמורמלט מיט אַ סך בענקעניש אין טאָן.

— קומט אין דער קאַסינאָ, וועלן מיר טאַנצן — האָט זי נאָכדעם אַרויסגערעדט.

— איך וועל אין דער קאַסינאָ נישט גיין.

— טאָ גייט שלאָפן. אויב נישט, וועל איך גיין. איך האָב פיינט צו פאַרברענגען מיט אַן אומעטיקן מענטש. איר הערט, ברוינשטיין?

ער האָט איר נישט געענטפערט.

און מיטאַמאָל האָט ער דערפילט אירע ביידע הענט אויף

זיינע אַקסלען און איר הייסן אָטעם, אויף זיין פּנים און די באַריר רונג פון איר בוזים אויף זיין אָרעם.

— פאַרוואָס איז אייך אומעטיק, איך זיך דאָ לעבן אייך? — האָט ער פּלוצלינג דערהערט איר שטיל פליסטערן.

ער האָט אַ צאַפּל געטון. און דאַן האָבן זיך זיינע ביידע אָרעמס אַ ציי געטון צו איר אין דעם אַרומיקן חושך און זי איז מגעכאַפּט, און זי איז אַזוי ווי אַרויפגעפלויגן צו אים אויפן שויס.

— נאָר נישט משוגע זיין! האָט זי אַרויסגעפליסטערט מיט אַ הייסן אָטעם.

און ער האָט אויך מיט אַזאַ הייסן אָטעם נאָר אַרויסגעמורמלט:

— בערטאַ!...

— לאָזט אָפּ!...

— וואָס האָט איר געמאַכט פון מיר, בערטאַ!...

— לאָזט אָפּ, זאָג איך אייך!

— איך ווער צעריסן פאַר בענקעניש נאָך אייך. איך וואָלט עס קיינמאָל נישט געגלייבט...

— ווערט איר מיך אָפּלאָזן?

— איין קוש!...

— נו, גוט...

ער איז צוגעפּאַלן מיט זיינע ליפּן צו אירע.

זי האָט זיך אַ ריס געטון פון זיין שויס.

— ווילדער, איר האָט דאָך מיר שיער אַ ליפּ נישט אַרונטערגעריסן! — האָט זי שטיל געזאָגט, און דווקא אָן כּעס.

דאַן האָבן זיי ביידע אַ היפּשע ווײַלע געשוויגן. דערנאָך האָט ברוינשטיין זיך ווידער אָנגערופן:

— בערטאַ, ווי לאַנג וועט איר פאַר מיר נאָך זיין אַ ספינקס?

בערטאַ האָט אַ לאַך געטון:

— שוין אַ ספינקס אויך? פריער אַ נימפע, איצט אַ ספינקס.

הער דיכטער, איך בין נישט קיין נימפע און נישט קיין ספינקס. נאָר פשוט בערטאַ.

— בערטאַ, וועלכע שפּילט זיך מיט מיר?

— זאָל זיין בערטאַ, וועלכע שפּילט זיך מיט אייך — האָט זי ווידער אַ לאַך געטון.

האָט זיך באַ אים אַרויסגעריסן:

— פאַרוואָס שפּילט איר זיך מיט מיר?

— מסתמא איז עס מיר אָנגענעם.

און וואָס זענט איר אויסן מיט אייער שפּיל?

— מוז מען דען עפּעס אויסן זיין?

— אָבער הען דער אַנדערער ליידט דערפון?

— אַי, גייט שוין, איר וועט מיר נישט איינרעדן, אַז איר ליידט דערפון. איך קענט דאָך צו יעדער צייט, ווען איר ווילט, אַוועקגיין פון אַ פּרוי און באַלד פאַרגעסן אָן איר. איז נישט די, איז אַן אַנדערע. אַזוי האָט איר מיר אַליין נישט איינמאָל געזאָגט — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן מיט לייכטן שפּאָט אין קול.

ברוינשטיין האָט איר נישט געענטפערט, און ער האָט ווידער אָנגעהויבן אויפגערעגט צו פייפן.

פּלוצלינג האָט בערטאַ איבערגעשלאָגן זיין פייפן.

— ברוינשטיין, האָט איר אַמאָל געליינט „סאַנין" פון אַרציבאַשעוון?

— וואָס עפּעס האָט איר זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן „סאַנין"? — האָט ער געפרעגט.

— ווייל איר אַליין האָט מיך צייטנווייז דערמאָנט אָן „סאַנין", דאָס הייסט, אַז איר האָט געשפּילט די ראָל פון אַ מין יידישן „סאַנין". אָבער ווייס איך וואָס, אַ סאַנין וואָלט איר קיינמאָל נישט געקאָנט זיין. נישט אַ ייד קאָן זיין אַ סאַנין. נישט דאָס בלוט און נישט דער זשעסט און נישט דער איך פייף אויף דער גאַנצער וועלט! נאָך יעדן ייד, ווער עס זאָל נישט זיין, שלעפּט זיך נאָך עפּעס טראַדיציאָנעלס, יידישס, וואָס דאָס האַלט אים שטענדיק אָפּ

באַם אָרעם און דערלאָזט אים נישט אינגאַנצן אַראָפּוואַרפן פון זיך אַלצדינג...

— צום טייוול מיט דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט — האָט ער אַרויסגעמורמלט. — דאָס שלעפּט זיך נאָך אייך נאָך און נישט נאָך מיר! און לאָזט מיך צורו מיט סאַנינען. ער איז מיר קיינמאָל נישט געפעלן געווען!

אפילו נישט דאָס, וואָס ער זאָגט דאָרט צו קאַרסאַווינאַן, איר געדענקט, ברוינשטיין?

און בערטאַ האָט די ווערטער, וואָס סאַנין זאָגט זיי דאָרט צו קאַרסאַווינאַן, ציטירט אין דער רוסישער שפּראַך, וואָס אויף יידיש האָט עס געלויטעט אַזוי:

— מענטשן דאַרפן הנאה האָבן פון דער ליבע אָן מורא און פאַרבאָט און אָן באַגרענעצונגען... און דאַן וועלן די פאָרמען פון ליבע ברייטער ווערן...

— ריכטיק — האָט ברוינשטיין זיך אַ כאַפּ געטון — דאָס איז מיין איבערצייגונג אויך. איר אָבער מיינט נישט אַזוי.

— איך? איך ליב אויך אָן מורא — האָט בערטאַ אַ לאַך געטון — אָבער פריער דאַרף איך זיך דאָך פאַר־ליבן...

און אַז ברוינשטיין האָט דערהערט אירע לעצטע ווערטער, האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו פייפן, און אין זיין נשמה האָבן זיך אַזוי ווי הינט צעוואָיעט.

דערווייל האָט זיך אויפגעהויבן אַ ווינט. די פינצטערניש האָט אָנגעהויבן צו מורמלען, די ביימער האָבן אָנגעהויבן צו רוישן, און עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַזוי ווי פייגל וואָלטן מיט גרויסע פליגל איבער די שפּיצן ביימער געפּאַטשט...

— אַך, ווי גוט עס איז איצט! — האָט בערטאַ אויסגע־שריגן.

די ווייבער, וועלכע האָבן געשפּילט אין קאָרטן, זענען אַנט־לאָפן פונם גאַניק מיט די קאָרטן אין די הענט. און צוויי זייערע האָבן געשלעפּט דאָס טישל אין האָטעל אַריין.

און מיטאמאָל האָט זיך דערהערט פונם האָטעל דאָס שפּילן פון אַ פּיאַנאָ. העלע, קרישטאָלענע טענער האָבן זיך געגאָסן פון דאָרט און זענען אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון דעם ווינט אין דרויסן, וועלכער האָט זיי צעשאָטן אין דעם אַרומיקן חושך...

— מיין ליבסט ליד — האָט זיך אָנגערופן בערטאַ — רובינשטיינס „אַזרא".

און פּלוצלינג האָט זי אונטערגעכאַפּט דאָס דאָזיקע ליד:

טעגליך גינג די וואונדערשיינע
סולטאַנס טאָכטער אויף און נידער
אום די אַבענד־צייט אָם ספּרינג־ברון,
וואָ די ווייסע וואַסער פּלעטשערן!...

און איר שטים האָט זיך געגאָסן דורך דעם דיקן חושך מיט אַזעלכע גליענדיקע, ליידנשאַפטלעכע טענער, אַז ברוינשטיינען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי ברענען אָט דעם חושך...

ער האָט אַריינגעאָטעמט אין זיך אירע פייערדיקע טענער, ווי מען אָטעמט אַריין שטאַרקע בלומען־ריחות...

און זי האָט ווייטער געזונגען:

טעגליך שטאַנד דער יונגער שקלאַווע
אום די אַבענד־צייט אום ספּרינג־ברון,
וואָ די ווייסע וואַסער פּלעטשערן:
טעגליך וואַר ער בלייך און בלייכער...

ברוינשטיין האָט אַ טראַכט געטון:
„וואָס פאַר אַ פייער! וואָס פאַר אַ טעמפּעראַמענט!"
און זי האָט ווייטער געזונגען:

איינעס אַבענדס טראַט די פירסטין
אויף אים צו מיט ראַשען וואָרטען:
דיינען נאַמען וויל איך וויסן,
דיינע היימאַט, דיינע סיפּשאַפט...

„וועל איך אָט דאָסדאָזיקע פייער אַמאָל פילן?" — איז אים פּלוצלינג איינגעפאַלן, און ער האָט דערפילט אַז ווי די שפּיצן פון די האָר אויף זיין קאָפּ וואָלטן זיך אָנגעצונדן...

און דאַן האָט אים אָנגעכאַפּט אַ געוואַלטיקע לוסט זי אַרומצונעמען. די הענט האָבן זיך אַ צי געטון דורך דער פינצטערניש, זיי זענען דאָרט אָבער גלייך געבליבן הענגען: עפּעס האָט זיי צוריקגעהאַלטן, עפּעס אַ מורא.

דאַן האָט ער אַ טראַכט געטון:

„איך וועל זיך מאַכן אַ סימן: אויב איך צייל אָפּ צען און זי ענדיקט נאָך נישט זינגען, וועל איך וואַגן, און אויב זי ענדיקט פריער, טאָר מען נישט"...

האָט ער גענומען ציילן גיך: איינס, צוויי, דריי...

און זי האָט געזונגען:

און דער שקלאַווע שפּראַך: „איך
הייסע מאַהאָמעד, איך בין אויס יעמען,
אונד מיין שטאַם זינד יענע אַזראַ,
וועלכע שטערבען, ווען זיי ליבען..."

פונם הויז האָבן זיך אַפּלאָדיסמענטן דערהערט, און ברוינשטיין האָט איבערגעציילט צוויי מאָל צען און אַלץ זיך נישט דערוועגט זי אַרומצונעמען.

און דאָ האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַזאַ שטאַרקער דונער, אַז דער חושך צוזאַמען מיטן האָטעל האָבן זיך אויפגעטרייסלט, דערנאָך האָט אַ בליץ אויפגעפלאַמט...

בערטאַ איז אויפגעשפּרונגען.

— גוט־נאַכט! — האָט זי געזאָגט.

און זי איז אַרויפגעלאָפן אויפן גאַניק און פון דאָרט אין דער טיר אַריין פונם האָטעל...

# עלפטער קאַפּיטל

## נייע געפילן

שפּעטער איז ער געזעסן בײַ זיך אין [illegible] און האָט געשריבן אַ געדיכט.

דאָסדאָזיקע געדיכט האָט ער זיך געזעצט שרייבן מיט דער כוונה, אָנצוצינדן בערטאַן...

דאָס אָנגעצונדענע בלוט האָט אים דיקטירט דאָס געדיכט.

פֿר איז אַרויס צום ים און האָט געקלאָגט זיין בענקעניש פֿאַר אים. איז געקומען צו שווימען אויף אַ וואַסער־באַרג אַ נימפֿע און איז אַרויס אויפֿן ברעג.

אירע גאָלדענע האָר זענען פֿון דער זון געפֿלאָכטן און אין אירע אויגן צאַפּלען זיך בלוי־פֿייערדיקע שלאַנגען, און איר נאַקעטער קערפּער איז ווייסער מירמל־שטיין, געמישט מיט רויטן פֿייער...

זי שטרעקט אויס צו אים די אָרעמס — „נעם מיך!“

ער טוט זיך אַ וואָרף צו איר. ער דערפֿילט ווי אירע וואַרעמע הענט גליטשן זיך אין זיין האַרץ אַריין און ווי זיי ציען עס פֿון זיין ברוסט, ווי זיי ציען...

עס טוט אים וויי, אָבער זי מאַכט אים פֿאַרגעסן אָן דער ווייטיק; באַכישופֿט אים, פֿאַרכישופֿט אים מיט אירע רייד און לאַסקעס. זי פֿליסטערט צו אים:

— מיט מיינע האָר וועל איך דיך ווי מיט ווײַרויך איינוויקלען און מיט ליידנשאַפֿט וועל איך דיך אַנטרינקען, ווי מיט פֿייערדיקן אַלטן וויין.

שפּאַר אָן דיין קאָפּ אויף מיינע ברוסט, שמייך און וואַרעם

זענען זיי, ווייל מיט ווינט און פייער פון שטורם זענען זיי אָנ־געפילט.

נאָך קיינעם האָב איך אַזוי נישט געגלוסט, ווי איך גלוסט נאָך דיר. שעפּ אויס דאָס גאַנצע חיות פון מיין גוף, שעפּ אויס!...

און ווען ער וויל אַ פּאָל טון צו איר, טוט זי זיך אַ דריי אויס פון זיינע אָרעמס און אין אירע הענט זעט ער זיין רויט, פאַרבלוטיקט האַרץ...

קומט אָן אַ נייער וואַסער־באַרג, טוט זיך אַ וואָרף אויף אים מיט אַ ווילדן געלעכטער און ווערט אין אים פאַרזונקן אינאיינעם מיטן דיכטערס האַרץ.

און עס לאַכט דער וואַסער־באַרג, און עס לאַכט דער גאַנ־צער ים איבער דעם נאַרישן דיכטער, וואָס ער האָט אויף אַזאַ אופן זיין האַרץ פאַרלוירן!...

דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון ברוינשטיינס געדיכט, וואָס ער האָט דאַן אָנגעשריבן מיט דער כוונה, ווי ער אַליין האָט גע־מיינט, כדי אָנצוצינדן בערטאַן, און וואָס ער האָט עס אין דער אמתן אָנגעשריבן, ווייל ער האָט אַ באַדערפעניש געהאַט אַרויסצו־הויכן פון זיך דאָס, וואָס עס האָט אין אים אַליין איבערגע־שטראָמט.

אויף מאָרגן פאַר מיטאָג, ווען ער האָט עס פאָרגעלייענט פאַר בערטאַן, איז דאָס געדיכט איר שטאַרק געפעלן געוואָרן. דערביי האָט זי אים באַמערקט מיט איר באַזונדערן שעלמישן שמייכל:

— הער דיכטער, איך זאָג אייך אויך: היט זיך פאַר נימ־פען, בפרט פאַר בלאָנדע!...



נאָך דינער איז ער אַוועק מיט בערטאַן צום טייכל, וואָס האָט זיך געפונען בּאַ אַ האַלבער מייל פונם האָטעל.

אויפן וועג אַהין האָט בערטאַ פּלוצלינג בּאַ אים געבעטן, אַז

ער זאָל איר געבן דאָס געדיכט, ווייל זי וויל עס נאָכאַמאָל איבערלייענען.

ער האָט עס אַרויסגענומען פון זיין בוזים-קעשענע און עס איר דערלאַנגט. און בשעת זי האָט עס געלייענט, גייענדיק לעבן אים, האָט ער די אויגן פון איר נישט אַרונטערגענומען און באַמערקט, ווי אַ שמייכל האָט זיך אָנגעצונדן אויף איר פנים, עפּעס אַ נייער שמייכל, ווי אין פייער געטונקט, האָט זיך אים אויסגעוויזן, און ווי די נאָז-פליגל באַ איר האָבן זיך גערויטלט און באַוועגט, און דאָס האַרץ האָט באַ איט גענומען קלאַפּן. . .

— זייער שיין — האָט זי געזאָגט, און ווי אים האָט זיך אויסגעגעבן, מיט אַן אויפגערעגט קול, און דערלאַנגט אים צוריק זיין געדיכט און נישט אַ קוק געטון אויף אים — אָבער אַ ווילדע בריאה זענט איר! — האָט זי דערנאָך צוגעגעבן שטילער, און אַליך נישט געקוקט אויף אים.

— פאַרוואָס בין איך אַ ווילדע בריאה? — האָט ער זיך אָנגערופן.

זי האָט נישט געענטפערט.

— פאַרוואָס בין איך אַ ווילדע בריאה? האָט ער נאָכאַמאָל געפרעגט.

— וויל איך אייך נישט זאָגן, פאַרוואָס האָט זי זיך מיט-אַמאָל אַ קער געטון צו אים און אַ קוק געטון אים אין פנים אַרײַן מיט וואַרעמע און שמייכלענדיקע אויגן — און מיך אינטערעסירט נישט איר, נאָר אייער געדיכט — האָט זי צוגעלייגט — זייער און זייער אַ שיין געדיכט!

און זי האָט גענומען רעדן צו אים וועגן דעם, וואָס איר געפעלט באַזונדערס אין זיין געדיכט, גערעדט באַגייסטערט און שיין. און מערקווירדיק, באַלד האָט דער דיכטער בריינשטיין אינגאַנצן פאַרגעסן די לכתחילהדיקע כוונה פון דעם מענטש ברוינשטיין, נישט געזעען אין דעמדאָזיקן מאָמענט די פרוי, וואָס זי האָט אַזוי זיין בלוט אָנגעצונדן, נאָר דעם מענטש, וואָס איז אַזוי אינטעליגענט געווען און וואָס האָט אַזוי שיין אויפגעפאַסט זיין געדיכט.

ער האָט געטראַכט:

„וואָס פאַר אַ ווּנדערלעך מיידל! ווי אינטעליגענט! וואָס פאַר אַ פיינער געשמאַק! וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז צו שאַפן פאַר אַזעלכע לעזער!"

אַזוי איז שוין דער אמתער דיכטער, וואָס זיין ווערק איז אַ טייל, און אפשר די לעבעדיקסטע טייל פון אים...

— און ווי געפעלט אייך, בערטאַ, ווי אַזוי די נימפע איז בײַ מיר אַרויסגעקומען? אַ סטיכישער כּוח, נישט אמת? — האָט ברוינשטיין גערעדט מיט באַגייסטערונג.

— אַלצדינג איז שיין אין דעם געדיכט, אַלצדינג — פאַרב, קלאַנג און דער ריטם פון שטורם — האָט זי געענטפערט.

אַזוי זענען זיי אַריין אין וואַלד, וווּ דאָס טייכל האָט זיך געפונען.

פּלוצלינג איז ברוינשטיין צוגעפאַלן צו בערטאַס האַנט, גע־קושט זי און מיט באַגייסטערונג געמורמלט:

— בערטאַ, בערטאַ, כ'בין אַזוי גליקלעך! איר זענט אַזאַ ווּנדערלעכער מענטש, און מיר איז אַזוי גוט, ווען איר זענט לעבן מיר!

זי האָט אַריינגענומען זיין האַנט צווישן אירעביידע הענט, געגלעט זי און געקוקט אים אין פּנים אַריין מיט וואַרעמע אויגן און געשוויגן.

אַזוי זענען זיי געגאַנגען ווייטער דורכן וואַלד, ביז דאָס טייכל האָט פאַר זיי אַרויסגעבלישטשעט אונטער דער זון, ווי אַ זילבער־שפּיגל, איבער וועלכן גאָלדענע שטראַמען וואָלטן זיך באַ־וועגט...

בײַם טייכל איז קיינער נישט געווען. אַ שיף איז דאָרט בײַם ברעג געשטאַנען, וואָס האָט געהערט צום האָטעל.

— קומט, מיר וועלן אַריבערשיפן זיך צו יענעם ברעג, — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן.

ווי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין דער שיף, בערטאַ האָט גע־נומען די רודערס און זיי זענען אַוועקגעפאָרן.

אויפן טייך האָט די זון שטאַרקער געברענט; בערטאַ האָט גענומען אַ קליין טיכל און דערמיט צוגעדעקט איר קאָפּ.

דאַן האָט ברוינשטיין פון זיך אַראָפּגעכאַפּט זיין העל, לייכט רעקל און דערמיט צוגעדעקט איר קאָפּ.

— וואָס טוט איר, משוגענער? — האָט זי אַ לאַך געטון.

— איך וויל באַשיצן אייער קאָפּ פון דער זון, — האָט ברוינשטיין געענטפערט, און ווען זי האָט געוואָלט אַרונטערטרייסלען פון זיך זיין רעקל, האָט ברוינשטיין זיך אַ כאַפּ געטון און גענומען זיך בעטן בײַ איר:

— טוט מיר אַ טובה, האַלט עס אויפן קאָפּ! נו, איך בעט אייך, טוט מיר אַ טובה!

— אָט אַזוי ווי אַ קינד, — האָט זי ווידער אַ לאַך געטון.

זיי זענען געפאָרן ווייטער.

דאָס טייכל איז אַרומגערינגלט געווען פון אַלע זייטן מיט וואַלד. פונעם וואַלד האָט זיך דערטראָגן צום טייכל אַ פאַרשידענער פויגל־געזאַנג.

— דערציילט עפּעס, ברוינשטיין, — האָט בערטאַ זיך דערנאָך אָנגערופן.

האָט ער אַ שאָקל געטון דעם קאָפּ און אַ שמייכל געטון צו איר קינדעריש־פאַרחלומט.

— מיר ווילט זיך נישט רעדן, — האָט ער געענטפערט — בעסער קוקן אויף אייך און שווייגן.

— וואָס איז דער מער מיט אייך?

האָט זי צו אים אַ שמייכל געטון גוטמוטיק.

— גאָרנישט. מיר איז גוט, און גאָר! — האָט ער ווידער געענטפערט.

— זאָל עס אייך נישט פאַרשטערט ווערן, — האָט זי זיך אָנגערופן האַלב אין שפּאַס און האַלב ערנסט, און אים אַ וואַרעם געטון מיט אירע בלויע אויגן.

דאַן האָט זי גענומען זינגען אַ רוסיש פאָלקס־ליד. האָט גע־

זונגען מיט אַזוי פיל בענקשאַפט, אַז ברוינשטיין אַליין האָט פאַר־באַגייסטערונג אויך גענומען זינגען דאָס אייגענע ליד מיט זיין ציגענעם קול.

אָבער איצט האָט זי אים נישט געשטערט צו זינגען: פאַר־קערט, זי האָט גענומען זינגען דאָס ליד מיט נאָך מער געפיל און בענקעניש, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו זינגען.

אַזוי זענען זיי צוגעפאָרן צום ברעג אויף דער אַנדערער זייט.

דאָרט זענען זיי אַריין אין וואַלד, האָבן זיך אַוועקגעזעצט צווישן צוויי הויכע פעלזן, וועלכע האָבן געוואָרפן פון ביידע זייטן זייערע שאָטנס, און בערטאַ און ברוינשטיין האָבן דאַן געפילט, אַזוי ווי זיי וואָלטן אין אַ לופטיקער הייל געזעסן.

בערטאַ האָט אַרויסגעצויגן די שפּילקעס פון הינטער דעם בלאָנדן קניפּ האָר אירן, און די האָר אירע, לאַנגע און געדיכטע, זענען צעפאַלן אין לאַנגע, גאָלדענע כוואַליעס איבער אירע אַקס־לען, האָבן זיך געקרויזט אַרום אירע ביידע באַקן, און איר פּנים מיט די בלויע אויגן האָט באַלד אַרויסגעקוקט, ווי פון אַ גאָלדע־נער רעם.

און מיטאַמאָל האָט זי זיך אָנגערופן:

— לייענט ברוינשטיין, פון אייערע בעסערע לידער, אויב איר געדענקט אויף אויסנווייניק.

און ער האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און אָנגעהויבן צו לייענען. ער האָט אַ סך לידער זיינע געקאָנט אויף אויסנ־ווייניק.

און זי האָט זיך איינגעגעסן מיט אירע אויגן אין זיין פּנים, און ברוינשטיין, וואָס האָט יעדע ווײַלע געוואָרפן אַ בליק אויף איר, האָט נאָכאַנאַנד באַמערקט אין זיי אַן אַנדערן אויסדרוק, דאָ פאַרוווּנדערונג, דאָ עפּעס אַזאַ וואַרעמע ווייכקייט, און באַלד עפּעס ווי אַ פאַרחלומטע בענקעניש.

און צוזאַמען מיט דעם האָט זיך אויך געביטן, ווי אים האָט זיך אַרויסגעוויזן, די פאַרב אין אירע אויגן: העלער, טונקעלער, טונקעלער און העלער. . .

זו ער האָט איבערגעלייענט אַ פּאָר לידער, האָט ער גע־פרעגט:

— אפשר גענוג?

— ניין, לייענט ווייטער, — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון, ווי פון עפּעס אַ חלום.

האָט ער געלייענט נאָך אַ ליד און נאָך אַ ליד, און בער־טאַ האָט שוין נישט געקוקט מער אים אין פּנים אַריין; אירע אויגן האָבן פאַרחלומט געבלאָנדזשעט ווייט איבער זיין קאָפּ און איבער איר פּנים איז צעגאָסן געווען אַן אויסדרוק פון באַגייסטערונג, אַט ווי מען באַמערקט אַמאָל בײַ אַ גוטן מוזיקער, בשעת ער הערט זיך איין אין גוטער מוזיק.

און מיטאַמאָל האָט זי אים אַ כאַפּ געטון בײַ אַן אָרעם.

— הערט נאָר, — האָט זי אַרויסגערעדט אויפגערעגט. — דאָס זענען דאָך אמתע פּערל!

און אירע באַקן האָבן זיך צעפלאַמט, ווי אַ פּאָר רויטע בלומען.

ברוינשטיין האָט געלייענט ווייטער. און ער האָט קלאָר גע־זען די שטילע און טיפע באַוועגונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין איר נשמה און אין אירע אויגן. זי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף בערטאַס פּנים און נאָכאַנאַנד האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ שטילן אויס־געשריי:

— ווונדערפול, עקסעלענט!

און דער דראַמאַטיקער שטילער אויסגעשריי האָט אָפּגעהילכט אין זיין נשמה מיט אַזוי פיל פרייד: אַ זון, ליכטיקער און פריילעכער פון דער בערגיקער, האָט זיך אָנגעצונדן דאָרט און אַלע אירע שטראַלן האָבן זיך געריסן, ווי מיט אַ באַגייסטערטן טאַנץ, צו איר, צו בערטאַן, וואָס זי האָט אים איצט געהויבן איבער אַלע הימ־לען...

און דאַן איז ער צוגעפאַלן צו אירע הענט, געקושט זיי און געמורמלט;

— איך דאַנק אייך! איך דאַנק אייך! איך דאַנק אייך!

און פלוצלינג האָט ער דערפילט אירע אָרעמס אַרום זיין האַלז, און איידער ער איז צו זיך געקומען, האָט זי אים שטאַרק און הייס אַ קוש געטון און זי איז אויפגעשפרונגען פונם אָרט.

ער איז געבליבן זיצן ווי אַ פאַרטשאַדעטער, און זי איז געשטאַנען צו אים מיטן רוקן און האָט צונויפגענומען אירע האָר פון הינטן אין אַ קנופּ.

— קומט! — האָט זי דערנאָך אַרויסגערעדט.

און איידער ער איז נאָך אויפגעשטאַנען, האָט זי זיך געלאָזט גיין.

ער האָט זי אָנגעיאָגט. זי האָט געשוויגן און נישט געקוקט אויף אים.

ער האָט אַרויסגערעדט:

— פון וואָס טראַכט איר איצט, בערטאַ?

זי האָט אַ מאַך געטון צו אים מיט דער האַנט.

— שטערט נישט, רעדט נישט, שווייגט — האָט זי שטיל געענטפערט און נישט אַ קוק געטון אויף אים.

זיי זענען געגאַנגען צו זייער שיף.

— איר ווייסט, — האָט בערטאַ זיך דאַן אָנגערופן פאַרטראַכט. — גוטע דיכטער האָבן זיך נישט געטאָרט ווייזן פאַר מענטשן. מענטשן האָבן געדאַרפט קענען די ווערק און נישט די דיכטער אַליין. דאַן וואָלטן אַ סך געוווּנען אי די מענטשן, אי די דיכטער...

— פאַרוואָס? — האָט ברוינשטיין געפרעגט.

— ווייל די נשמה באַ דעם דיכטער איז תּמיד אַ סך שענער און אינטערעסאַנטער איידער זיין אויסערלעכס. דאָס אויסערלעכע באַ ס'רוב דיכטער אין באַצוג צו זייער נשמה, איז ווי שמוציקע קליידער אויף אַ ריינעם, שיינעם גוף.

האָט ברוינשטיין זיך דאַן אָנגערופן שטיל, מיט אַן אויפגערעגט קול:

— האָט איר ערשט מיין נשמה געקושט און נישט מיך ?

האָט זי גלייך נישט געענטפערט. דערנאָך האָט זי נערוועז א לאך געטון.

— אייער נשמה, בלויז אייער נשמה... פאַר אויפריכטיקער באַגייסטערונג...

— אויב בלויז מיין נשמה, דאַן פריי איך זיך נישט אַזוי שטאַרק. איך זאָג אייך דעם אמת, בערטאַ. אוודאי, איך בין זייער שטאָלץ, וואָס מיין נשמה געפעלט אייך, מיין טאַלאַנט ; אָבער... גליקלעך בין איך פון דעם נישט, ווייט נישט גליקלעך...

זי האָט דאַן גענומען זיין האַנט און זי אַ דריק געטון.

— וואָס מיינט אָט דער דריק, בערטאַ ? — האָט ער זיך אָנגערופן.

זי האָט נישט געענטפערט, נאָר אירע פינגער האָבן זיך געקלאַמערט אָן זיינע.

— בערטאַ, ווי זאָל איך דאָס פאַרשטיין ? מיינט עס, אַז איר...

— דאָס מיינט, — האָט זי מיטאַמאָל געזאָגט, — אַז איך הייב אָן צו פילן... ניין, — האָט זי זיך פאַרכאַפּט, — דערווייל נאָך נישט, נאָך נישט דאָס !

— וואָס מיינט איר ?

— איך מיין, אַז איר הייבט מיר אָן צו געפעלן נישט נאָר ווי אַ דיכטער און ווי אַ רעוואָלוציאָנער ; אָבער נאָך נישט שטאַרק גענוג, אַז איך זאָל קענען פאַרגעסן...

— וואָס פאַרגעסן ? וועמען

— איינעם, וואָס איך האָב משוגע ליב געהאַט. איינעם, וואָס איז געווען, אויב איר ווילט, מיין מאַן...

ברוינשטיין איז דאַן געבליבן שטיין אַ צעמישטער מיט אַ פּנים פלאַם-פייער.

— קומט, קומט, — האָט אים בערטאַ אַ שלעפּ געטון באַם אָרעם — פאַרוואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן ? ער

איז שוין אַ יאָר פינף נישט מיט מיר; ער איז אין מאָס־קווע...

— ווער איז ער?

— וואָס איז דער חילוק, ווער ער איז? — האָט בערטאַ געענטפערט ווייטער. אַ באַוווּסטע פּערזענלעכקייט. ווען איך זאָל אייך אָנרופן זיין נאָמען, וואָלט איר געוווּסט. אָבער דאָס איז נישט ניי־טיק. געוויס האָט ער דאָרט אַן אַנדערע פרוי, און איך וואַרף אים דאָס נישט פאָר, אַזוי ווי ער וואָלט מיר נישט אויפגע־וואָרפן...

— און איצט ליבט איר אים נאָך אויך? — האָט ברוינ־שטיין אַרויסגערעדט מיט אַ ציטערנדיק קול.

— בעסער זאָלן מיר נישט רעדן פון דעם! — האָט בערטאַ אים איבערגעשלאָגן — איך וויל אייך נאָר זאָגן, ברוינשטיין, אַז ווען מען זאָגט מיר דאָס, ווען איך האָב אייך געטראָפן, וואָלט עס מיר געקלונגען קאָמיש...

— וואָס?

— אַז איר וועט קענען פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין מיין האַרץ...

ער האָט אַ צאַפּל געטון:

— בערטאַ, פאַרנעם איך אין אייער האַרץ אַ פּלאַץ?

— נאָך נישט אינגאַנצן. איך ווייס נאָך אַליין נישט קלאָר. אָבער אין דעם מאָמענט, ווען דאָס וועט מיר קלאָר ווערן, וועט איר גלייך וויסן. איך וועל אייך אַליין לאָזן וויסן.

ער האָט אַ כאַפּ געטון איר האַנט און גענומען זי גלעטן.

— איר הערט, בערטאַ — האָט ער אַרויסגערעדט מיט פיי־ער, — ווען איר זאָלט וויסן... איך בין דאָך אַזוי גליקלעך! גליקלעך ממש ווי אַ קינד. איך האָב אייך אַזוי ליב, בערטאַ, ערשט היינט איז עס מיר קלאָר געוואָרן, אָט ערשט איצט. איך האָב אייך ליב אַזוי ריין, איר הערט? אַזוי ריין! נאָר קוקן אויף אייך, ווייזט זיך מיר איצט אויס, איז מיר גענוג!...

— דאָס פיל איך, און דערפאַר האָט איר מיר די לעצטע

צייט אָנגעהויבן צו געפעלן אַנדערש איידער פריער. — האָט בערטאַ
בעזאָגט.

זיי האָבן זיך געזעצט אין דער שיף און זענען אַוועקגעפאָרן
צוריק.

* *

*

פון אָט דער צייט אָן האָט זיך ברוינשטיין אינגאַנצן געענ־
דערט אין זיינע באַציונגען צו בערטאַן. דער פריערדיקער „עיקר״,
וואָס ער האָט אין זינען געהאַט, האָט זיך ערגעץ אַוועקגערוקט און
באַהאַלטן.

ער האָט זי אַלץ מער און מער פאַרגעטערט, איז אינגאַנצן
פול געווען מיט איר.

בערטאַ האָט עס געזען, און אַמאָל האָט זי אַ לאַך געטון
פון אים:

— ברוינשטיין, פאַרוואָס גייט איר נישט אויפזוכן עפּעס אַן
אַנדערע? וואָס טויג אייך צו זיצן לעבן מיר אַ פאַרשמאַכ־
טער?...

אָדער:

— ברוינשטיין, ווי האַלט עס מיט אייער טעאָריע, אַז אַ
פרוי איז נישט מער ווי עפּעס, וואָס עס זאָל באַפרידיקן אַ פשוטע
נאַטור־באַדערפעניש? און בכלל, ווי קומט עס, וואָס איר זאָלט זיך
אַזוי הינרייסן מיט אַ פרוי, כמעט ווי אַ בחורשוי?...

ס׳רוב האָט ברוינשטיין איר אויף דעם נישט געענטפערט,
האָט געקוקט נאָר אויף איר און געשמייכלט. און אַמאָל האָט ער
געענטפערט קורץ:

— מיר איז גוט! איך בין אַזוי גליקלעך.

און נישט מער...

איין ווונטש האָט ער איצט געהאַט. איין עיקר־ווונטש: זי
זאָל זיין לעבן אים, שטענדיק לעבן אים.

איז זי נישט געווען, איז אַלצדינג אַרום אים פוסט געווען;

און איז זי לעבן אים געייען, האָט ער מער קיינעם אוןן גאָרנישט געדאַרפט, איז יעדער איינער אַן איבעריקער, אַ שטערער בלויז געווען. און איז צוגעגאַנגען צו זיי אַמאָל דער רעוורענד מיט זיין שטאָלענעם שמייכל. זאָל דאָס באָר אויף וויסטע פעלדער פאַלן, וואָס ברוינשטיין האָט אים דאַן געווינטשן.

און איז בערטאַ איינמאָל אַוועקגעפאָרן אויף צוויי טעג קיין ניו־יאָרק, ווי זי האָט געדאַרפט אויפטרעטן אויף אַרבעטער־פאַר־זאַמלונגען, האָט ברוינשטיין זיך נישט געקענט געפינען קיין אָרט אָן איר...

בלויז זיין אַרבעט האָט דעם גרויסן כוח פאַרמאָגט, אים אַוועקצורייסן אויף עטלעכע שעה פון בערטאַן.

יעדן טאָג, באַלד נאָך פרישטיק, איז ער אַוועק צו זיך אין צימער און האָט דאָרט געאַרבעט ביז דער האָטעל־גלאָק האָט גע־רופן צום דינער.

און אפילו דאַן, בשעת ער האָט געאַרבעט, האָט ער בערטאַן נישט געקענט פאַרגעסן, ווייל באמת האָט ער איצט געשריבן דער עיקר פאַר איר, און דער געדאַנק, אַז שפּעטער וועט זי לייענען דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, האָט געוועקט זיינע שאַפונגס־כּוחות, געצונדן זיין ענערגיע און אַרויסגערופן די שענסטע קלאַנ־גען און פאַרבן, וואָס זיין טאַלאַנט האָט פאַרמאָגט.

מיט איר מיינונג איבער זיין אַרבעט האָט ער זיך איצט נאָך מער גערעכנט איידער פריער...

נאָך דער אַרבעט, ווען ער איז אַרונטערגעקומען צו דינער, האָט בערטאַ שטענדיק געוואַרט אויף אים אויפן גאַניק. און אירע ערשטע ווערטער זענען געווען:

— נו, ווי האָט זיך עפּעס היינט געשריבן?

און ער האָט אַ קוק געטון אויף איר מיט זיינע אויגן, אין וועלכע דער חלום פון שאַפן האָט זיך נאָך געשלייערט, און מיט התפעלות, שמייכלענדיק ווי אַ גליקלעך קינד, האָט ער געענט־פערט:

— זייער גוט. נאָך בעסער ווי גוט. מיר וועלן באַלד לייע־נען. איר וועט אַליין זען!...

און אַן אַנדערטמאָל, ווען זי האָט עס אים געפרעגט, האָט ער אַ כאַפּ געטון איר האַנט און מיט באַגייסטערונג זיך אָנגערופן:

— בערטאַ, איך שרייב אַ מייסטער-ווערק. איך שרייב עס פאַר אייך, נאָר פאַר אייך אַליין!

און דערנאָך, ווען זיי זענען געזעסן באַם טיש אין עסצימער, האָט ער די גאַנצע צייט גערעדט פון די סצענעס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, און בערטאַ האָט זיך צוגעהערט זייער אויפמערקזאַם.

און שפּעטער זענען זיי געזעסן צוזאַמען, אָדער אינם וועלדל אונטערן רויטן באַרג, אָדער אויפן רויטן באַרג גופא, און ברוינשטיין האָט פאַר איר געלייענט דאָס, וואָס ער האָט אין יענעם פאַרמיטאָג אָנגעשריבן, און ס'רוב איז דאָס איר געפעלן געווען.

און אפילו אַמאָל, ווען זי האָט אים אָנגעוויזן אַ פעלער אין דעם, וואָס ער האָט פאָרגעלייענט, האָט זי עס אָנגעוויזן אים אויף איר באַזונדערן אופן — מיט אַ מין באַזונדערער רויקער צאַרטקייט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געהיטן אים וויי צו טון, אָבער שטענדיק קלאָר און אָפנהאַרציק.

און אַלעמאָל האָט ער מיט איר מסכים געווען, געזעסן קלאָר דעם פעלער און מיטן האַרץ איר געדאַנקט, פאַרוואָס זי אינטערעסירט זיך אַזוי מיט זיין אַרבעט.

און מיט זיין אַרבעט האָט זי זיך אינטערעסירט, און אַלץ מער און מער פאַרכאַפּט געוואָרן פון איר. און אָפט האָט זי פונאַנדערגעוויקלט פאַר ברוינשטיינען סצענעס גאַנצע, וועלכע האָבן אים באַגייסטערט, און אַ דרייסטער געדאַנק האָט בא איר אויפגעבליצט, וואָס האָט אַ שוועב געטון פאַר ברוינשטיינען, ווי אַן אָדלער אונטער דער ברענענדיקער זון.

אין אַזעלכע מאָמענטן האָט אין אים אויפגעשריגן: „געוואַלט, וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכע פרוי! וואָס פאַר אַ טיפער גייסט!" און דאַן האָט ער געקושט די הענט אירע מיט אַ רעליגיעזן עקסטאַז...

דער פריערדיקער רוח איז ערגעץ פאַרקראָכן אין אים, ווי אַ צעטומלטע חיה אין איר פינצטערער הייל...

אין זיין נשמה האָט איצט געשפּילט עפּעס גאַנץ שטילס און פאַרבענקטס, ווי אַ שטילע תּפילה וואָלט זיך דאָרט געוועבט...

בײַ געוויסע מענטשן דערגרייכט די ליבע אין איר עקסטאַז אָט די מדרגה. דער דיכטער ברוינשטיין האָט געהערט צו אָט די מענטשן.

ער האָט איצט פאַרגעטערט בערטאַן, פאַרגעטערט ממש איר יעדן בליק, איר יעדע מינע. ער האָט זיך שוין מער נישט געפרעגט, ווער זי איז און וואָס זי איז און צי וועט ער זי אַמאָל „באַזיגן"; ער האָט זיך אַזוי ווי געזאָגט:

— אָט די ליב איך, אָט די פאַרגעטער איך, אָט די, וואָס איז אַזוי שיין, אַזוי ליכטיק, אַזוי אומגעווייינטלעך אינטעליגענט און אַזוי ניי, ניי, און אַזוי סודותפול פאַר מיר!...

זי, בערטאַ, איז צופרידן געווען פון דערדאָזיקער ענדערונג אין אים.

אירע בלויע אויגן האָבן געקוקט אויף אים ווייכער, ווארעמער און זי האָט אים שוין מער נישט „געקיבעצט".

נאָר אַמאָל, אַזוי ווי זי וואָלט אים וועלן אויספרווון, האָט זיך אין אירע אויגן אָנגעצונדן דער בלויער, שעלמישער שמייכל, און זי האָט מיט ברוינשטיינען אַ שטיף געטון...

דאַן האָט ער געטון אַ צאַפּל־אויף און אַ כאַפּ, אָט ממש ווי אַ הילצערן מענטשל — אַ שפּילצייג אויף דרעטלעך, וואָס זי וואָלט עס אויף אַ דרעטל אַ ציי געטון, — און אפילו דאַן אויך האָט ער בלויז איר האַנט אַריינגענומען אין זיינער, געגלעט זי און געקוקט איר, בערטאַן, אין די אויגן אַריין מיט קינדערישער אַנטציקונג און געשוויגן...

זי האָט דאַן געלאַכט:

— אָט אַזוי, הער דיכטער, רויק און אַנשטענדיק. איר האָט זיך בײַ מיר אויסגעמענטשלט!

און אַן אַנדערטמאָל האָט זי בלויז געזאָגט: „וואָס פאַר אַ

ליב קינד!" און בעת דעם געקוקט אים אין פנים אריין מיט אזעל־
כע העלע און ווארעמע אויגן און מיט אזא ליכטיקן שמייכל, אז
בא אים האט די נשמה זיך אויפגעצאפּלט מיט שטילער התפעלות
און אזא ריינע ליכטיקייט האט זיך דארט געגאסן, אט ווי א שבת־
ליכט וואלטן דארט געברענט...

אין אזעלכע מאמענטן האט ער אינסטינקטיוו געפילט, אז
אין איר נשמה וועקט זיך אויף דאס געפיל שטארקער צו
אים.

*

*

איינמאל נאכמיטאג איז זיי איינגעפאלן צו קלעטערן אויף
אן אנדערן בארג, נישט אויף דעם „רויטן", אויף וועלכן זיי האבן
געוויינלעך געקלעטערט.

דערדאזיקער אנדערער בארג איז געשטאנען אויף דער אנ־
דערער זייט פונם האטעל און איז אינגאנצן פארשטעלט געווען
פון א געדיכטן וואלד. אט ווי געוויסע פנימער ווערן פארשטעלט
פון געדיכטע, ווילד־צעוואקסענע בערד.

ברוינשטיין האט טאקע אנגערופן דעמדאזיקן בארג „דער
בארג מיט דער ווילדער באָרד".

זענען זיי אוועק צו אים מיט א שמאלן שטעג, וואס איז
געלאפן פונם האטעל בארג ארויף ביז צו א צוים מיט צונויפגע־
לייגטע שטיינער; און ווען זיי זענען אריבערגעקראכן דעמדאזיקן
צוים, איז דעם שמאלער שטעג פארשוווּנדן און זיי איז אויסגעקו־
מען צו גיין צווישן הויכן, ווילדן גראז און אנדערע ווילדע גע־
ויקסן...

די זון האט געברענט. בערטא האט געטראגן איר גרויסן
שטרויענעם, פארמערישן הוט און אויסגעזען פריש, פארברענט
און אויסערגעוויינטלעך מינטער.

פון אירע בלויע אויגן, וואס זענען אנגעזאפּט געווען מיט דער

בערגיקער זון, האָט ממש אַרויסגעשטראַלט וואַרעמע ליכטיקייט, אַזוי אויך איר שמייכל.

אַזוי, לכל הפחות, האָט זיך אויסגעוויזן ברוינשטיינען, וועל־כער איז געגאַנגען לעבן איר, מיט די אויגן און מיטן האַרץ צו־געשמידט צו איר...

דער וועג איז געווען אַ שווערער, מיט זייערע פיס האָבן זיי זיך געפּלאָנטערט צווישן די ווילדע גראָזן און געוויקסן, זענען יעדע ווײַלע אַרויפגעטרעטן אויף אַ שטיין, פאַרקראָכן מיט אַ פוס אין אַ ינקעניש אַריין און געגאַנגען ווייטער.

און שפּעטער, ווען זיי זענען פאַרשוווּנדן אין דער געדיכ־טער „באָרד" פונם באַרג, דאָס הייסט, צווישן די געדיכטע, שאָטנ־דיקעביימער, האָבן זיי זיך אומגעקערט אין יענער זייט, ווו דער הויכער האָטעל איז געשטאַנען, און ער האָט איצט אויסגעזען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אין אַ טיפן גרינעם טאָל אַרונטערגעלאָזט מיט זיין רויטן דאַך און מיט זיינע ווייסע פענצטער...

בערטאַ האָט אַ ציי געטון ברוינשטיינען באַם אָרעם און אַרויסגערעדט:

— זעט, וואָס פאַר אַ העלע און בלויע און גרינע וועלט, ברוינשטיין! דער הימל, די בערג... ברוינשטיין, איך קוק אויף דערדאָזיקער געגנט און מיר איז אַזוי גוט!...

ער האָט אַרויסגעפּליסטערט:

און מיר איז אויך אַזוי גוט, ווען איך קוק אויף אייך...

זי האָט שטיפעריש אָנגעשריגן אויף אים:

— אַי, הערט אויף! ווי שעמט איר זיך נישט, איר, אַ דיכטער, זעענדיק פאַר זיך אַזאַ שיינע וועלט, צו טראַכטן גאָר וועגן מיר?...

— מיין וועלט, וואָס איך זע זי — האָט ער געענטפערט און געקוקט אויף בערטאַן מיט אַ שטילן, פאַרחלומטן שמייכל — איז אַ שענערע, איידער די... אַ וווּנדערלעך־שיינע וועלט זע איך, וואָס זי פאַרשטעלט מיר אַלע וועלטן!...

האָט זיך בערטאַ אַ כאַפּ געטון:

— איר רעדט באַלײַשקײטן, אײַנגערעדטער דיכטער! קומט!

און זי האָט אים אַ כאַפּ געטון אונטערן אָרעם און אים אַ ציִ געטון נאָך זיך.

און איצט זענען זײ אַרײַן אין אַ שמאָלן טאָל, וואָס איז אַ ביסעלע ווייטער פאַרשפּאַרט געווען פון הויכע, גרויע פעלזן.

— אפשר זאָלן מיר זיך אומקערן צוריק? — האָט ברוינ-שטײַן זיך אָנגערופן.

— ניין, צום שפּיץ באַרג! — האָט בערטאַ געענטפערט, און אַ באַזונדערע אויפגעלעבטקייט האָט זיך איצט געפילט אין איר קול און אין די באַוועגונגען פון איר שלאַנקן, בײגיקן גוף און אין דעם בליק פון אירע אויגן.

זײ האָבן געמוזט אַריבערקריכן אַ הויכן פעלז, איז ברוינ-שטײַן דער ערשטער אַריבערגעקראָכן, און דערנאָך, ווען בערטאַ איז אויפן פעלז געשטאַנען, האָט ער, ברוינשטײַן, צו איר אויסגע-שטרעקט בײדע אָרעמס און געזאָגט:

— שפּרינגט!

און זי איז אַ שפּרונג געטון און זיך אַרונטערגעגליטשט אין זײַנע אָרעמס און האָט זײַן קערפּער מיט אירן באַרירט פון אויבן ביז אַראָפּ און זײַן הייסן אָטעם אויף איר פּנים געשפּירט.

זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ הייסן לאַך און איז אַוועק ווייטער, ווידער באַרג אַרויף, צווישן די ביימער.

און ער, ברוינשטײַן, נאָך איר.

דער וועג איז געוואָרן משופּעדיקער און שווערער.

זײ האָבן געטרעטן איבער קופּעס געלע, פאַרוועלקטע בלע-טער, פון וועלכע עס האָט געשלאָגן אַ גערוך פון שימל, און אי-בער צעפּוילטע ביימער, וואָס זענען געלעגן מיט זײערע טויטע אויסגעשטאַרצטע צווייגן, ווי סקעלעטן אָן פלייש און אָן הויט, און יעדעס מאָל, ווען בערטאַן איז אויסגעקומען אַריבערצושפּרינגען אַזאַ בוים, האָט זי אויסגערופן:

— איבערן טויט צום לעבן!...

און יעדעס מאָל האָט זי אַ קוק געטון דערבײַ אויף ברוינ־שטיינען מיט אויגן, וואָס זײַ האָבן אַ סוד דערציילט. . .

צווישן די ביימער איז אָנגעגאַנגען אַ מלחמה צווישן דעם ליכט פון דער זון און דער טונקלקייט, און טונקעלע שאָטנס האָבן זיך געיאָגט נאָך העלע שטראַלן, געראַנגלט זיך מיט זײַ און פאַר־יאָגט זײַ.

צום סוף האָבן בערטאַ און ברוינשטיין דערגרייכט דעם שפּיץ באַרג.

און דאָרט האָט בערטאַ זיך האַסטיק אַרונטערגעלאָזט אויפן גראָז און מיט אַן אומפּעטיקער באַוועגונג אַ ריס געטון פונם קאָפּ דעם גרויסן פאַרמערישן הוט און אים אַ שליידער געטון פון זיך.

דאַן האָט זי אַ קער געטון דעם קאָפּ צו ברוינשטיינען, וועלכער האָט זיך אויך אַרונטערגעלאָזט אויפן גראָז, און אים אָנ־געקוקט לאַנג, לאַנג מיט אַ בליק, וואָס איז געווען פאַרסודעט און האָט זיך געצונדן. . .

— ברוינשטיין — האָט זי דאַן אַרויסגערעדט מיט אַ הייס־זעריקלעך קול, און די נאָז־פליגל אירע האָבן זיך געטרויטלט און באַוועגט — בין איך דײַן וועלט? ליבסטו מיך?

ברוינשטיין האָט זיך אַ וואָרף געטון צו איר, אָנגעכאַפּט אירע ביידע הענט און שטום אַרײַנגעקוקט איר אין די אויגן.

אַזוי זענען זײַ געזעסן און האָבן געקוקט איינער דעם אַנ־דערן אין די אויגן, און זײַן בליק האָט זיך געצונדן פון אירן און אירער פון זײַנעם און ביידע האָבן הייס געאָטעמט.

ערגעץ אויף אַ בוים איז געזעסן אַ פויגל און האָט גע־טרילט.

מיטאַמאָל האָט זיך בערטאַ אַ צי געטון צו ברוינשטיינען און ער צו איר, און זייערע ליפּן האָבן זיך צונויפגעגאָסן.

און אין דער אייגענער צייט האָט דער פויגל געזונגען, ווי פאַרשיכּורט. זײַן שטימע האָט געשטיגן אַלץ העכער און העכער, ווי אַ פײַער, וואָס האַלט אין איין צעפלאַקערן, אָדער ווי אַ ליידנ־שאַפט, וואָס זי ברעכט אויס מיטאַמאָל, און דאָסדאָזיקע געזאַנג

האָט אַזוי ווי באַגלייט די משוגענע קושן דאָרט אויף דער לאָנקע...

פון צייט צו צייט איז דאָס געזאַנג שוואַכער געוואָרן און דאַן ווידער גענומען הילכן מיט שטאַרקע, מעכטיקע טענער.

אַ ציטערן איז דורכגעגאַנגען דורך דעם געזאַנג.

מיטאַמאָל האָט דאָס געזאַנג עפּעס ווי איבערגעריסן זיך מיט א נצחון-קלאַנג.

עס איז שטיל געוואָרן.

פון דער לאָנקע האָט זיך דערהערט ברוינשטיינס קול:

— בערטאַ!

און איר קול:

— ברוינשטיין!

און מיט אַזוי פיל גליק האָבן זייערע שטימען געקלונגען...

## צוועלפטער קאַפּיטל

### נייע פאַרשוינען

שפּעטער זענען זיי געגאַנגען צוריק. ברוינשטיין פאַרשיכורט פונם גליק, האָט געקוקט איר אין די אויגן אריין און געשוויגן. זי האָט אויך געשוויגן און אירע אויגן האָבן זיך אַזוי ווי גע-האַלזט מיט זיינע.

דאַן האָט ער אַרויסגעפּליסטערט:

— מיין ווייב!... מיין בערטאַ!...

— דו ביסט גליקלעך, ברוינשטיין?

— צי איך בין גליקלעך? — האָט ער זיך אָנגערופן און געקושט די פינגער פריער פון איין האַנט און דערנאָך פון איר אַנדערער,

— ביסטו אַזוי גליקלעך געווען מיט יעדער פרוי די ערשטע צייט ? — האָט זי מיטאַמאָל געפרעגט.

ער האָט כמעט אַ צאַפּל געטון.

— ניין, ניין, וואָס רעדסטו ? — האָט ער אויסגעשריגן — דאָס, וואָס איך פיל איצט, האָב איך קיינמאָל נישט געפילט. דו ווייסט, אַזוי ווי איך וואָלט געחלומט דעם שענסטן חלום. . .

— ביז עס וועט קומען אַן אַנדערע און וועט דיך פון אָט דעם חלום אויפוועקן — האָט בערטאַ אַ שמייכל געטון.

— איך קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, אַז איך זאָל גאָר אַמאָל וועלן קוקן אויף אַן אַנדערער.

— דו האָסט פריער זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן עפּעס אַנדערש אויך, ברוינשטיין.

— וואָס מיינסטו ?

— אַז דו זאָלסט זיך אַמאָל ערנסט פאַרליבן — האָט זי געענטפערט.

ער האָט אַ שמייכל געטון.

— אמת, פריער האָב איך עס נישט געגלייבט. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז איך האָב בכלל אָפּגעלייקנט דעם כוח און דעם כישוף פון ליבע. . . איך האָב בלויז געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך נישט איבערגעבן אָט דעם כישוף אין די הענט אַריין, מחמת עס זענען פאַרהאַן וויכטיקערע זאַכן אינם לעבן, ווי די ליבע, און דערפאַר דאַרף מען קוקן אויף דעם. . .

— ווי אויף באַפרידיקינגס־שטאָף, און נישט מער ! — האָט בערטאַ אים איבערגעשלאָגן מיט אַ פרייליכן שמייכל.

— אָבער וואָס איז דער חילוק — האָט ער זיך דערנאָך אָנגערופן — אַבי איך בין איצט אַזוי גליקלעך, ווי איך בין נאָך קיינמאָל נישט געווען. נו, נישט אויסגעהיטן זיך, אַריינגעפאַלן, באַנקראָטירט אין אַ געוויסן זין, דאָך בענטש איך יענעם מאָמענט, ווען איך האָב דיך געטראָפן. און איך בעט דיך, בערטאַ — האָט ער מיט היץ אַ כאַפּ געטון אירעביידע הענט — אַז דו זאָלסט ווייטער נישט רעדן וועגן אַן אַנדערער, וואָס וועט קומען, ווייל דו טוסט מיר וויי, איך שווער דיר, אַז נאָך קיינמאָל האָט קיין אַנ-

דערע נישט געהערט פון מיר דאָס, וואָס דו הערסט; און קיינמאָל האָב איך צו קיין אַנדערער נישט געפילט דאָס, וואָס איך פיל צו דיר.

זי האָט צערטלעך גענומען גלעטן זיין האַנט און ארויסגע־רעדט:

— איך גלייב דיר. איך ווייס עס.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט געקוקט אים אין די אויגן אריין און נאָך געגלעט זיין האַנט, דערנאָך האָט זי זיך ווי־דער אָנגערופן:

— פאַרוואָס געפעלסטו מיר אַזוי? גוט, דיין נשמה, דיין טאַלאַנט... איז דאָס אָבער גענוג? לאָז מיך גוט זעען דיינע אויגן! — — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון און אַריינגעקוקט אין זיי טיפער — מענטשעלעך זע איך אין זיי, נאַרישע, פאַרליבטע, שוואַכע מענטשעלעך! — האָט זי אַ לאַך געטון — ניין, אין דיינע אויגן האָב איך זיך זיכער נישט פאַרליבט! היינט אין וואָס דען? אין וואָס דען? — איך ווייס נישט! — האָט זי אַ צי געטון די אַקסלען.

ער האָט זיך גליקלעך צעלאַכט און זיך אָנגערופן:

— למאי די קשיות, פאַרליבט און זיי גליקלעך!

— דו ביסט גערעכט... באמת, למאי פרעגן קשיות? פאַר־ליבט און זיי גליקלעך. אַנאַליזירן צופיל אַ מענטש, שטעלן זיך פראַגן, פאַרוואָס ער געפעלט, איז נאַריש. אַ מענטש מוז באַטראַכט ווערן ווי אַ בילד. לויט דעם איינדרוק, וואָס עס מאַכט אַלס גאַנ־צעס. אַנאַליזירן יעדן באַזונדערן שטריך, וועט נאָר איבערפירן דעם איינדרוק פון דעם גאַנצן און וועט דיך נישט קליגער מאַכן. ברוינ־שטיין, איך ליב דיך. איך ווייס נישט פאַרוואָס און איך וויל עס נישט וויסן..

אָבער, ווען זיי זענען אָפּגעגאַנגען נאָך אַ שטיק וועג און האָבן זיך דערנאָך צוגעזעצט אָפּרוען אויף אַ פעלז, האָט זי מיט־אַמאָל זיך אָנגערופן:

— און דאָך, קאָן זיין, האָב איך זיך דערפאַר אין דיר פאַרליבט, ווייל דו פאַרמאָגסט שטריכן...

— וואָסערע שטריכן ?...

— וואָס אַן אַנדערער, אַ זייער נאָענטער מענטש מײַנער, האָט זיי אויך פאַרמאָגט — האָט זי שטיל און פאַרטראַכט געענט־פערט:

— יענער, וועלכער איז אין מאָסקווע ? — האָט ער אַרויס־גערעדט, און איז פּלוצלינג אויפגערעגט געוואָרן.

— יאָ, יענער.

האָט ער אַ ווײַלע דערנאָך געשוויגן און זי האָט פאַרטראַכט גענומען רײַסן בלעטלעך פון אַ בוים, וואָס איז געשטאַנען לעבן דעם פעלז, אויף וועלכן זיי זענען געזעסן.

— ווי איך זע, האָסטו אים זייער ליב געהאַט — האָט ברוינשטיין מיטאַמאָל איבערגעריסן דאָס שווײַגן.

זי האָט נישט געענטפערט און געריסן ווייטער די בלעטלעך פונם בוים.

— איז ער אַ ייִנגערמאַן, בערטאַ ?

— די יוגנט אַליין — האָט זי שטיל געענטפערט — הגם אין די יאָרן... אָבער וואָס מאַכט עס אויס – האָט זי זיך פּלוצ־לינג איבערגעשלאָגן — איך וויל נישט רעדן וועגן אים !

האָט ער ווידער אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך זיך ווידער אָנגערופן:

— בערטאַ, מיר ווײַזט זיך אויס, אַז נאָך איצט האָסטו אים אויך ליב. אמת ?

זי האָט נערוועז אַ לאַך געטאָן און געענטפערט:

– רעד נישט קיין נאַרישקייטן, איך בעט דיך.

— איך פרעג עס בײַ דיר — האָט ער ווייטער גערעדט — נישט ווײַל מיך אַרט עס, איך גיב דיר מײַן וואָרט, נאָר גלאַט איך האָלט וועלן וויסן, ווי אַ שרײַבער, ווי אַ דיכטער...

און בשעת ער האָט אַזוי גערעדט, האָבן בענקעניש און או־מעט זיך געוועקט אין זײַן נשמה און איבײַנעם מיט דעם אַ גע־וואַלדיקער דראַנג, זי אַרײַנכאַפּן איצט אין זײַנע אָרעמס און קושן זי אַזוי, אַז זי זאָל זיך פאַרגעסן אָן דער גאַנצער וועלט. ער האָט

זיך אָבער באַהערשט, מחמת ער האָט געוואַרט אויף איר ענט־פער.

זי אָבער האָט אים נישט געענטפערט.

האָט ער ווידער געפרעגט:

— פאַרוואָס ווילסטו מיר נישט ענטפערן, בערטאַ?

— איך וויל נישט. און עס איז נישט דיין דאגה. און פרעג מיך נישט אַזעלכע זאַכן — האָט זי זיך דערנאָך אָנגערופן.

— דאַרפסט נישט זיין בייז. איך מיין גאָרנישט — האָט ער דאַן געזאָגט.

— אוודאי מיינסטו גאָרנישט. זיכער מיינסטו גאָרנישט — האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ לייכטן שפּאָט אין קול, און פּלוצלינג האָט זי זיך צעלאַכט. דערנאָך אַ געשריי געטון צו אים:

— דו בורזשוי מיט בורזשואַזער פּסיכאָלאָגיע! ...

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— איך בין אַ בורזשוי? וואָס פאַלט דיר איין?

— נאָר אַ בורזשוי מיט זיין פאַרשימלטער פּסיכאָלאָגיע — האָט זי אַ לאַך געטון — קען אַזוי אויספרעגן, ווי דו מיך. נו, אַז איך ליב אים נאָך איצט, איז וואָס, טאָר איך נישט?

האָט ברוינשטיין דאַן אַרויסגעמורמלט:

— ווער זאָגט עס, אַז דו טאָרסט נישט? האָב איך עס גע־זאָגט? איך האָב נאָר געפרעגט, ווייל איך האָב גלאַט געוואָלט וויסן. . .

איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן און האָט באַלד ווידער גע־פרעגט:

— איז, ווי איז דאָס, האָסטו אים טאַקע ליב?

זי האָט זיך צעלאַכט נאָך העכער און אויסגעשריגן:

— ווי קינדעריש דו האָסט עס געפרעגט, און מיט וואָס פאַר אַן אומגליקלעכע מינע! איך האָב דיך ליב, דו נאַריש קינד, און יענער איז דאָך דאָ נישטאָ, טאָ וואָס אַרט דיך יענער? ...

— ווי לאַנג איז ער אין מאָסקווע?

— שוין העכער פינף יאָר.

— און די גאַנצע צייט נישט געהערט פון אים?

— שוין אַ פּאָר יאָר.

— װעסטו מיר זאָגן זײַן נאָמען?

— דו קענסט זײַן נאָמען. ליעז — אַ באַװוסטער נאָמען.

— דער ליעװ, װעלכער האָט דאָ געלײַענט אַמאָל לעקציעס?

— יאָ, ער איז דאָס — האָט בערטאַ געענטפערט און געקוקט װײַט איבער ברוינשטײנס קאָפּ מיט אירע בלויע אויגן.

— קען איך אים — האָט ברוינשטײן נאָך אַ קורצן שװײַגן זיך אָנגערופן — אַן אינטערעסאַנטער מענטש.

— אַ פּערזענלעכקײט אַן אינטערעסאַנטע — האָט בערטאַ אים אַזוי װי פּאַרריכט — דו װײסט, נאָך אים איז מיר קײן מאַן נישט געפעלן געװאָרן, ביז איך האָב דיך געטראָפן...

— דו האָסט געזאָגט, אַז איך פאַרמאָג שטריכן, װאָס ער האָט אַזעלכע פאַרמאָגט. װעלכע שטריכן, צום בײַשפּיל?

— די רײנע קינדערישקײט. דער ענטוזיאַזם און דער װילדער טעמפּעראַמענט — האָט זי געענטפערט און זיך איבערגעשלאָגן — געװוּג, נישט גערעדט מער װעגן דעם. קום! — האָט זי זיך אַ הײב געטון פונם אָרט.

ער האָט זי אַ כאַפּ געטון און צוגעצויגן צו זיך.

— װאַרט, זיץ נאָך אַ ביסעלע.

זי האָט געקוקט אים אין די אויגן אַרײַן.

— הער אויס — האָט זי אַרויסגערעדט הײזעריקלעך. — מיר געפעלן נישט דײַנע אויגן, לאָז מיך אײַן...

— איך װיל בײַ דיר נאָך עפּעס פרעגן...

— זאָג מיר: האָסטו אים עפּעס שטאַרק ליב געהאַט?

— זי האָט זיך צעלאַכט.

— שוין װידער? איך װעל דיר נישט זאָגן.

— פאַרװאָס נישט? זאָג, בערטאַ, שטאַרק? — איז ער צוגעשטאַנען צו איר, און אין זײַן קול האָבן געציטערט הײזעריקלעכע, לײַדנשאַפטלעכע טענער.

— זײער שטאַרק, זײער... נו, נו, צופרידן?

— מער ווי מיך, בערטאַ?

— איך ווייס נישט, זייער... זייער — האָט זי שוין גע־פליסטערט. און ברוינשטיין האָט באַמערקט, ווי אירע פאַרטראַכטע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן.

— טאַקע? — האָט זיך בײַ אים אַרויסגעריסן אַ הייזעריקער קרעכץ, און ווי אַ משוגענער האָט ער זי געכאַפּט קושן.

און זי האָט אים אויך געענטפערט מיט אַ פייער.

און פּלוצלינג איז ברוינשטיינען איינגעפאַלן, אַז די דאָזיקע קושן אירע האָבן געהערט צו יענעם. ער האָט אַ צאַפּל געטון און אַרויסגעמורמלט מיט אַ הייסן אָטעם:

— בערטאַ, דו קושט עס מיך אַזוי?

האָט זי אַרויסגעפּליסטערט:

— שווייג!... דיך!... דיך!...

און געקושט אים ווידער און ווידער..

און דאַן האָט זי זיך אַ ריס געטון פון זיינע אָרעמס און איז אַוועקגעגאַנגען מיט אויפגערעגטע טריט.

און ווען ער האָט זי דערנאָך אָנגעיאָגט, האָט זי צו אים בעזאָגט מיט אַן אויפגערעגטער מינע:

— ברוינשטיין, איך פאַרווער דיר ווייטער צו רעדן וועגן ליעזון.

— פאַרוואָס, בערטאַ?

— אָט אַזוי. און איך האָב באַמערקט בײַ דיר אַ שטריך, וואָס ער איז מיר זייער אומאָנגענעם.

— צום ביישפּיל?

— דיין אייפערזוכט.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון.

— איך בין אייפערזיכטיק? וואָס פאַלט דיר איין, בערטאַ? ער האָט זיך צעלאַכט און גערעדט ווייטער:

— דאָס איז שיין. און צו וועמען זאָל איך זיין אייפערזיכ־טיק? ניין, בערטאַ, דו האָסט אַ טעות. אַ בלבול אויף מיר. איך וועל קיינמאָל נישט זיין אייפערזיכטיק. אויב דו דענקסט אַזוי וועגן

מיר, האָסטו זייער אַ שלעכטע מיינונג וועגן מיר. איך איפּערדי־כּ־טיק? פוי, שעם זיך בערטאַ!...

— מילא, גענוג וועגן דעם. ווי לאַנג דענקסטו נאָך צו פאַר־בלייבן דאָ?

— אַזוי לאַנג, ווי דו וועסט דאָ פאַרבלייבן.

— פאַרבלייבן מיר דאָ, הייסט עס, נאָך צוויי וואָכן.

— ווי דו וועסט עס וועלן.

— נו, און ווייטער? — האָט בערטאַ געפרעגט.

— וואָס מיינסטו?

— איך מיין, ווי זאָלן מיר איינאָרדענען אונזער ווייטערדיק לעבן? אפשר זאָל יעדער פון אונז בלייבן וווינען אויף זיין אַלטער קוואַרטיר?

— ניין, בערטאַ, מיר ציען זיך אריין אין אונזערע צימערן. נישט ווייט פון דעם הויז, וווּ איך וווין, אין בראָנקס, קאָן מען באַ־קומען צוויי צימערן מיט אַ קיך...

— צו וואָס די קיך? מיינסטו אפשר, אַז איך וועל דיר קאָכן מאָלצייטן? מיר וועלן עסן אין אַ רעסטאָראַן.

— דאָס ווייס איך; נאָר אַמאָל קומען געסט און מען ווי־ל אַ גלאָז טיי.

— נו, גוט — האָט זי זיך צעלאַכט — זאָל זיין מיט אַ קיך. זאָלן זיין „רומס מיט אימפּרוווּמענטס*), ווי באַ לייטן. צו־פרידן?...

און אירע ווערטער „רומס מיט אימפּרוווּמענטס" האָבן טשע־קאַווע געקלונגען פאַר אים. ער האָט אַ טראַכט געטון:

„הער נאָר, איך ווער דאָס אַ באַלעבאָס? מאָדנע!"...

אָבער דערמאָנט זיך, אַז זי, בערטאַ, וועט מיט אים דאָרט זיין, האָט ער געענטפערט מיט אַ גליקלעכן שמייכל:

— אוודאי צופרידן, זייער צופרידן. דו הערסט, בערטאַ — האָט ער צוגעלייגט שטילער, מיט אויפריכטיקער באַגייסטערונג —

---

*) צימערן מיט די נייעסטע איינריכטונגען.

זעץ איך דערמאָן זיך, אַז דו וועסט זיין דאָרט מיט מיר... איך פארגעסטער דאָך דיך אַזוי!...



אין אַ שבת איז דאָס געווען, אין אַ פּאָר טעג שפּעטער. די די מענער זענען געקומען פון שטאָט צו זייערע ווייבער.

בערטאַ איז געזעסן אויף דעם גאַניק און האָט געוואַרט אויף ברוינשטיינען, וועלכער האָט נאָך געאַרבעט אויבן אין זיין צימער.

אַ פּאָר שעה פאַר מיטאָג איז דאָס געווען.

דאַן איז ברוינשטיין אַרונטערגעקומען אַ פאַרחלומטער, ווי תמיד באַלד נאָך דער אַרבעט.

— נו, ווי האָט זיך עפּעס היינט געשריבן? — האָט בערטאַ אים געפרעגט.

— אַרויסגעזוּנגען האָט עס בּאַ מיר — האָט ער געענט־פערט מיט באַגייסטערונג — אפשר ווילסטו איצט הערן?

— ניין, שפּעטער, נאָכמיטאָג. זעץ זיך, ברוינשטיין, און קוק זיך צו צו דעם אַרומיקן פאַמיליען־גליק, און נעם זיך אַ ביישפּיל...

— וואָס מיינסטו?

— די מענער זענען דאָך היינט געקומען צו זייערע ווייבער...

— נו, איז וואָס? זיי קומען דאָך יעדן שבת...

— היינט איז עפּעס אַנדערש — האָט בערטאַ אַ שמייכל געטון.

— פאַרוואָס עפּעס איז היינט אַנדערש? — האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן.

— מחמת פריער האָבן מיר נישט געדאַרפט נעמען אַ ביי־שפּיל פון פאַמיליען־גליק און היינט...

זי האָט אַ קוק געטון אויף אים מיט פרייעלעכע בלויע אויגן.

ער האָט זיך צעלאַכט.

— סיידן אַזוי. פונדעסטוועגן, בערטאַ, זאָלן מיר בעסער אַוועקגיין פֿון דאַנען, אַנישט וועט דער רעוורענד מסתמא זיי ווערן פאַרשטעלן פֿאַר אונז.

— וואָס אַרט עס דיך?

— איך האָב נישט קיין געדולד פֿאַר זיי — האָט ברוינ־שטיין געענטפערט.

— מערקווירדיק, ברוינשטיין, ווי דו האָסט זיך געביטן — האָט בערטאַ זיך דאַן אָנגערופן — פריער האָסטו, דאַכט זיך, געדולד געהאַט אי צום רעוורענד, אי צו די אַנדערע, פאַרבראַכט מיט זיי, געשטיפט מיט זיי...

— יאָ, פריער, ביז איך האָב געטראָפן דיך.

— און אַזוי גיך, ווי דו האָסט מיך געטראָפן, איז וואָס? — האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ שפּילעוודיקן טאָן.

ער האָט נישט געענטפערט. ער האָט געקוקט אויף איר מיט פאַרליבטע אויגן און געשמייכלט.

— און אַז דו האָסט מיך געטראָפן, וואָס איז נאָכדעם גע־שען? — האָט זי ווידער זיך אָנגערופן מיטן שפּילעוודיקן טאָן און אירע אויגן האָבן שעלמיש געלאַכט.

ער האָט איר געענטפערט:

קום, איך וועל דיר דערציילן אויפן וועג.

האָט זי אים אַ ציי געטון באַם אָרעם און געזאָגט:

— זעץ זיך. מיר גלוסט זיך הײַנט צו קוקן אויף דעם אַרומיקן פאַמיליען־גליק.

ער האָט זיך געזעצט לעבן איר.

— וואָס איז דיר אײַנגעפאַלן? וואָס אינטערעסירן זיי דיך?

— פרעג נישט קיין קשיות — האָט בערטאַ געענטפערט — בעסער זע ווי די ווײַבער זענען אויסגעפוצט, ווי זיי שטראַלן און

ווי פאַרליבט זיי שמייכלען צו זייערע מענער ? קוק אָן מרס. יאַכ־נעטשיק...

מרס. יאַכנעטשיק, וועלכע האָט געשפּאַצירט מיט איר מאַן און קינד פאַרביי דעם האָטעל הין און צוריק, האָט זיך אַזוי ווי מיט איר קאָפּ צוגעקלעפּט צו דער שטאַרקן אָרעם פון איר מאַן.

איר מאַן, מיסטער. יאַכנעטשיק, האָט אויסגעזעען אַ ריז, אַ זעקס פוס די הייך, מיט הענט און פיס, ממש דעמבאָווע קלעצער. אויף זיין טונקעלן, ריין־ראַזירטן פּנים, מיט גרויסע רונדע אויגן, האָט געשפּילט אַ ברייטער, גוטמוטיקער שמייכל. אָנגעטון איז ער געווען אין אַ ווייס אַנצוג און אין ווייסע שיך.

יעדע ווײַלע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און זיך איינגעבויגן צו זיין קינד. און דאַן האָט מרס. יאַכנעטשיק אַריבערגעבויגן איר יאַסטרעב־פּנים איבער זיין אָרעם, געקוקט אויפן קינד און דערביי האָט זי פון צייט צו צייט אַ רייב געטון די האָר פון איר קאָפּ אָן איר מאַנס שטאַרקן עלנבויגן.

מען האָט געקענט באַשיינפּערלעך זעען, אַז דאָס חיות ממש איז איר אויסגעגאַנגען נאָך איר מאַן, דעם ריז.

אין איר גאַנצער האַלטונג, ווען זי איז געגאַנגען איצט מיט אים, איז געלעגן אַ וואָרנונג: „היט זיך, ער איז מיינער, אין־גאַנצן מיינער !"...

— אַ היפּשער פּאָליסמאַן — האָט בערטאַ שטיל געזאָגט — אָט דער מיסטער יאַכ ענטשיק. און דאָרט איז מרס. בענדזשאַמין אויך מיט איר מאַן...

מרס. בענדזשאַמין איז געזעסן אונטער אַ בוים מיט איר מאַן און קינד און איר פּנים האָט געשמייכלט נאָך האַרציקער ווי גע־ווינטלעך.

איר מאַן, אַ דענטיסט, אַ בלאָנדער, מיט זייער אַ באַוועג־לעך פּנים און קלוגע, העלע אויגן, האָט געהאַלטן דאָס קינד אויפן שויס און געגלעט עס איבער דעם בלאָנדענעם קעפּעלע.

מרס. בענדזשאַמינס מאַן מאַכט אַ סימפּאַטישן איינדרוק —

האָט בערטאַ זיך ווידער אָנגערופן, און פּלוצלינג האָט זי אַ צי־געטון ברוינשטיינען באַם אָרעם און שטיל אַרויסגערעדט:

— טו אַ קוק אויף מרס. ציפּאַרקעס פּאַמיליען־גליק. אויפן גאַניק, הינטער דיר...

ברוינשטיין האָט זיך אומגעקוקט:

אויפן אַנדערן עק גאַניק איז געשטאַנען מרס. ציפּאַרקעס מיט אַ הויכן יינגנמאַן.

דער יינגערמאַן, מיט אַ רונד פּנים און רויט־האָריקן קאָפּ און ווייסע אויגן אונטער רויטע ברעמען, איז אָנגעטון געווען אין אַ בלויען אַנצוג.

ער האָט גערעדט מיט מרס. ציפּאַרקעס, און אינמיטן דערי־בען האָבן מיטאַמאָל די ווייסע אויגן אַ צוק געטון און דאָס אָפּע־נע מויל מיט די אויסגעשטעלטע ציין האָט זיך געטון מאָדנע אַ קרום און אַ כאַפּ, אַזוי־ווי עס וואָלט אַ פליג אין דער לופט אַריינ־געכאַפּט, און דערנאָך אַ קנאַק מיט די ציין און דערביי אַרויסגע־לאָזט אַ שניידנדיקן פּייף דורך דער נאָז.

— נעבעך, ער פּייפט גאָר אויף זיין פּאַמיליען־גליק! — האָט בערטאַ שטיל באַמערקט.

— אַ רחמנות — האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן — ער קאָן זיין דווקא אַ ווילער מענטש.

מרס. ציפּאַרקעס מיטן מאַן זענען פאַרשוווּנדן פונם גאַניק.

אין אָט דער צייט האָט זיך פון הינטער דעם האָטעל באַ־וויזן דער רעוורענד און מיט אים איז געגאַנגען אַ ייד מיט אַ גע־שטופּלט פּנים און מיט גרוי־געקרויזטע האָר, ווי באַ אַ נעגער, און מיט קליינע, לאַכנדיקע אויגן.

הינטער זיי האָט זיך נאָכגעשלעפּט מרס. קאָהען מיט איר פאַרצרהטער מינע אויפן קעלבערנעם פּנים.

דער מאַן מיטן געשטופּלטן פּנים איז אָנגעטון געווען מעשה פּראַנט, אין אַ העלן אַנצוג, מיט אַ גרויסער בריליאַנטענער שפּיל־קע אויפן האַלזטוך.

דער רעוורענד האָט אים אַרויפגעפירט אויפן גאַניק, איז גע־שטאַנען מיט אים דאָרט אַ ווײַלע און האָט געשמועסט, און מיט־

אַמאָל — אַזוי ווי ברוינשטיינען וואָלט דאָס האַרץ געזאָגט! — דער רעוורענד האָט צוגעפירט דעם ייד צו בערטאַן און ברוינשטיינען מיט די ווערטער:

— אַט באַקענט זיך: מיסטער קאָהען, אַ גרויסער מאַנופעק־טשורער, הערט איר, מיט אַ פרייער האַנט, אַ בעל־צדקה, דאָס הייסט, הערט איר, אַ פילאַנטראָפּ. און דאָס איז מיס פרידלאַנד, אַ מיידל גאָר־גאָר אַן אַנטיקל, אַ זייער רייך קינד, הערט איר. און דאָס איז מיסטער ברוינשטיין, הערט איר, אַ ייד מיט אַ פייגער פּען...

און תיכּף האָט זיך מיסטער קאָהען אַוועקגעזעצט לעבן זיי און אַרויסגענומען אַ גרויסן ציגאַרן־פּאָרט פון אונטערן בוזים און אָנגעבאָטן ברוינשטיינען אַ ציגאַר, מכבד געווען דעם רעווערענד מיט איינעם און אַליין אויך פאַררייכערט און דערנאָך זיך מיטאַמאָל געווענדט צו בערטאַן מיט אַ פריילעכן שמייכל:

— אייער פאָטער איז אַ רייכער ריעל־עסטייט־מאַן, העט בערטאַ האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— האַ?

און זי האָט אַ קוק געטון אויף ברוינשטיינען מיט אַ שמייכל. ער האָט אַ ווונק געטון צו איר, אַז זיי זאָלן אַוועק־גיין.

זי אָבער האָט זיך פונם אָרט נישט גערירט און געענטפערט מיסטער קאָהענען:

— איר קענט מיין פּאַפּאַ?

— דאַכט זיך, אַז איך קען אים — האָט ער געענט־פערט.

דערווייל האָט דער רעווערענד, וואָס איז געשטאַנען הינטער ברוינשטיינען, זיך איינגעבויגן צו אים און איינגערוימט אים אויפן אויער:

— דאָס אַלץ, וואָס איך האָב אים געזאָגט. דאָס איבעריקע ווייסט ער נישט, הערט איר, בלייבט אַ סוד!...

— וואָס סודעט איר זיך דאָרט, רעווערענד? — האָט מיסטער קאָהען זיך אָנגערופן — דערציילט מיר אויך.

— מען טאָר נישט. אַ סוד — האָט דער רעוורענד געענט־פערט.

— אַי־אַי־אַי, רעוורענד, קאָן איך אייערע סודות — האָט מיסטער קאָהען זיך צעלאַכט און אַ מאַך געטון צו אים מיט אַ קורצן פינגער, אויף וועלכן עס האָט געבלישטשעט אַ רינג מיט אַ בריליאַנט.

— כאַ! — האָט דער רעוורענד אַרויסגעשלוקערצט זיין דומפּ, אָפּגעהאַקט געלעכטער.

ברוינשטיין האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעהויבן און זיך אָנגע־רופן צו בערטאַן:

— מיר דאַרפן דאָך נאָך ערגעץ צוגיין, בערטאַ...

— נישט איצט — האָט זי געענטפערט — מיר וועלן שפּע־טער גיין. אַלזאָ — האָט זי זיך אַ קער געטון צו מיסטער קאָהע־נען — קענט איר, הייסט עס, מיין פאָטער...

ער האָט זיך אַ גלעט געטון מיט אַ האַנט איבער דער קני און געענטפערט:

— אויב דאָס איז דער פרידלאַנד, קען איך אים. איר וווינט אויף לעקסינגטאָן עוועניו?

האָט בערטאַ אַ שמייכל געטון:

— געטראָפן?

האָט זיך מיסטער קאָהען פריילעך צעלאַכט.

— הערט, אַז איך זאָל נישט טרעפן, ווער דען? פינף הונ־דערט און עטלעכע און צוואָנציק, דאַכט זיך...

דער רעוורענד האָט אַרויסגעכאַפּט זיין נאָטיץ־ביכעלע פון אונטערן בוזים און בערטאַ האָט זיך אָנגערופן:

— נישט געטראָפן! מיר וווינען נישט דאָרט...

— איר וווינט שוין נישט דאָרט מער?

— איר קענט אַן אַנדערן פרידלאַנד — האָט בערטאַ אַ לאַך געטון.

— אַן אַנדערן פרידלאַנד? אויף לעקסינגטאָן עוועניו? אפשר! אַז איך זאָל בּאַ אַ מיידל נישט טרעפן, פּאַסירט עס דאָס

ערשטע מאָל, נישט אמת, רבקה? — האָט ער זיך אַ קער געטון צו זיין ווייב.

מרס. קאָהען, וועלכע איז געשטאַנען די גאַנצע צייט פון הינטן, אָנגעשפאַרט מיטן רוקן צום פאַרענטש פונם גאַניק, מיט אַ פאַרצרהטער מינע, האָט געענטפערט רחמנותדיק:

— וואָס וויס איך? דו דערציילסט מיר עפּעס מעשיות וועגן דיינע מיידן?

מיסטער קאָהען האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— רבקהלע, דאַרלינג מיינע*), געוואַלט, אינדרויסן איז דאָך אַזוי שיין און אויף דעם פּנים איז באַ דיר תשעה באב. דאָס איז דערפאַר, דאַרלינג, ווייל דו עסט נעבעך גאָרנישט. דו וואָלסט אַ ביסל מער געגעסן... איך וועל באַצאָלן, נאַרעניו, מיט גוט אַמע־ריקאַניש געלט...

— וואָס חכמהסטו זיך, אַלט פערד? ער האָט שוין דער־זען אַ מויד! — האָט מרס. קאָהען אַרויסגערעדט אונטער דער נאָז.

בערטאַ האָט זיך צעלאַכט הויך אויפן קול, און ברוינשטיי־נען איז געוואָרן אומאָנגענעם אי פון מר. קאָהען, אי פון זיינע גראָבע וויצן, אי פון דעם, וואָס בערטאַ האָט זיך ארייגעלאָזט מיט אים אין אַ שמועס.

און מר. קאָהען האָט נאָך נישט געענדיקט מיט זיין ווייב. ער האָט זיך ווידער אָנגערופן צו איר גוטמוטיק:

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, רבקהלע־דאַרלינג. וואָרף מיר נישט אויף קיין מיידן. זיי קאָנען דאָך טאַקע מיינען, אַז איך בין אַ ייד נישט קיין נאַר. ברענג בעסער אַרונטער אַ באָקסל קענדי**).

— וואָס נאָך? פאַר דינער קענדי? — האָט מרס. קאָהען אַרויסגערעדט.

---

*) ליבלקע מיינע.

**) אַ שאַכטל קאָנפעקטן.

— נו, רעד נישט, ברענג אַרונטער!

— דו האָסט דאָך עס פאַר די קינדער געבראַכט! — האָט זי געטענהט.

— איך האָב צוויי באָקסעס געבראַכט, רבקה, איך וויל אַ שטיקל קענדי.

ברוינשטיין האָט לענגער נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט זיך אָנגערופן:

— מר. קאָהען, אויב דאָס איז פאַר אונז, עסן מיר נישט קיין קענדי.

— טאַקע? און די ליידי?

— איך עס קענדי — האָט זיך בערטאַ אַ כאַפּ געטון מיט אַ שמייכל.

— איך האָב דאָך דאָס געוווּסט! — איז מר. קאָהען אויפגעשפרונגען אויף זיינע פיס.

— וואָס האָסטו געוווּסט? — האָט זיך צוגערוקט צו אים מרס. קאָהען. — וואָס מישסטו זיך אַריין, אַלט פערד, צווישן חתן-כלה?

— כאַ! — האָט דער רעוורענד אַרויסגעלאָזט.

און בערטאַ האָט גענומען שטיקן אין זיך דאָס געלעכטער.

מר. קאָהען איז דאַן שטיין געבליבן, האָט זיך אַ קראַץ געטון דעם קאָפּ און געקוקט דאָ אויף בערטאַן און דאָ אויף ברוינשטיינען, און צום סוף האָט ער אַרויסגערעדט:

— האַ? טאַקע?

איז געשטאַנען נאָך אַ רגע און נאָכדעם האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון:

— אויב אַזוי, מעג מען דאָך אוודאי עסן קענדי. איך שרעק זיך נישט אָפּ אפילו פאַר אַ כלה! איך ברענג גלייך אַרונטער.

און ער איז אַוועקגעלאָפן און מרס. קאָהען נאָך אים.

האָט ברוינשטיין זיך דאַן אָנגערופן שטיל צו בערטאַן:

— קום אַוועק, עס עקלט מיך.

— און מיך אַמוזירט עס — האָט זי געזאָגט. — האָסטו געזען, ווי מרס. קאָהען איז אייפערזיכטיק געוואָרן צו דער „מויד״?

און זי האָט זיך צעלאַכט הויך אויפן קול.

און מיטאַמאָל האָט ברוינשטיין זיך אַ קער געטון צום רעוו־רענד און אויפגערעגט געזאָגט:

— וואָס שלעפט איר מענטשן פאַרצושטעלן פאַר אונז? מיר ווילן דאָס נישט.

איז דער רעווערענד צוגעגאַנגען צו אים מיטן גאָטיק־ביכל נאָך אין דער האַנט און געענטפערט געלאַסן:

— איך זאָג אייך, הערט איר, אַ ווילער מענטש, אַ רייכער מאַנופאַקטשורער, נישט אַבי ווער. און אַ דאָלאַר איז בײַ אים אַ שפּיי, הערט איר. פאַרשפּילט דאָ הונדערטער אין קאָרטן און זיך אַפילו נישט אַ קרים געטון, הערט איר.

ברוינשטיין האָט זיך אָנגערופן:

— גייט מיר צום טייוול, הערט איר, מיט אים צוזאַמען, הערט איר! און שטעלט אונז נישט פאָר קיין מענטשן, מיר ווילן דאָס נישט! הערט איר!

— כאַ! אַ בייזער ייד! — האָט דער רעווערענד געזאָגט און איז צוגעגאַנגען צו בערטאַן מיטן גאָטיק־ביכעלע — איז ווו, זאָגט איר, ווינט איר, אין לעקסינגטאָן עוועניו?

— טשעפּעט זיך אָפּ! — האָט ברוינשטיין ווידער אַ געשריי געטון אויף אים.

האָט דער רעווערענד זיך ווייניק געקימערט, וואָס ברוינשטיין האָט אויף אים געשריגן, און ער האָט זיך ווידער געווענדט צו בערטאַן:

— איז ווו, זאָגט איר, הא?

זי האָט זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל:

— מיין חתן האָט אייך איצט געענטפערט פאַר מיר!...

— כאַ! מאָדנע מענטשן! — האָט דער רעווערענד געלאַסן געזאָגט, אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, פאַררוקט דאָס גאָטיק־ביכעלע אונטערן בוזים און איז דערנאָך אַרונטער פון גאַניק.

— איצט קום אַוועק פונדאַנען — האָט ברוינשטיין זיך אָנ-גערופן צו בערטאַן — יענער וועט באַלד ווידער אַרונטער-קומען.

— איך וויל אַ שטיקל קענדי — האָט בערטאַ אַ לאַך גע-טון.

— ער וועט דערנאָך ווערן מיט אונז אַ גאַנצער מחותן...

— נו, וואָס אַרט עס דיך?

— איך וויל זיין אַליין מיט דיר, אַליין, אַליין — האָט ער דאַן אַרויסגערעדט, ווי אַ צעפּיעשטשעטע קינד — יעדע מינוט, וואָס איך בין מיט דיר אַליין, איז מיר טייער. איך האָב היינט געאַר-בעט אַ שעה וויניקער, ווייל איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך דיר.

און דאַ איז מר. קאָהען אַרונטערגעקומען מיט דעם אָפענעם שאַכטל קאָנפעקטן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט העפלעך פאַר בערטאַן און געזאָגט:

— ביטע, דריי דאָלאַר אַ באַקס!...

אָבער בערטאַ האָט נישט גענומען. זי האָט אַ שאָקל געטון דעם בלאָנדן קאָפּ און זיך אָנגערופן:

— איך דאַנק אייך, מר. קאָהען. איך עס נישט קיין קענדי, וואָס קאָסט ביליקער פון פינף דאָלאַר אַ באַקס.

האָט ער זי אָנגעקוקט פאַרווונדערט און דערנאָך גע-זאָגט:

— מיך וועט איר מיט דעם נישט אָפּשרעקן. די קומענדיקע וואָך ברענג איך קענדי צען דאָלאַר אַ באַקס. איך ווייס שוין ווי מען קריגט דאָס. ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך נישט קיין ייד פון שניפּעשאָק. איך קאָן אויך זיין אַ ספּאָרט, יו נאָו!... נו, נעמט דערווייל אַ קענדי...

— איך וועל בעסער וואַרטן אויף אייער צען-דאָלאַרדיקער באַקס...

— ווי איר פאַרשטייט... נו, און „פּויקער" וועט איר היינט שפּילן? איך האָב געהערט, אַז אונטער צוויי דאָלאַר ווילט איר נישט שפּילן. איך וועל מיט אייך שפּילן כאָטש פינף דאָלאַר...

בערטאַ האָט אַ שמייכל געטון:

— איך וואָלט מיט אייך געשפּילט, ווייל איך אָבער נישט, אַז אייער ווייב זאָל עפּעס מיינען.

האָט ער אַ לאַך געטון:

— ווייס איך, פּייפט אויף איר, אַ מציאה!

האָט בערטאַ דאַן געזאָגט:

— אַ ווייב איז אפשר נישט קיין מציאה; אָבער אַ חתן איז דאָך אַ מציאה. פרעגט אפילו דעם רעווערענד.

האָט מר. קאָהען זיך פּלוצלינג אַ כאַפּ געטון:

— הערט נאָר, צי מאַכט איר נישט קיין שפּאַס!

— אָן שפּאַס, מר. קאָהען. מיין חתן וויל נישט, אַז איך זאָל שפּילן מיט אַלטע לייט...

— אוי־וואַ! — האָט מר. קאָהען אַרויסגערעדט, און ער איז מיסאָמאָל אין כעס געוואָרן — זענט איר דאָך טאַקע אַ קלוגע... מיינט איר דאָך, אַז איר האָט געלאַכט פון מיר? זאָג איך אייך, אַז איר האָט אַ גרויסן טעות. געלאַכט האָב איך פון אייך! יאָ, יאָ, ליידי, איך האָב געלאַכט פון אייך!

און בשעת דעם האָט ער געטורקעט צו איר זיין פינגער מיטן רינג.

בערטאַ האָט זיך צעלאַכט אויפן קול, איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און האָט אַ כאַפּ געטון ברוינשטיינען אונטערן אָרעם און אַרונטער מיט אים פון גאַניק.

זיי זענען אַוועק צום בערגל הינטערן האָטעל און האָבן זיך אַוועקגעזעצט דאָרטן אויפן גראָז.

— נו — האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן — האָט זיך געפעלט אַנצוהייבן מיט אָט דעם מר. קאָהען?

— פאַרוואָס נישט? — האָט בערטאַ געענטפערט מיט לאַכנדיקע אויגן. — איך האָב הנאה דערפון. דו ווייסט, מיר איז עפּעס אַזוי גוט, אַז מיר ווילט זיך זיין משוגע.

ער האָט גענומען איר האַנט און תיכף דערפילט ווי זי האָט זיך אַריינגעדריקט אין זיינער, דערפילט ממש, ווי איר האַנט וואָלט זיך זיינער אין ליבע דערקלערט...

דאַן האָט ער צוגעשפּאַרט זיין קאָפּ צו איר שויס, און אירע הענט האָבן זוניק געצערטלט זיין קאָפּ און זיינע באַקן. און מיט־אַמאָל איז זי צוגעפאַלן מיט די ליפּן צו זיינע, און ער האָט דער־הערט איר הייס פליסטערן:

— אויב זיי זעען, זאָלן זיי זעען. ווי זאָגט מר. קאָהען? „אַ מציאה"...

אַזוי זענען זיי געזעסן אַ היפּשע ווײַלע. דערנאָך האָט בערטאַ אַרויסגעשאָסן אַ הילכנדיק געלעכטער.

— אָ, מר. קאָהענס פּנים! — האָט זי געלאַכט — ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז מיין חתן וויל נישט, אַז איך זאָל שפּילן מיט אַלטע לייט... זיין „אוי־וואַ!" כאַ! כאַ! כאַ!

ברוינשטיין האָט זיך אָנגערופן:

— און מיר איז עס אומאָנגענעם..

— וואָס?

— אָט דאָס... די גאַנצע געשיכטע איז מיר אומאָנגענעם, באַליידיקט מיך פּשוט...

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס דו מיינסט — האָט בערטאַ געזאָגט.

— כ'מיין, בערטאַ... דו ביסט מיר אַזוי הייליק... אָבער — האָט ער זיך איבערגעשלאָגן — איך האָב מורא דאָס אַרויסצורעדן, מחמת דו קענסט ווידער מיינען, אַז איך בין אייפערזיכטיק...

— וואָס ווילסטו זאָגן? זאָג, איך וועל נישט מיינען, אַז דו ביסט אייפערזיכטיק.

— דו ביסט מיר אַזוי הייליק, בערטאַ, אַז יעדער אומזויבערער געדאַנק וועגן דיר באַליידיקט מיך איצט — האָט ער געענטפערט — דערפאַר איז מיר אומאָנגענעם, ווען דו גיסט אַ געלעגנהייט אַזעלכע מענטשן, ווי אַ מר. קאָהען...

— צו האָבן וועגן מיר אומזויבערע געדאַנקען? — האָט זי אונטערגעכאַפּט מיט איר שעלמישן שמייכל.

— נו, און ברוינשטיינען וואָלט איך יאָ געמעגט געבן אַזאַ געלעגנהייט, — איך מיין דעם פריערדיקן ברוינשטיין?...

ער האָט אַ לאַך געטון און געענטפערט:

— אים אויך נישט.

— דו מיינסט איצט נישט?

— איצט אוודאי נישט. אָבער איצט איז יענער ברוינשטיין נישטאָ...

— אָרעמער ברוינשטיין — האָט זי אַ שמייכל געטון.

— גליקלעכער ברוינשטיין — האָט ער אַרויסגערעדט מיט וואַרעמקייט.

בערטאַ האָט דאַן אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך האָט זי זיך ווידער אָנגערופן:

— און מיך באַליידיקן נאָך אפשר מער ווי דיך די אומזוי־בערע געדאַנקען נישט דווקא וועגן מיר, נאָר וועגן דער פרוי בכלל, פון געוויסע מענער, און דערפאַר דווקא האָב איך אַמאָל ליב אַ פלירט צו טון מיט זיי. מיט איינעם אַזאַ ייִד האָב איך געפלירטעט אויף יענער פאַרם אַזוי, אַז ער וועט עס האָבן צו געדענקען. מיט יענעם האָב איך, אגב, געפלירטעוועט צוליב זיין פרוי אויך.

— צוליב זיין פרוי? וואָס הייסט

— געווען דאָרט איינע אַ דיקע פרוי פון אַ רייכן ביזנעסמאַן, וואָס בײַ איר איז געווען דאָס גרעסטע פאַרגעניגן, ווען אַ מאַן האָט זי גראָב אַרומגענומען, — איר קוויטש האָט מען דעמאָלט דאָ געדאַרפט הערן, — האָט זי, אָט דאָס באַשעפעניש, יעדעס מאָל, ווען זי האָט מיך מיט אַ מאַן דערזעען, געצײַלט: דער וויפילטער?... און שטעל דיר פאָר, ווען מען זאָגט אָט דער פרוי, אַז יענער מאַן איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן, וועמען איך וואָלט דערלויבט זיך באַגיין מיט מיר, ווי די מענער זענען זיך מיט איר באַגאַנגען, וואָלט זי דאָס געקאָנט גלייבן? קומט צו פאָרן איר מאַן, דער רייכער ביזנעסמאַן, אַ בכבודער ייִד. שלעפּט אויף זיך אַ בכבודע וואָג פון אַן ערך אַ ניו־יאָרקער פּאָליסמאַן. סאָפּעט אַזש פון דער שווערער משא, וואָס ער שלעפּט אויף זיך; דערהערט ער פון זיין ווייב און פון די אַנדערע ווער איך בין, און אַז איך האַלט פון פרייע ליבע, פאַרגעסט ער אָן זיין בכבודי־קייט און... ויבוא, ער איז דאָ, אַ ליבנסווירדיקער, מיט קאָמפּלי־

מענטן, קענדי, איינגלאַדונגען אַרויסצופּאָרן אויף זיין מאַשין — גאָרנישט פּטור צו ווערן פון אים! זיין ווייב איצט, ווען ער איז דאָ, אַ שטילע טויב, אַ צנועה ממש, היט אים און היט מיך. לכתחילה מייד איך אים אויס. עס עקלט מיך סיי פון אים און סיי פון איר... נאָר איינמאָל הער איך, ווי זי זאָגט וועגן מיר, וואָס טו איך צווישן אָנשטענדיקע פרויען. נו, נו, מער האָט זי נישט גע־דאַרפט! איר מאַן איז שוין נאָכדעם מיט מיר געקראָכן אויף די בערג אָן איר, געהאַווקעט באַ מיר ווי אַ הונט — באַ מיר האָוו־קען זיי, ווען איך וויל! — געקראָכן באַ מיר אויף ביימער; גע־פויזעט פאַר מיר אויף אַלע פיר... קורץ, זי איז דאָרט באַ מיר שיער נישט משוגע געוואָרן, און ער האָט מסתמא אויך פאַרלוירן אַ פינפציק פונט פון שטענדיקן ארומקריכן מיט מיר אויף די בערג, און מסתמא פון צער אויך, ווען ער האָט זיך צום סוף געכאַפּט וואָס איך בין אויסן געווען...

ברוינשטיין האָט זיך פּלוצלינג אויפגעזעצט אויפן גראָז לעבן בערטאַן און אַרויסגערעדט:

— זאָלן מיר בעסער רעדן וועגן עפּעס אַנדערש...

— פאַרוואָס?

ער האָט איר גלייך נישט געענטפערט און פאַררייכערט אַ צי־גאַרעט. דערנאָך ערשט האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך פאַרשטיי גאָרנישט, ווי אַזוי דו קענסט אויסרעדן אַ וואָרט מיט אָט די מענטשן. זיי טאָרן גאָרנישט שטיין אין דיינע ד' אמות!

זי האָט איראָניש אַ שמייכל געטון און געזאָגט:

— פאַרוואָס טאָרן זיי נישט? זיי מעגן, סיידן דו ווילסט עס מיר פאַרווערן.

האָט גענומען באַ אים אַ ציגאַרעט, פאַררייכערט, געבלאָזן אים דעם רויך אין פּנים אַריין און איראָניש געשמייכלט.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט דאָס קול פון דעם רעד־נער:

— מיסטער ברוינשטיין! מיסטער ברוינשטיין!

ברוינשטיין האָט אומגעדרייט דעם קאָפּ צום האָטעל־צו.

דער רעווערענד איז געגאַנגען צו אים און האָט געמאַכט מיט בײדע הענט און געשריגן:

— מיסטער ברוינשטיין, אַ טעלעפאָן! מען רופט אייך צום טעלעפאָן!

און איידער ברוינשטיין האָט זיך אויפגעהויבן פונם אָרט, האָט זיך דאָרט באַוויזן מרס. בענדזשאַמין און נאָך איר מרס. ציפּאָרקעס, און נאָך מרס. ציפּאָרקעס אַ פּאָר אַנדערע ווייבער, און זיי אַלע האָבן געשריגן און געמאַכט מיט די הענט צו ברוינ־שטיינען:

— אַ טעלעפאָן! אַ טעלעפאָן!...

ברוינשטיין האָט אַרויסגערעדט פאַרווונדערט:

— פאַר מיר אַ טעלעפאָן? פון וועמען? סיידן פון דער רע־דאַקציע...

און ער איז אַוועקגעלאָפן.

בערטאַ איז געבליבן אַליין אויפן בערגל.

אין אַ ווײלע אַרום האָט ברוינשטיין זיך צוריקגעקערט אַ צע־טראָגענער און אַ נערוועזער.

— פון וועמען איז געווען דער טעלעפאָן? וואָס איז דער מער? פאַרוואָס זעסטו אויס אַזוי? — האָט בערטאַ געפרעגט.

— אַן אומאָנגענעמע געשיכטע — האָט ער אַרויסגעמורמלט מיט אַ צעטראָגענעם שמייכל.

— וואָס איז?

— אַ באַקאַנטע מיינע קומט אַהער — האָט ער געענטפערט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן — זי האָט עס מיר איצט טעלעפאָנירט פון דער סטאַנציע...

בערטאַ האָט זיך איינגעגעסן אין אים מיט די אויגן און אַ ווײלע געשוויגן. דערנאָך האָט זי זיך אָנגערופן:

— אַ באַקאַנטע דיינע... נו, פאַרוואָס איז עס דיר אומ־אָנגענעם?

און אַז ער האָט געשוויגן, האָט זי ווייטער געפרעגט:

— ווער איז זי ? פאַרוואָס ביסטו אַזוי צעטומלט, ברוינ־שטיין ?

— איך בין נישט צעטומלט, נאָר גאָרנישט. נישט אָנגע־געם — האָט ער אַרויסגעמורמלט.

— דו ביסט יאָ צעטומלט. ווער איז זי ?

— איינע אַ חנהלע — האָט ער געענטפערט.

— און ווער איז חנהלע ?

— איינע אַ פרוי.

— פאַרשטייט זיך, אַז חנהלע איז אַ פרוי. אָבער ווער איז זי ?

— אַן אַרבעטערין... אָבער — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון מיטאַמאָל — איך וועל איר זאָגן. זי וועט פאַרשטיין. זי איז אַ פרייע פרוי.

בערטאַ האָט אַ שמייכל געטון.

— איינע פון דעם באַפרידיקונגס־שטאָף, האַ ? — האָט זי זיך אָנגערופן מיט שפּאָט אין קול.

— אָבער איך בין איצט אַן אַנדערער — האָט ער אַרויס־געריעדט — דו ווייסט עס, בערטאַ. ווייסטו גאָר וואָס ? — האָט ער זיך אונטערבראָכן — זאָלן מיר הייגט אָוועקפאָרן פונ־דאַנען...

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטון.

— דו מיינסט אַנטלויפן פונדאַנען ? נישט איך. איך בלייב דאָ. איך אַנטלויף פון קיינעם נישט. דו אַנטלויף אַליין, מיין העלד !

זי האָט זיך אויפגעהויבן פונם אָרט און זיך געלאָזט גיין.

— וווהין גייסטו ? — האָט ער געפרעגט.

— איך גיי אין מיין צימער. איך וויל אָנשרייבן אַ בריוו.

— דו וועסט שרייבן דעם בריוו נאָך דינער. בערטאַ, איך זע, אַז דו ביסט ברוגז אויף מיר.

— איך בין נישט ברוגז, אָבער איך וויל, אַז דו זאָלסט מיך איצט לאָזן צורו.

— איך שווער דיר, בערטאַ, אַז יענע אינטערעסירט מיך נישט.

— פרעג איך באַ דיר, אויב זי אינטערעסירט דיך? — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן מיט שפּאָט אין טאָן.

— פאַקטיש האָט זי מיר שוין לאַנג דערעסן — האָט ברוינשטיין ווייטער גערעדט.

— היינט פאַרוואָס קומט זי צו דיר? — האָט זי דאַן אַ קוק געטון אויף אים מיט אַ שפּאָטישן שמייכל.

— זי האָט מיך ליב... אָבער איך וועל איר דערקלערן און איך בין זיכער, אַז זי וועט באַלד אַוועקפאָרן צוריק — האָט ברוינשטיין געענטפערט.

מרס. בענדזשאַמין מיט איר מאַן זענען אָנגעקומען אַנטקעגן.

מרס. בענדזשאַמין האָט זיי אָפּגעשטעלט.

— איך וויל אייך באַקענען מיט מיין מאַן — האָט זי זיך אָנגערופן — מיסטער ברוינשטיין, מיס פרידלאַנד און דאָס איז מיין מאַן, דאָקטאָר בענדזשאַמין.

דאָקטאָר בענדזשאַמין האָט געקוקט אויף ברוינשטיינען מיט זיינע העלע אויגן. דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל:

— אויב איר זענט דער באַוווּסטער שריפטשטעלער ברוינשטיין, זאָלט איר וויסן זיין, אַז איר רעדט איצט מיט אייערס אַ שונא.

ברוינשטיין, וועלכער איז איצט געווען נערוועז, האָט אים געענטפערט אונטער דער נאָז:

— איך האָב גענוג שונאים.

בערטאַ האָט זיך אַריינגעמישט.

— איר מיינט מסתמא, ווייל איר זענט אַ רעכטער סאָציאַליסט?

— יאָ — האָט דאָקטאָר בענדזשאַמין געענטפערט — איך

בין אַ רעכטער און אַ ריכטיקער סאָציאַליסט און איבערהויפּט אַ קלאָרער סאָציאַליסט.

בערטאַ האָט זיך צעלאַכט.

— קלאָר וואַסער, האַ? — האָט זי זיך אָנגערופן.

— איך ווייס נישט, אויב מיר „רעכטע" זענען קלאָר וואַסער — האָט דאָקטאָר בענדזשאַמין געענטפערט, און איז געוואָרן ערנסט — אָבער דאָס איז זיכער, אַז די „לינקע" זענען אַ ווילדפייער, וואָס האָט חרוב געמאַכט די יוניאָנס און די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג...

ברוינשטיין האָט אים איבערגעשלאָגן:

— דאָס האָבן מיר שוין נישט איינמאָל געהערט. קיין בייעס נישט. מיר זענען איצט נישט אויפגעלייגט צו דעבאַטירן וועגן דעם. אפשר אַן אַנדערטמאָל.

בערטאַ אָבער האָט דערקלערט:

— איך בין יאָ אויפגעלייגט צו דעבאַטירן. די דיזיקע פראַגע אינטערעסירט מיך...

און זיי האָבן זיך צעזעצט אַלע אויפן גראָז, ברוינשטיין אָפּגערוקט פון די אַנדערע, מחמת די גאַנצע דעבאַטע איז אים איצט נישט אָנגעגאַנגען.

ער האָט איצט געטראַכט וועגן דעם, וואָס ער זאָל זאָגן חנהלען און אויך וועגן דעם ווי אַזוי בערטאַ וועט זיך איצט פאַרהאַלטן צו אים.

וואָרים ער האָט שוין באַמערקט, אַז זי, בערטאַ, איז געווען אומצופרידן. ווער ווייסט, ווי זי וועט רעאַגירן אויף אָט דער געשיכטע..

פון דעם האָט ער איצט געטראַכט אַ נערוועזער און אַן אויפגערעגטער...

און דערווייל האָט זיך די דעבאַטע צווישן דאָקטאָר בענדזשאַמין און בערטאַן וועגן דער מלחמה צווישן די „רעכטע" און „לינקע" אין די יידישע יוניאָנס אָנגעהויבן לכתחילה אין אַ גאַנץ געלאַסענעם, רויקן טאָן.

באַלד אָבער האָט דאָקטאָר בענדזשאַמין זיך צעהיצט און

גענומען זידלען די „לינקע" און גערופן זיי „גענגסטערס"*) „ווילדע וואַריאַטן" און „דעמאַגאָגן".

— זיי האָבן גענומען אומוויסנדע יינגלעך און מיידלעך — האָט ער זיך געהיצט — און זיי איינגערעדט, אַז אַמעריקע איז גרייט פאַר אַ רעוואָלוציע, און דווקא פאַר אַ באַלשעוויסטישער רעוואָלוציע, ווי אין רוסלאַנד; אַז דידאָזיקע רעוואָלוציע וואָלט שוין לאַנג געווען, ווען ניט די „רעכטע"... זיי, אָט די לינקע דעמאַגאָגן, ווייסן, אַז דאָס איז אַ בלאָף, אַז קיינמאָל איז דער קאַפּיטאַליזם נישט געווען אַזוי מעכטיק, ווי ער איז היינט דאָ אין אַמעריקע. נאָר מען דאַרף דאָך ווייזן די חברים אין רוסלאַנד, וואָס מען טוט דאָ אויך — בלאָפט מען אויף אַזאַ דעמאַגאָגישן אופן, טומלט מען, מאַכט מען הרוב שטאַרקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, דעמאָראַליזירט מען די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג, שאַפט מען אַ בלוטיקע מלחמה צווישן די אַרבעטער, ווי מענטשן ווערן דערמאָרדעט פון געדונגענע „גענגסטערס". און דאָס הייסט בײַ זיי „אַרבעטער־קאַמף", „רעוואָלוציאָנערער קאַמף" — דעמאַגאָגן!

און בערטאַ, אַ דערפאַרענע רעדנערין, האָט זיך נישט געהיצט אַזוי ווי ער, און רויק, מיט אַ געלאַסענעם שמייכל, איס אויפגעוויזן פּונקט פאַרקערט, דאָס הייסט, אַז דווקא די „רעכטע" מאַכן הרוב די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג און אַז דווקא די „לינקע" האָבן לכתחילה זיך געשטעלט פאַר זייער ציל אויסצורייניקן די יידישע יוניאָנס פון דער מוראדיקער צרעת, וואָס הייסט „גענגסטעריזם". און אויך, אַז דווקא די „לינקע" האָבן גערייניקט די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פון די אַלטע יוניאָן־פירער, וואָס זיי און נאָר זיי האָבן געשאַפן דעם גענגסטעריזם...

— די גענגסטערס, די מעסער־העלדן, זענען דאָך אַן אַלטע מכה אין די יידישע יוניאָנס — האָט בערטאַ גערעדט ווייטער — אַ סך פריער איידער מען האָט נאָך דאָרט געהערט פון די „לינקע"

---

*) בצנדיטן.

האָבן דאָרט די מעסערס פון די גענגסטער געאַרבעט, זענען דאָרט די מעסער־העלדן געווען ־יער־נישט בכבודע אָנגעשטעלטע, וועל־כע האָבן געצויגן פון דער יוניאָן־קאַסע זייער וועכנטלעכן געהאַלט. אַט דידאָזיקע מעסער־העלדן האָבן אָפט אויך אַ דעה געזאָגט, ווען מען האָט געדאַרפט אויסוויילן באַאַמטע אין די יוניאָנס. קורץ, זיי זענען געווען פאַר די אַלע יוניאָן־באַאַמטע אַ מין באַוואָפנטע אַר־מיי, אויף וועלכער זייער הערשאַפט האָט זיך געהאַלטן. זענען גע־קומען דערנאָך די „לינקע" און האָבן דערקלערט: אַ סוף זאָל זיין צו דערדאָזיקער דעמאָראַליזאַציע אין די יידישע יוניאָנס! אויס־געשניטן מוז ווערן דידאָזיקע מכה גענגסטעריזם פון די יידישע יוניאָנס און פאַרטריבן מוזן ווערן פון דאָרט יענע, וואָס האָבן גע־שאַפן אָט דעם צושטאַנד אין די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס! און אַזוי איז געווען... די יידישע אַרבעטער האָבן געשטימט מיט די „לינקע" קעגן די אַלטע יוניאָן־פירער און קעגן זייערע באַצאָל־טע מעסער־העלדן און קעגן דער גאַנצער דעמאָראַליזאַציע אין די יוניאָנס. נייע באַאַמטע זענען אויסגעוויילט געוואָרן, מענטשן...

— משוגעים! יינגלעך! — האָט מיט היץ זי איבערגע־שלאָגן דאָקטאָר בענדזשאַמין און איז אַזש רויט געוואָרן פאַר אויפ־רעגונג.

זיין ווייב האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר אַן אָרעם:

— מאַיסעי — האָט זי געזאָגט מיט איר האַרציקן שמייכל — קאָך זיך נישט אַזוי. לאָז מיס פרידלאַנד ענדיקן...

בערטאַ האָט זיך אויפגעהויבן פונם גראָז און זיך אָנגע־רופן מיט אַ רויקן שמייכל:

— איך האָב שוין געענדיקט. די „לינקע" אָבער האָבן נאָך נישט געענדיקט...

— זיי האָבן שוין געענדיקט, געענדיקט! — האָט זיך דאָקטאָר בענדזשאַמין צעשריגן און איז אויך אויפגעשפּרונגען אויף די פיס און האָט געקוקט מיט אויפגערעגטע אויגן אויף בערטאַן.

— הערט־זשע אויס, מיסטער — האָט זיך דאָ ברוינשטיין

אויף פלוצלינג אַריינגעמישט, קוקנדיק אויפן דאָקטאָר בענדזשאַמין מיט נערוועזע אויגן — וואָס האָט איר זיך אזוי צעשריגן ? וואָלט נישט געווען גלייכער, אַז איר זאָלט אונז לאָזן צורו ?

— מיט אייך האָב איך נישט גערעדט, מיסטער ? — האָט דאָקטאָר בענדזשאמין אים אָפגעענטפערט מיט רוגזה

מרס. בענדזשאַמין האָט זיך צעלאַכט :

— אַפילו אין די בערג — האָט זי זיך אָנגערופן — מוזן די „רעכטע" און די „לינקע" זיך אַרומשלאָגן, משוגעים ! . . .

— קום ! — האָט איר מאַן זי גערופן, און ער האָט נאָך אויסגעזעען אויפגערעגט.

— איין מינוט, דאָקטאָר — האָט אים בערטאַ אָפּגעשטעלט — ווי איך פאַרשטיי, זענט איר נישט אַזוי גוט באַהאַוונט אין דעם איצטיקן קאַמף, וואָס קומט פאָר צווישן די „רעכטע" און די „לינקע". וויל איך אייך דערקלערן, אַז דאָס איז נישט אַ קאַמף פאַר דער באָלשעוויסטישער רעגירונג, אָנגעפירט דורך יידישע אַרבעטער קעגן די פאַרייניקטע שטאַטן, ווי די מוסרים פון אייער לאַגער ווילן איינרעדן דעם עולם, נאָר דאָס איז אַ קאַמף פון דעם אַלטן רעזשים אין די יוניאַנס, מיט דער הילף פון גענגסטערס און מסירות און פראָוואָקאַציע קעגן דעם נייעם רעזשים, וואָס איז אים האָבן געשאַפן קלאַסן-באַוווּסטזיניקע אַרבעטער. דערדאַזיקער קאַמף פון דעם אַלטן רעזשים האָט איין ציל: אַרויפצווינגען זייער פריערדיקע הערשאַפט אויף די יוניאָנס מיט געוואַלט, צולהכעיס דער אַרבעטערשאַפט. און דאָס וועט זיי אַזוי געלונגען, ווי עס וואָלט היינט געלונגען דעם אַלטן רעזשים אין רוסלאַנד אַרויפצוצווינגען דאָרט זיין הערשאַפט. וואָרים איר דאַרפט טאַקע קענען די יינגלעך און מיידלעך פון די „לינקע" און אפילו די זעכציקיעריקע אַרבעטער, יידן מיט גרויע קעפּ, כדי דאָס צו וויסן, און איצט, דאָקטאָר, אַ גוטן. עס האָט מיך געפרייט אייער באַקאַנטשאַפט — האָט בערטאַ געענדיקט מיט אַ שמייכל און איז אַוועק צום גאַניק.

דאָקטאָר בענדזשאַמין האָט איר נאָכגעשריגן :

— אפילו אין רוסלאַנד ווען אייערע באָלשעוויקעס ברענ-

גען דערצו, אַז דער אַלטער רעזשים זאָל דאָרט ווידער אויפ־
לעבן...

און ווען בערטאַ איז פאַרשוואונדן פון די אויגן, איז ער מיט
זיין פרוי אויך אַוועק צום גאַניק.

אין דעם, וואָס בערטאַ איז איצט אַוועק אָן אים, האָט ער
געזעען אַ סימן, אַז זי איז בייז אויף אים. און בייז איז זי זיכער
געווען, פאַרוואָס חנהלע קומט. האָט ער ווידער און ווידער גע־
טראַכט וועגן דעם און אין זיינע געדאַנקען זיך אויסגעטענהט סיי
מיט בערטאַן און סיי מיט חנהלען.

פאַר חנהלען האָט ער אין האַרץ נישט ווייניקער מורא גע־
האַט ווי פאַר בערטאַן. ווייל באמת האָט ער דאָך געשריבן צו זיין
פריינט, אַז זי זאָל קומען צו אים. און ווידער, האָט ער געוווּסט,
ווי זי האָט אים געליבט און מיט איר שטורעם יקער נאַטור קאָן
זי נאָך, ווער ווייסט...

„אָט האָסטו דיר!" האָט ער געטראַכט, „וואָס טוט מען? וואָס
וועט זיין?!"

ער האָט נישט באַמערקט ווי מיסטער קאָהען איז צו אים צו־
געגאַנגען מיט אַ מין רוגזה און האָט זיך אָ־געשטעלט לעבן
אים.

— מיסטער — האָט קאָהען זיך אָנגערופן שטיל — איך זוך
אייך.

ברוינשטיין האָט זיך אַ כאַפּ געטון ווי פון שלאָף און אים
אָנגעקוקט.

— מיסטער — האָט קאָהען ווייטער גערעדט און געטור־
קעט צו אים זיין פינגער מיטן בריליאַנטענעם רינג — איך האָב
פריער נישט געוווּסט, ווער איר זענט. איצט ווייס איך.

— איז וואָס־זשע ווילט איר? — האָט ברוינשטיין זיך אָנ־
גערופן.

און קאָהען האָט אים געענטפערט:

— איר זענט אַ שרייבער אין די פּייפּערס, ווייס איך דאָך
מיט וועמען איך האַנדל.. איך קען אייער חברה. גענוג געלט האָב

זיך זיי באַצאָלט פאַר „אַרוועטייזמענטס"*)... וועט איר דאָך מסתמא העלן מאַכן חזירישע ביזנעס, אַריינשרייבן אין פּייטער — ווייב־שווייב... לויף נאָך נאָך מיידלעך... אָט די אַלע שטיקלעך, וואָס איך לייען זיי אַמאָל אין די פּייפּערס...

— וואָס ווילט איר? — האָט אים ברוינשטיין איבערגעשלאָגן מיט אומגעדולד אין קול.

— איך וויל, אַז איר זאָלט וויסן — האָט צו אים געשאָקלט קאָהען זיין פינגער מיט דעם בריליאַנטענעם רינג — אַז איך בין מיסטער קאָהען! אַ טויזנטער איז באַ מיר אַ שפּיי! און איך האָב מיינע לאָיערס.**) איך צאָל זיי אויפן יאָר. די גרעסטע לאָיערס. ווארים איך בין מיסטער קאָהען!... איר פאַרשטייט?...

— יאָ, מיסטער קאָהען — האָט ער דאַן אַ שמייכל געטון — איז וואָס־זשע ווילט איר פאַ"ט?

— אָנשטענדיקייט, דאָס אַלץ! מיין ווייב איז מיין ווייב! מיין דאַרלינג, ווי יעדעס ווייב באַ אַן אָנשטענדיקן מאַן. אַ שפּאַס איז אַ שפּאַס. איך האָב גאָרנישט געמיינט. מיין ווייב און קינדער זאָגן מיר איצט, אַז איר וועט מיך אַריינשטעלן אין די פּייפּערס... וואָגט נישט, איר הערט? אויב נישט, וועל איך אייך קלאָגן!... די גרעסטע לאָיערס!... און מיט אייער כּלה האָב איך גאָרניט געמיינט. איך לויף נאָך נאָך זיי. איך שפּיי אויף זיי. אַז איך דאַרף, האָב איך גענוג מיידלעך. זיי לויפן מיר נאָך. איך האָב אַ גרויס שאַפּ. טפוי! — האָט ער אַ שפּיי געטון און זיך פאַרכאַפּט — איך מיין, דאָס איז נאָר אַ שפּאַס! נאַט, איר וועט רויכערן? — האָט ער אים אַריינגעשפּאַרט אַ ציגאַר אין האַנט — נעמט נאָך איינעם! — האָט קאָהען אים אַריינגעשפּאַרט נאָך איינעם אין קעשענע — פריינד? — האָט ער אים אַ קלאַפּ געטון איבער ד'ר האַנט — געדענקט! איך גיי נאָך כאַפּן אַ פּויקערל!

---

*) אנאנסן.

**) אדוואקאטן.

און קאַהען איז אַנטלאָפן און ברוינשטיין איז געבליבן זיצן אויפן גראָז אַ צעטומלטער.

דערנאָך ערשט האָט זיך באַ אים אַרויסגעריסן אַ גע־לעכטער.

באַלד אָבער האָט ער זיך ווידער דערמאַנט אָן חנהלען און בערטאַן, און ווידער איז ער אַריינגעפאַלן אין זיין פריערדיקער שטימונג.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ קוק געטון אויפן ציגאַר אין זיין האַנט, געוואָלט אים צוערשט אַוועקוואַרפן און דערנאָך אים פאַררויכערט. און דאַן איז ער אַוועק צום גאַניק.

אויפן גאַניק איז געזעסן בערטאַ, איז ער צוגעגאַנגען צו איר.

— דו ביסט ברוגז אויף מיר? — האָט ער זי שטיל גע־פרעגט.

האָט זי אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און געענטפערט:

— ברוגז אויף דיר? פאַרוואָס?

— כ'מיין, ווייל יענע קומט, חנהלע...

זי האָט אַ שמייכל געטון:

— איך האָב דאָס אפילו אין זינען נישט — האָט זי גע־זאָגט און צוגעלייגט — איבערהויפּט, וואָס גייט זי מיך אָן. איך קען זי דען? פון מייַנעטוועגן מעגן קומען צו דיר אַלע דיינע חנהלעך...

האָט ער אַ ווײַלע געשוויגן. דערנאָך האָט ער אַרויסגע־רעדט:

— פון דיין ענטפער זע איך, אַז דו ביסט ברוגז...

— זיי נישט קיין נאַר, ברוינשטיין, און אום דיר צו ווייזן, אַז מיך גייט עס נישט אָן, וואָס דיין חנהלע קומט, פאָר איך היינט אַוועק קיין ניו־יאָרק און לאָז דיך איבער מיט איר

ער האָט זי אָנגעקוקט צעמישט:

— וואָס הייסט דו פאָרסט אַוועק? — האָט ער אַרויסגע־מורמלט.

— אין ניו־יאָרק איז מאָרגן אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטער, וויל איך דאָרט זיין.

— פאָר איך אויך מיט דיר — האָט ער אַרויסגע־רעדט.

— ניין, איך פאָר אַליין, ברוינשטיין!

— איך וועל דאָרט אַרויסטרעטן אויף דער דעמאָנסטראַציע מיט מיינס אַ רעוואָלוציאָנער ליד.

— דאָס וועסטו קאָנען טאָן אָן אַנדערטמאָל און נישט מאָרגן.

— פאַרוואָס נישט מאָרגן, בערטאַ?

— ווייל איך וויל, אַז דו זאָלסט דאָ בלייבן.

— פאַרוואָס ווילסטו עס

— ווייל אַזוי וויל איך!

— אָבער פאַרוואָס?

— ווייל איך וויל, אַז דו זאָלסט עטלעכע טעג דאָ בלייבן אָן מיר מיט חנהלען.

— דאָס באַווייזט, אַז דו ליבסט מיך נישט, בערטאַ — האָט ער זיך אָנגערופן.

האָט זי אַ שמייכל געטון און געזאָגט:

— פאַרקערט, דאָס באַווייזט, אַז איך ליב דיך מיט דער אמתער ליבע פון דיין העלדין אָקטיאַברינאַ. אפשר האָסטו אויך ליב דיין חנהלען, ווי אָקטיאַברינאַס מאַן באָוווס זיין חנהלען, פריי איך מיך אויך, ווי אָקטיאַברינאַ, און דערפאַר וויל איך דיר געבן אַ געלעגנהייט צו פאַרבלייבן מיט איר אָן מיר...

— לאַך נישט פון מיר, בערטאַ?

— איך לאַך נישט, ברוינשטיין, איך מיין עס גאַנץ ערנסט...

— מען קאָן מיינען, אַז דו ביסט אייפערזיכטיק - האָט ער ווייטער גערעדט.

— דו ביסט אַ נאַרישער יינגל — האָט זי נאָכדעם זיך אָנגע־רופן — און גענוג, רעד נישט מער וועגן דעם!

איז ער אָפּגעטרעטן פון איר מיט אַ צעמישטן שמייכל און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם פּאָרענטש פונם גאַניק מיטן רוקן צו איר, געדרייכערט דעם ציגאַר און געטראַכט:

„אוי, צרות! וואָס טוט מען, האַ? וואָס טוט מען?"

אין אַט דער צייט איז צוגעקומען צום האָטעל אַ מאַשין מיט אַ נייעם גאַסט, און רעווערענד דייווידסאָן איז פון ערגעץ אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן מיט אַ געשריי:

– העלאָו, מיסטער הערי, העלאָו!

איז באַלד געשטאַנען לעבן דעם גאַסט און האָט אים אָפּגעגעבן אַ ברייטן שלום-עליכם.

דער גאַסט, זייער ענלעך צו מיסטער יאַכנעטשיק, אויך אַזאַ ריז, נאָר יינגער פון יענעם, איז אָנגעטון געווען אין העלן, מעשה פּראַנט, מיט אַ פּאַנאַמאַ-הוט איבער די אויגן.

ער איז אַרונטערגעקראָכן פון דער מאַשין און האָט אַ קלאַפּ געטון דעם רעווערענד איבערן אַקסל.

— ווי גייט עס, רעווערענד? העלפן עפּעס דאָ אייערע פּראָש-קעס?

דער רעווערענד האָט געענטפערט מיט אַ ברייטן שמייכל:

— סטייטש העלפן זיי. איך זאָג אייך, הערט איר, איך ראַ-טעווע דאָ די מענטשן!...

פונם האָטעל זענען אַרויסגעלאָפן מיסטער יאַכנעטשיק און זיין ווייב און זייער קינד, מרס. יאַכנעטשיק מיט אַ גע-שריי: „העלאָ, הערי!" און איר קינד מיט אַ ליאַרם: „אָנקעל! אָנקעל!"

און באַלד זענען זיי אַלע געווען אַרום דעם גאַסט; דאָס קינד איז צוגעפאַלן צו זיינע קני; ער האָט עס אַ כאַפּ געטון אויף זיינע מעכטיקע הענט און עס געקושט.

בערטאַ האָט דאַן פּלוצלינג אַ רוף געטון צו זיך ברוינשטיי-נען, און, פאַרשטייט זיך, אַז ער איז תיכף צוגעגאַנגען צו איר.

— וואָס זיצסטו דאָרט אזא פאַרבענקטער ? — האָט זי זיך אָנגערופן — זי וועט קומען...

— הער אויף ! — האָט ער זיך א כאַפּ געטון — וואָס ווילסטו זאָל איך טון ?

— גאָרנישט — האָט זי געענטפערט — זעץ זיך.

און אַז ער האָט זיך געזעצט לעבן איר, האָט זי ווידער זיך אָנגערופן :

— הער אויס, זי קומט צו דיר, דאַרפסטו זעען, אַז זי זאָל זיצן לעבן דיין טיש ; וועל איך בעטן, אַז מען זאָל מיר געבן אַן אָרט לעבן אַן אַנדערן טיש. איך וויל נישט, אַז דיין גאַסט זאָל זיך פילן צוליב מיר אומבאַקוועם !..

— זי וועט נישט זיצן לעבן אונזער טיש — האָט ער אַרויס־געמורמלט אויפגערעגט — און פייניק מיך נישט, איך בעט דיך, אנישט — איך גיב דיר מיין וואָרט — איך גיי שוין אַרויף זיך איינפאַקן און איך פאָר קיין ניו־יאָרק !..

זי האָט אַ לאַך געטון.

— טאַקע ? דו וועסט עס אָבער נישט טון. נו, פאָר, דאַן וועל איך דאָ בלייבן !...

מיטאַמאָל איז אַרויפגעקומען מרס. יאַכנעטשיק אויפן גאַניק מיט אירע צוויי ריזן, דאָס הייסט, מיט איר מאַן און זיין ברודער, צווישן וועלכע זי האָט געטרעטן מיט געוואַלטיקער גדלות. האָט צוגעשלעפּט זיי צו בערטאַן און ברוינשטיינען און פאָרגעשטעלט פריער פאַר בערטאַן איר מאַן מיט אַזאַ מינע, אַזוי ווי זי וואָלט גערעדט : „אָט דאָס איז מיינער : איין פוס זיינער וועט אַריבער־וועגן דעם גאַנצן חתן דיינעם !“ און דערנאָך איז פאָרגעשטעלט פאַר ברוינשטיינען.

און נאָכדעם, אַז זי האָט פאָרגעשטעלט דעם אַנדערן ריז האָט זי בעזאָגט :

— און דאָס איז מיין מאַנס ברודער, מיסטער זשאַכ־נעט...

— זייער אָנגענעם, מיסטער יאַכנעטשיק — האָט זיך בער־טא אָנגערופן.

— זשאַכנעס — האָט יענער איר פאַרריכט מיט אַ גוטמו־טיקן שמייכל.

— איר שעמט זיך דען מיט אייער ברודערס נאָמען ? — האָט בערטאַ געפרעגט.

— מיין ברודער שעמט זיך מיט מיין נאָמען — האָט ער בעענטפערט, און געקוקט מיט קאַרע, לאַכעדיקע אויגן איר אין פּנים אריין, און אַרויסגעוויזן ווייסע געזונטע ציין.

ברוינשטיינען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דערדאָזיקער מיסטער זשאַכנעס פרעסט בערטאַן מיט זיינע אויגן און ציין, און אַ מאָדנע שנאה האָט זיך געיוּעקט אין זיין האַרץ צו יענעם.

און אַזוי ווי אים אויף צו להכעיס, האָט מיסטער זשאַכנעס זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס מיט בערטאַן וועגן דעם, הלמאי ער האָט געביטן זיין נאָמען יאַכנעטשיק אויף זשאַכנעס, און דער־ביי דערציילט איר אַ חיך, פון וועלכן בערטאַ און די איבעריקע, אַ חוץ אים, ברוינשטיינען, האָבן זיך פריילעך צעלאַכט.

און נאָכדעם, ווי מרס. יאַכנעטשיק מיט אירע צוויי ריזן זע־נען אַוועק, האָט בערטאַ זיך אָנגערופן צו ברוינשטיינען :

— ווי געפעלן דיר די צוויי באַיטשיקלעך ?*)

— געזונטע בורלאַקעס, אָנגעפּרעסענע בורזשויען — האָט ער געענטפערט — איבערהויפּט אָט דער זשאַכנעס : עפּעס אינגאַנצן אָנם צלם אלקים, אָן גייסטיקס. . .

מיטאַמאָל האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ שניידנדיקן פייף. ער האָט זיך אומגעדרייט. מרס. ציפּאָרקעס מיט איר מאַן זענען געשטאַנען הינטער אים.

זי האָט איר מאַן פאָרגעשטעלט פאַר בערטאַן און דערנאָך פאַר אים, און ער, ברוינשטיין, האָט אים געדריקט די האַנט און דערביי געטראַכט :

---

*) יינגלעך.

„הלוואי פייפט דער בורלאַק זשאַכנעט אַזוי מיט דער נאָז און כאַפּט פליגן, אַזוי ווי דו, מיטן מויל!...״

דערבײַ איז געזעסן די דיקע מרס. קאָהען אויף אַ שאָקל־שטול און האָט געקוקט פון דער זייט אויף מרס. ציפּאָרקעס מיט אַ סוד אין אירע קעלבערנע אויגן, און אַז מרס. ציפּאָרקעס מיט איר מאַן זענען דערנאָך אַוועק, האָט מרס. קאָהען זיך צוגערוקט מיט איר שטול צו בערטאַן און אַרויסגערעדט שטיל מיטן סוד נאָך אין אירע אויגן:

— אַ ביטערער רחמנות, נעבעך, אויף מרס. ציפּאָרקעס. יענער איז געקומען און איר מאַן איז דאָ!...

און אַז בערטאַ האָט זי אָנגעקוקט פאַרוואונדערט, האָט מרס. קאָהען גערעדט ווייטער:

— שור!...*) מיסטער זשאַכנעט מיט אים... איר ווייסט גאָרנישט? אַליין געזען... זאָל איך אַזוי זען נחת באַ מיינע קינדער. געקושט זיך אין וואַלד, אַזוי לעב איך מיט אייך צוזאַמען... שור...

אין דערדאָזיקער צייט האָט זיך פאַר דעם גאַניק באַוויזן און זיך אָפּגעשטעלט דער אויטאָמאָביל פונם האָטעל, וועלכער האָט געבראַכט נייע געסט פון דער סטאַנציע.

צווישן זיי איז געזעסן אַ יינגע ברונעטקע מיט אַ ווייסן, שטרויענעם הוט אויפן קאָפּ, און זי האָט גערופן מיט אַ זינגענדיקן קול און מיט אַ פּויליש־יידישער אויסשפּראַך:

— ברוינשטיין! ברוינשטיין!

ברוינשטיין האָט אַ צאַפּל געטון, האָט זיך אומגעדרייט און דערזען חנהלען, וועלכע האָט צו אים פונם אויטאָמאָביל געמאַכט מיט דער האַנט און גערופן אים.

ער איז צעטומלט געוואָרן.

---

*) אוודאי.

## דרייצענטער קאַפּיטל

### חנהלע

און באַלד איז זי געווען אויפן גאַניק לעבן ברוינשטיינען, אינגאַנצן אימפּעט, אינגאַנצן צאַפּל, אינגאַנצן באַוועגלעכער שמייכל.

אַלצדינג אין איר האָט גערוישט און געליאַרמט, און זיך געצאַפּלט, און געשמייכלט, האָט זיך געדאַכט — דער בליק פון אירע פייערדיקע שוואַרצע אויגן, די מינע אויף איר לעבנגלעכן, טונקעלן פּנים, מיט די באַוועגלעכע נאָז־פליגל, און יעדער ריר פון איר מיטלגעוויקסיקער, גראַציעזער פיגור.

אפילו איר ווייס קלייד אָן אַרבל, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אינגאַנצן אירע רונדע און שלאַנקע אָרעמס און וואָס איז באַפּוצט געווען מיט רויטע שטיקערייען אַרום אירע רונדע היפּטן, איז אויך, האָט זיך געדאַכט, פול געווען מיט גערויש און אימפּעט.

זי האָט גערעדט צו ברוינשטיינען מיט איר זינגענדיקן קול און מיט איר פּויליש־יידישער אויסשפּראַך.

— איך האָב לאַנג שוין געוואָלט קומען, אָבער אויפן „פּיקעט־ליין*) האָט מיר אַ „געננבסטער" אויסגעבראָכן דעם רעכטן אָרעם און צוויי וואָכן לאַנג האָב איך אים נישט געקאָנט אַ רירן טון...

ברוינשטיין האָט מיט איין צעטומלטן אויג בעקוקט אויף איר

---

*) אויף דער ליניע, ווו שטרייקער וואַכן, אַז שטרייק־ברעכער זאָלן נישט אַרבעטן אין די פאַבריקן, ווו מען שטרייקט.

און מיטן אַנדערן געקוקט אויף בערטאַן, וועלכע איז נאָך געזעסן אויף איר פּלאַץ און האָט באַטראַכט חנהלען מיט אַ פאַרוואונדער־טער מינע.

ער האָט כמעט גאָרנישט געהערט, וואָס חנהלע האָט צו אים גערעדט.

אויפן גאַניק זענען איצט אויך געשטאַנען יאַכנעטשיק און זיין ברודער זשאַכנעט און מיסטער קאָהען מיטן רעווערענד, און זיי אַלע האָבן געקוקט אויף חנהלען.

עפּעס איז אין איר געווען, וואָס עס האָט געריסן די אויגן פון די דאָזיקע מענער. עפּעס באַרווישנדיקס און פאַרפירערישס. ברוינשטיין האָט עס שוין לאַנג באַמערקט. ניט איינמאָל, ווען ער איז מיט איר אַרייַנגעקומען אין אַ קאַפע־הויז, וואָס איז געפּאַקט געווען מיט מענער, האָבן זיי אַלע זי באַלד באַמערקט און ניט איין מאַנסביליש אויג האָט זיך אָנגעצונדן.

ברוינשטיין האָט איר טאַקע איינמאָל וועגן דעם געזאָגט:

— דו ווייסט, חנהלע, דו ביסט אַזוי פיל מיטן פּעטראָליום פון ווייב, אַז די מענער מוזן דיך באַמערקן. דו ביסט פול דער־מיט, ווי מיט אַ זיסן גיפט. . .

פּלוצלינג איז חנהלעס פייערדיקער בליק שטיין געבליבן אויף בערטאַן און זי האָט זיך אַ כאַפּ געטון אי מיט פרייד, אי מיט דרך־ארץ אינם זינגדיקן טאָן:

— אָ, חברטע בערטאַ, איר זענט אויך דאָ?

איז האַסטיק צוגעגאַנגען צו איר מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און האָט גערעדט ווייטער מיט לאַשטשענדיקע טענער אין איר קול:

— וואָס מאַכט איר? איר זענט שוין לאַנג דאָ? איר דערקענט מיך?

בערטאַ האָט מיט אַ העפלעכן שמייכל געדריקט איר די האַנט און געענטפערט:

— געוויס דערקען איך אייך. מען האָט דאָך אונז ביידע פאַראַיאָרן אַרעסטירט אויף איין פאַרזאַמלונג.

— זינט דעמאָלט האָט מען מיך שוין נאָכאַמאָל אַרעסטירט —

האָט חנהלע זיך אָנגערופן מיט אַ שטאָלצער מינע — און מען װעט מיך נאָך אַרעסטירן נישט איינמאָל, אפשר גאָר אינגאַנצן דער־הרגענען — האָט זי צוגעלייגט מיט אַ שמייכל — נאָר מילא, מיך שרעקט עס נישט אָפּ. איך האַלט פון ראָזאַ לוקסעמבורגס טעזיס, אַז אינם קאַמף...

— וואָס הערט זיך אין ניו־יאָרק? — האָט בערטאַ איר אי־בערגעשלאָגן.

— דער קאַמף איז זייער אַקטועל — האָט חנהלע געענט־פערט — די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן מיט די גאַרילאַס באַפאַלן אונזערע חברים אויפן פּיקעט־ליין, מאָרדן און מסורן אונזערע חברים...

עמעצער האָט חנהלען אָנגערירט באַם אַקסל, זי האָט אָפּגע־האַקט אינמיטן אירע רייד און זיך אומגעקוקט, און האָט דערזעען דעם האָטעל־דינער מיט איר טשעמאָדאַן.

ער האָט זי גערופן צו גיין מיט אים אין איר צי־מער.

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטון און מיט אימפּעט אַרויסגע־רעדט:

— מיר וועלן זיך נאָך זעען, חברטע בערטאַ!

און זי איז פאַרשוואונדן מיט דעם דינער אין דער טיר פונם האָטעל.

ברוינשטיין האָט זיך דאַן אָנגערופן צו בערטאַן:

— דו קענסט זי?

— אוודאי קען איך זי. ווען דו זאָגסט מיר, אַז דאָס איז דאָס ווייבל מיט די „טעזיסן", וואָלט איך באַלד געוווסט, װער זי איז. פאַראַיאָרן, ווען מען האָט אונז ביידע אַרעסטירט, איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען מיט איר אַ גאַנצע נאַכט, האָט זי מיך שיער נישט משוגע געמאַכט מיט אירע „טעזיסן". אַזוי, איז דאָס דיין חנהלע?

ברוינשטיין האָט איר געענטפערט:

— נישט מיין חנהלע... פאַרוואָס רעדסטו אַזוי, בערטאַ? באַלד נאָך דינער וועל איך איר דערקלערן.

און ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— איך וועל גיין זאָגן, אַז מען זאָל זי נישט זעצן בײַ אונ־זער טיש...

און ער איז אַוועקגעלאָפן.

און תּיכּף ווי ברוינשטיין איז אַוועק, איז צו בערטאַן צוגע־גאַנגען דער רעוורענד מיט דער האַנט אויף דער באָרד און זיך אָנגערופן צו איר:

— ווער איז די פריילין, אייערס אַ קרובה?

— יאָ, מיסטער ברוינשטיינס אַ קרובה — האָט בערטאַ גע־ענטפערט מיט אַ שמייכל.

— אַ פיין מיידל — האָט דער רעוורענד ווייטער גפרעדט — זי וועט דאָ לאַנג פאַרברענגען?

— דאָס ווייס איך נישט, מיסטער רעוורענד.

— וואָס טוט אַזאַ מיידל, מיס פרידלאַנד?

— זי טוט זוכן אַ חתן, מיסטער רעוורענד. און וועגן אַנדע־רע זאַכן פרעגט זי אַליין — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן, און איז אויפגעשטאַנען פונם אָרט און פאַרשוואונדן אין דער טיר פונם האָטעל.

האָט דער רעוורענד זיך דאַן צוגעזעצט לעבן מרס. קאָהען, וועלכע איז נאָך געזעסן אויף דער זעלביקער שאָקל־שטול, און זי האָט אים גלייך געפרעגט מיט אַ רחמנותדיקער מינע:

— וואָס טוט מען, רעוורענדל, עס שפּאַרט דאָך מיך היינט ווידער אונטערן לעפעלע?

האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַן ערנסטער מינע:

— אונטער וועלכן — אונטער דעם לינקן, אָדער אונטער דעם רעכטן?

— דאַכט זיך, אַז אונטער ביידע — האָט זי געענטפערט.

— איך וועל אייך שפּעטער געבן אַ גוטן פּראָשעק...

— איך דאַנק אייך, רעוורענדל!... דעם חתנס אַ קרובה געקומען, האַ?

— יאָ. פונוואַנען ווייסט איר? איר קענט זי?

— ניין. כ׳האָב געהערט, ווי די כּלה האָט אייך דערציילט.

אַ שיין, שוואַרץ־חנעוודיק מיידל. קענטיק, אַ ברען! פּייערדיקע אויגן!...

— יאָ.

— איר האָט גערדאַרפט זעען, רעוורענדל, ווי מייגער האָט געקוקט אויף איר... די אויגן זענען אים גאָר אַרויסגעקראָכן!...

— אַי, אַי, מרס. קאָהען — האָט דער רעווערענד זיך אָנגערופן — וואָס מאַכט איר זיך נאַריש? וואָס רעדט איר זיך איין?

— איר קענט נישט מיינעם — האָט זי אַרויסגערעדט רחמנות־דיק — אַן אַלטער הולטיי. איר מיינט, פאַרוואָס בין איך שטענ־דיק אַזוי קראַנק? פון אים, פון די יסורים, וואָס ער פאַרשאַפט מיר מיט זיינע מיידן. פאַר אַנדערע וועל איך דאָס נישט זאָגן, פאַר אייך אָבער, מיסטער רעוורענדל...

ברוינשטיין איז דאַן אַרויסגעקומען אויפן גאַניק און האָט גענומען זוכן מיט די אויגן בערטאַן.

דער רעוורענד האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט, אַרויס־גענומען פון דער קעשענע אַ פּושקעלע מיט ציגאַרעטן, עס געעפנט און איז צוגעגאַנגען מיט דעם צו ברוינשטיינען.

— אַ ציגאַרעטל, מיסטער ברוינשטיין, האַ? — האָט ער זיך אָנגערופן.

— איך וויל נישט, אַ דאַנק.

— מיט ליב אייך אייער גאַסט — האָט דער רעוו־רענד גערעדט ווייטער — אייער כּלה האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז אייערס אַ נאָענטע קרובה, אַ פיין מיידל, הערט איר... זי איז אייערס אַ קוזינע, האַ?

ברוינשטיין האָט אויפגערעגט אַ קוק געטון אויף אים און אָפּגעטרעטן פון אים.

און דער רעוורענד איז אים נאָכגעגאַנגען.

— איך פאַרשטיי נישט, מיסטער ברוינשטיין — איז ער אים נאָכגעגאַנגען — פאַרוואָס בלאָזט איר זיך אויף מיר, הערט איר?

ברוינשטיין האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ ם אָנגעקוקט, דאַן האָט ער אַרויסגערעדט:

— איך בעט אייך נאָכאַמאָל: לאָזט מיך צורו!

— אָבער וואָס האָט איר צו מיר? — האָט דער רעווענד גע־טענהט.

— איר האָט מיר דערעסן — האָט ברוינשטיין אים גע־ענטפערט מיט אומגעדולד אינם קול — דערעסן האָט איר מיר מיט אייער נודיען, איר פאַרשטייט, רעוורענד? דאַכט זיך, קלאָרע ווערטער, ניין?...

— אָבער, מיסטער ברוינשטיין, הערט איר, איר זענט דאָך אַזאַ כעסן... נעמט אַ ציגאַרעטל און זייט נישט אין כעס...

ברוינשטיין האָט דאַן אינגאַנצן פאַרלוירן זיין געדולד, ער האָט אַרויסגערעדט אויפגערעגט:

— רעוורענד, ווי איך זע, רעד איך מיט אייך צו איידל. איר וועט מיך צווינגען, איר הערט? איר וועט מיך צווינגען! אָנ־שיקעניש... — האָט זיך מיטאַמאָל באַ אים אַרויסגעריסן — וואָס פאַר אַ מחותן זענט איר מיט מיר? גייט אַוועק!

און ער איז אַרונטערגעלאָפן פונם גאַניק, צוגעלאָפן צו אַ האַמאַק און האָט זיך אין אים אַריינגעוואָרפן.

דער רעוורענד האָט אַ ציי געטון מיט די ברייטע אַקסלען, באַהאַלטן זיין פושקעלע מיט די ציגאַרעטן אין אַ קעשענע און איז דערנאָך ווידער צוגעגאַנגען צו מרס. קאָהען און זיך געזעצט לעבן איר.

— אַ ייד זאָל זיין אַזאַ רשע מרושע — האָט ער זיך אָנגע־רופן צו מרס. קאָהען — פאַרוואָס אים קומט אַזאַ רייכע כלה, אסור, הערט איר, אויב איך פאַרשטיי...

און דאַן איז אַרויסגעקומען אויפן גאַניק חנהלע.

זי איז אינגאַנצן געווען איבערגעטון. האָט געטראָגן אַ פּאָר „ניקערס"*) און אַ ווייסן סוועטער, און אָן דעם הוט. מיט די

*) הויזן.

קורץ־געשוירענע פעך־שווארצע האָר, וואָס זענען געפאַלן אין גע־קרויזלטע לאָקנס אַרום איר נאַקן, האָט זי אויסגעזעען ווי אַ מיידל פון אַ יאָר זיבעצן־אַכטציַן.

און אַרויסקומענדיק, האָט זי תיכף באַמערקט ברוינשטיינען אויפן האַמאַק אונטער אַ בוים קעגן גאַניק, און מיט אַ מין באַזונ־דערן אימפעט איז זי אַרונטערגעלאָפן די טרעפלעך, און באַלד איז זי געזעסן אויפן גראָז לעבן האַמאַק און גערעדט צו ברוינשטיינען מיט איר זינגענדיקן און לאַשטשענדיקן קול:

— וואָס מאַכסטו? איך האָב אַזוי געבענקט נאָך דיר, נאָך דיין קוש — האָט זי גענומען פליסטערן, און אירע גרויסע, שוואַר־צע אויגן האָבן זיך געצונדן און די נאָז־לעכער באַ איר האָבן זיך באַוועגט און גערויטלט — קום, מיר וועלן ערגעץ גיין.

ברוינשטיין האָט זיך דאַן אויפגעזעצט אויפן האַמאַק.

— דו ווייסט, חנהלע — האָט ער זיך אָנגערופן און נישט געקוקט אויף איר — איך וויל מיט דיר עפּעס רעדן. איך דאַרף דיר עפּעס מיטטיילן...

— וואָס? קום, דו וועסט רעדן אויפן וועג — האָט זי גע־זאָגט און זיך אויפגעהויבן פונם גראָז.

— מיר קאָנען איצט נישט אַוועקגיין. נאָך אַ פּאָר מינוטן ביז דינער. נאָך דינער וועל איך דיר אַלצדינג דערקלערן.

זי האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און אַרויסגע־רעדט:

— וואָס איז מיט דיר דער מער? אַזוי ערנסט און אומעטיק. ברוינשטיין, איך דערקען דיך גאָרנישט.

— איך וועל עס שפּעטער דיר דערקלערן און איך ווייס, אַז דו וועסט מיך פאַרשטיין — האָט ער געענטפערט און איז אַראָפּ־געשפרונגען פונם האַמאַק.

אין אָט דער צייט איז בערטאַ אַרויסגעקומען אויפן גאַניק, האָט זיי ביידע דערזעען, איז זי אַוועק אויף דער אַנדערער זייט, כּדי זיי זאָלן זי נישט באַמערקן.

אָבער חנהלע האָט באַמערקט, ווי זי איז דורכגעגאַנגען, און זי האָט זיך אָנגערופן צו ברוינשטיינען:

— חברטע בערטאַ איז שוין לאַנג דאָ?

— שוין עטלעכע וואָכן.

— די גאַנצע צייט, זינט דו ביסט דאָ?

— יאָ.

— אַן אינטערעסאַנטער מענטש, נישט אמת?

— יאָ, זייער אַן אינטערעסאַנטער. דו ווייסט, מיר זענען באָענט באַפריינדעט?

— וואָס הייסט נאָענט?

— אָט נאָענט — האָט ברוינשטיין געענטפערט און זיך פאַרכאַפּט — איך מיין, מיר זענען גוטע פריינט.

און דאַן האָט זי צו אים אַ טראָט געטון נענטער און זיך איינגעגעסן מיט אירע שוואַרצע אויגן אין זיין פנים און אַ ווײַלע געשוויגן. דערנאָך האָט זי אַרויסגערעדט:

— וועגן איר ווילסטו מיר דערציילן?

און אַז ער האָט נישט געענטפערט, האָט זי גערעדט ווייטער:

— פאַרוואָס שווייגסטו? אויב עפּעס, נו, איז וואָס? דו הייסט דאָך מיין טעזיס וועגן אָט דעם פּראָבלעם. . .

— ער האָט זיך אָנגערופן:

— איך האָב געזאָגט: מיר וועלן רעדן נאָך דינער.

דער האָטעל-גלאָק האָט זיך דערהערט, און זיי ביידע, שווייגנדיקע, האָבן זיך דאַן געלאָזט גיין צום גאַניק.

*     *
*

חנהלען האָט מען געגעבן אַ פּלאַץ באַם טיש, וווּ מיסעס יאַכנעטשיק מיט איר מאַן און שוואָגער זענען געזעסן, נישט ווייט פונם טיש, וווּ בערטאַ און ברוינשטיין זענען געזעסן.

און די גאַנצע צייט בעתן דינער האָט חנהלע זיך אונטערהאַלטן מיט מיסטער זשאַכנעט און אפילו קיין איין מאָל נישט אַ קוק געטון אין דער זייט, וווּ ברוינשטיין איז געזעסן.

בערטאַ האָט עס באַמערקט, און זי האָט זיך אָנגערופן שטיל צו ברוינשטיינען:

— מיר ווייזט זיך אויס, אַז דיין חנהלע האָט אינגאַנצן אָן דיר פאַרגעסן. מיסטער זשאַכנעט, קענטיק, האָט זי שטאַרק פאַראינטערעסירט.

— דאָס קאָן נישט זיין, נישט חנהלען. איך קען זי. אַ בורזשוי וועט חנהלען קיינמאָל נישט פאַראינטערעסירן — האָט ברוינשטיין געענטפערט אַזוי נאַיוו, אַז בערטאַ האָט זיך צעלאַכט הויך אויפן קול.

באַלד נאָך דינער איז בערטאַ ערגעץ פאַרשוואונדן. ברוינשטיין איז געזעסן אויפן גאַניק און האָט געררייכערט מיט אַ צעטראָגענער מינע, און געוואַרט אויף חנהלען.

זי אָבער איז געשטאַנען מיט מיסטער זשאַכנעטן אויף דער אַנדערער זייט גאַניק און האָט מיט אים היציק דיסקוטירט.

אויסער זיי ביידן און ברוינשטיינען איז אויפן גאַניק איצט קיינער נישט געווען. דער עולם איז זיך צעגאַנגען, ווער אין וואַלד, ווער אויף די האַמאַקס, ווער צום טייכל, ווער שפּילן אין קאָרטן און אַנדערע זענען אַוועק שלאָפן אין זייערע צימערן.

חנהלעס זינגענדיק קול מיט דער פּויליש-יידישער אויסשפּראַך האָט הילכיק אָפּגעקלונגען אין דער ריינער, בערגיקער לופט:

— פאַר דער היינטיקער אַרבעטער-פרוי איז שוין דאָסדאָזיקע פּראָבלעם נישט מער אַקטועל — האָט חנהלע גערעדט מיט איר זינגענדיק קול — פאַרהייראַט, צי נישט פאַרהייראַט, זי איז אַ פרייער מענטש און בלייבט אַ פרייער מענטש. צו איר מאַן איז זי נישט פאַרקניפּט און זי איז צו קיינעם נישט פאַרקויפט. איר סטאַטוס איז, אַז קיינער האָט נישט קיין רעכט אויף איר, אויסער זי אַליין, צי פאַר דער חתונה, צי נאָך דער חתונה. זי איז באַדייטנד מער פערזענלעכקייט און פאַרמאָגט מער אייגענעם ווילן איידער אייערע בורזשואַזע, קליינבירגערלעכע ווייבער. וואָרים ווער

זענען אייערע קליינבירגערלעכע ווייבער? וואָסערע פּראָבלע־מען זענען פאַר זיי אַק ועל? וואָסערע טעזיסן האָבן זיי?...

— וואָס מיינט איר? — האָט זשאַכנעט זיך אָנגערופן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל — רעדט קלאָרער.

— איך רעד, דאַכט זיך, מיט אייך גענוג קלאָר — האָט חנהלע געענטפערט — בין איך שולדיק, פאַרוואָס איר פאַרשטייט נישט? עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס אַ „באָס" פאַר־שטייט נישט די טעזיסן פון קלאַסנבאַוווסטזיניקע האָרעפּאַש־ניקעס.

זשאַכנעט האָט זיך צעלאַכט.

— זאָגט מיר — האָט ער זיך דערנאָך אָנגערופן — זענט איר אַן אַרבעטערין, צי אַ פּראָפעסאָרקע?

— אַן אַרבעטערין, אַן אַרבעטערין — האָט זי צוויי מאָל אי־בערגעחזרט מיט אַ שטאָלצער מינע. — און איך באַלאַנג צו דער יוניאָן, און צו דעם לינקן פליגל... ווילט איר נאָך עפּעס וויסן? — האָט זי אים אַ בריי געטון מיט אירע שוואַרצע, פייערדיקע אויגן.

האָט ער זי אַ ווײַלע אָנגעקוקט דערנאָך מיט אַ שמייכל. דאַן האָט ער זיך אָנגערופן:

— אַזוי, אַ „לינקע" זענט איר? איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלייבט, אַז צווישן די „לינקע" זאָלן זיין אַזעלכע שיינע, מיט אַזעלכע פייערדיקע אויגן. בײַ מיר אין שאַפּ, — מען אַרבעט בײַ מיר פרויען־קליידער, — האָב איך גע־נוג לינקע „הענט", זענען זיי איינע מיאוסער פון דער אַנדערער. איז בײַ מיר געווען אָפּגעמאַכט, אַז ווו נאָר אַ מיאוסע, איז זי אַ „לינקע".

— איז עס דאָס ערשטע מאָל, וואָס איר מאַכט אַ טעות אין אייערע אַרבעטער? — האָט חנהלע געפרעגט מיט אַ שפּאָטיש שמייכל.

— אין די לינקע „הענט" מיינע מאַך איך קיינמאָל קיין טעות נישט. איך האָב אַלעמאָל זיי געהאַלטן פאַר באַנדיטן און באַנדיט־קעס — האָט זשאַכנעט געענטפערט.

חנהלע האָט זיך צעלאַכט.

— זיי געפעלן אייך נישט, הא? וואַרט, וואַרט, זיי וועלן אייך שפּעטער נאָך ווייניקער געפעלן.

מרס. ציפּאַרקעס איז דאַן אַרויסגעקומען פון דער האָטעל־טיר אויפן גאַניק און איז צוגעגאַנגען צו זיי.

זשאַכנעט האָט פאָרגעשטעלט חנהלען פאַר איר מיט די ווערטער:

— אָט, באַקענט זיך, אַ לינקע ליידי, וועלכע איז שרעקלעך בייז אויף אונזערע ווייבער.

— פאַרוואָס? — האָט געפרעגט מרס. ציפּאַרקעס מיט אַ שמייכל און אַ פודער געטון איר נאָז.

— בייז אויף זיי? אַ האָר נישט! — האָט געענטפערט חנהלע — מ'קען זיין בייז אויף אַ מענטש, וואָס גייט דיך אָן. אָבער די קליינבירגערלעכע, בורזשואַזע ווייבער זענען פאַר מיר קיינמאָל קיין פּראָבלעם נישט געווען.

— אָבער איר האָט דאָך פריער עפּעס גערעדט וועגן... ווי רופט איר דאָס?... טעזיסן... יאָ, טעזיסן — האָט זיך זשאַכנעט אָנגערופן — וואָס האָט איר געמיינט?...

האָט זיך חנהלע ווידער צעלאַכט אויפן קול און האָט איצט אַ קוק געטון צו ברוינשטיינען־צו מיט אַזאַ מינע, ווי זי וואָלט גערעדט: „הער נאַר, וואָס פאַר אַן אינדיאַנער!“...

דערנאָך האָט זי געענטפערט:

— איך בין געוווינט צו רעדן מיט אינטעליגענטע מענטשן. איך בין נישט שולדיק, וואָס איר פאַרשטייט נישט מיין שפּראַך.

— זשאַכנעט האָט זי דאַן אָנגעקוקט מיט אַ שפּאָטישן שמייכל און געזאָגט:

— וואָס פאַר אַ קאַלעדזש, האָט איר געענדיקט, ליידי?

— דעם אייגענעם קאַלעדזש וואָס איר — האָט זי אים געענטפערט אין טאָן און געקוקט אים גלייך אין פּנים אַריין מיט לעבעדיקע אויגן.

— איר קענט מיך דען? — האָט ער שוין אַרויסגערעדט מיט פאַראַכטונג אין טאָן.

— עס איז גאַ־נישט אַזאַ שווער פּראָבלעם אייך צו דער־קענען — האָט זי געענטפערט מיט אַ צופֿרידן טאָן.

מרס. ציפּאָרקעס האָט דאַן אַ צי געטון זשאַכנעטן פאַרן אָרעם און זיך אָנגערופן:

— קומט!

— יאָ, קומט! — האָט זשאַכנעט אַרויסגערעדט, פאַררייכערט אַ ציגאַר און אפילו נישט אַ קוק געטון מער אויף חנהלען.

דאַן איז ער אַרונטער מיט מרס. ציפּאָרקעס פון גאַניק און זיי זענען אַוועק מיטן וועג צום רויטן באַרג.

חנהלע האָט זיי נאָכגעקוקט מיט אַ נצחונדיקן שמייכל.

נאָכדעם איז זי צוגעגאַנגען צו ברוינשטיינען, וועלכער איז נאָך אַלץ געזעסן אַ צעטראָגענער אויף זיין שטול.

— אַזאַ איגנאָראַמוס — האָט זי געלאַכט — פאַרשטייט נישט, וואָס מען רעדט צו אים. איי האָב איך אים גענומען די לעבער! וואָס זיצסטו אַזוי, ווי בײַ דיר וואָלטן אונטערגעגאַנגען אַלע דיינע שיפן? — האָט זי זיך פּלוצלינג איבערגעשלאָגן.

ברוינשטיין האָט זיך אַ כאַפּ געטון פון אָרט און אַרויסגע־רעדט צעטראָגן:

— קום, איך דאַרף מיט דיר רעדן!

און ער איז אַוועק מיט איר מיטן וועג, וואָס האָט געפירט צום וועלדל, ווו דאָס טייכל האָט זיך געפונען.

— וואָס ווילסטו מיט מיר רעדן? — האָט זי זיך אָנגע־רופן — און פאַרוואָס, זאָג מיר, האַלסטו זיך אַזוי פונדערווייטנס מיט מיר, אפילו נישט בײַ דיין טיש מיך אַוועקגעזעצט? וואָס מיינט עס?

— אָט וועגן דעם וויל איך מיט דיר רעדן — האָט ער גע־ענטפערט.

און אַז ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט זי געפרעגט:

— נו, פאַרוואָס רעדסטו נישט? פאַרוואָס ביסטו אַנטשוויגן געוואָרן.

— אָט מיר וועלן אַריינגיין אין וואַלד — האָט ער אַרויס־געמורמלט.

האָט חנהלע אויך דערנאָך אַ ווײַלע געשוויגן. דאַן האָט זי פּלוצלינג געזאָגט:

— איך פֿאַרשטײ דאָך וועגן וואָס דו ווילסט רעדן מיט מיר... וועגן דיר און חברטע בערטאַן... אמת?...

— פֿונוואַנען ווייסטו עס?

— דו האָסט דאָך מיר פֿריער געזאָגט, אַז איר זענט נאָענטע פֿרײַנט. און אַליין האָב איך אויך געגוג באַמערקט — האָט זי געענטפֿערט און געקוקט אים גלײַך אין די אויגן אַרײַן — איר האָט זיך שטאַרק ליב?...

— דאָס האָב איך קיין רעכט נישט דיר צו זאָגן. אַלנפֿאַלס נישט אין דעם מאָמענט — האָט ער געענטפֿערט.

און מיטאַמאָל האָט זי זיך אָנגעצונדן און אים אָנגעקוקט מיט אויגן, ווי מיט צוויי גליענדע קוילן.

— אָבער איך האָב אַ רעכט דאָס צו וויסן — האָט זי הייס אַרויסגעפּליסטערט — דו האָסט געשיקט נאָך מיר... איך בין געקומען צו דיר... געוואָרפֿן אַלצדינג און געקומען צו דיר...

ברוינשטיין האָט געשוויגן. און זי האָט גערעדט ווייטער מיט אַ הייסן אָטעם, אַלץ מער און מער אויפֿגערעגט:

— און דאָס איז אַן אויסגעהערטע חוצפּה פֿון דיר, צו לאָזן מיך זיצן בײַ אַן אַנדערן טיש, ווען איך בין געקומען צו דיר!...

ברוינשטיין האָט אַרויסגעמורמלט:

— קיין פּלאַץ נישט געווען בײַ מײַן טיש.

— חברטע בערטאַ האָט נישט געוואָלט, אַז איך זאָל זיצן לעבן דיר. דו מיינסט, איך פֿאַרשטײ נישט?

ער האָט אַרויסגערעדט:

— חנהלע, זי לאָז צורו...

זי האָט זיך אויפֿגערעגט צעלאַכט.

— איך וועל דיך אויך צורו לאָזן. דו ביסט בײַ מיר גאָרנישט אַזאַ פּראָבלעם: איך לאָז דיך איבער פֿאַר איר. אַזאַ מציאה. איך לאַך פֿון אײַך ביידע!

און דאַן האָט זי זיך אָפּגעשטעלט.

— איך גיי זיך אויפזוכן און פאָר צוריק קיין ניו־יאָרק! —
האָט זי געזאָגט. — איך וויל דיר נישט שטערן. דיר געפעלט א
מילכיקע, געזונטערהייט!..

ער האָט זיך דערפרייט, נאָר דאָס נישט אַרויסגעוויזן. ער
האָט זיך אָנגערופן:

— אַז דו ביסט שוין אַרויסגעפאָרן, פאַרברענג דאָ עטלע־
כע טעג.

זי איז אָבער אַוועק צוריק און ער נאָך איר.

און פּלוצלינג האָט זי זיך ווידער אָפּגעשטעלט.

— הער אויס — האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַן אַנדערן טאָן
און גענומען ברוינשטיינען אונטערן אָרעם — נו, איז וואָס? אויב
אפילו זי געפעלט דיר, ביסטו דאָך נישט איר אייגנטום. קום צו־
ריק, מיר וועלן רעדן פון דעם.

און זי האָט אים אַוועקגעשלעפּט צוריק צום וואַלד־צוג,
און ער, גייענדיק מיט איר, האָט געטראַכט:
„אומזיסט זיך געפרייט!...״

ער האָט איין ווונטש איצט געהאַט: זי זאָל אַוועקפאָרן וואָס
גיכער פונדאַנען. און פאַר איין זאַך האָט ער זיך געשראָקן: זי
זאָל נישט באַליידיקן בערטאַן. וואָרים ער האָט גוט געקענט הנה־
לעס טעמפּעראַמענט.

זיי זענען אַריין אין וואַלד.

הנהלע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן גראָז און ברוינשטיין
איז געבליבן שטיין לעבן איר.

זי האָט אַרויפגעקוקט צו אים מיט אַ כמורנעם בליק און
מיט יענעם באַזונדערן שמייכל אירן, וואָס ער, ברוינשטיין, האָט
אים אין דער פריערדיקער צייט גערופן „גן־עדן־שליסל״...

— פאַרוואָס שטייסטו? — האָט זי אַרויסגעפּליסטערט
הייס.

האָט ער זיך אויך געזעצט אויפן גראָז, אָפּגערוקט פון
איר.

אירע בליקן, אַזעלכע פאַרבענקטע און הונגעריקע, זענען געבליבן הענגען אויף זיינע אויגן, און איר שמייכל, וואָס האָט זיך ווי אין פייער געטונקט, האָט אים געלאַשטשעט און ווי זיך געבעטן בא אים.

ער האָט געקענט דידאָזיקע בליקן און דעמדאָזיקן שמייכל. אין דער פריערדיקער צייט האָבן זיי אים שטענדיק אָנגעצונדן און איצט וואָלט ער אַנטלאָפן פון זיי. וואָרים אויסער, וואָס זי האָט בכלל אָנגעוווירן פאַר אים איר אַמאָליקן פיזישן רייץ, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זיי פאַרשוועכן זיינע איצטיקע געפילן צו בערטאַן.

זי האָט זיך אַ רוק געטון צו אים נענטער און אויסגעשטעלט צו אים די ליפן און האַלב צוגעמאַכט די אויגן.

— קוש מיך! — האָט זי אַרויסגעפּליסטערט, אָנגענומען זיין האַנט און זי געלאַשטשעט מיט אירער.

— ניין! — האָט ער מיטאַמאָל געענטפערט, אַזוי ווי מיט רוגזה.

זי האָט ברייט פונאַנדערגעעפנט די אויגן אויף אים און מאָדנע אַ שמייכל געטון. איבער איר טונקעלן פּנים האָט זיך אַ רויטקייט צעגאָסן און זי האָט אַוועקגעדרייט פון אים דעם קאָפּ.

— היינט פאַרוואָס האָסטו מיך געבעטן, איך זאָל קומען? — האָט זי אַרויסגערעדט שטיל און געקוקט אויף די ביימער הינטער איר, וואָס זענען פול געווען מיט פייגל־געזאַנג.

— ווען איך האָב דיך געבעטן קומען, האָב איך נאָך געהאַט אַ געפיל פאַר דיר; איצט האָב איך נישט מער — האָט ער געענטפערט.

זי האָט ווידער אַ קוק געטון אויף אים מיט ברענענדיקע אויגן.

— איצט האָסטו דאָס גאַנצע געפיל איר אַוועקגעגעבן, דער מילכיקער?...

איז ברוינשטיין געוואָרן אויפגערעגט.

— הער אויס, אויב דו מיינסט בערטאַן, וואָלט איך דיך

— געבעטן, אַז דו זאָלסט נישט רעדן וועגן איר מיט אַזאַ טאָן! — האָט ער געזאָגט.

— איך האָב אייך ביידע טיף אין דר'ערד! האָט חנהלע פּלוצלינג אַ געשריי געטון, זיך אויפגעהויבן פון אָרט, איז אַוועק ווייטער צווישן די ביימער, האָט זיך אַרונטער־געלאָזט אויפן גראָז, מיטן רוקן צו ברוינשטיינען, און מיטאַמאָל איז זי צוגעפאַלן מיטן פּנים צו איר שויס, און ברוינשטיין האָט באַמערקט, ווי אירע אַקס־לען האָבן אויפגעציטערט.

ער איז צוגעגאַנגען צו איר, געשטאַנען אַ ווײַלע און האָט געהערט איר פאַרשטיקט כליפּען. דאַן האָט ער אַרויסגערעדט ווייך:

— נו, וואָס קאָן איך העלפן, חנהלע? נו, דו פאַרשטייסט דאָך, דו ביסט דאָך אַ פרייע פרוי. נו, פריער האָב איך דיך גע־ליבט, און איצט נישט. נו, קאָנסטו דען מיך צווינגען, צי קאָן איך דען זיך צווינגען דיך צו ליבן, זאָג דו אַליין? נו, וויין נישט, חנהלע, מיר וועלן בלייבן די בעסטע פריינד!

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון שויס און פאַרשפּיקט אַרויסגעכליפּעט:

— איך וויין נישט פאַרוואָס דו האָסט מיך נישט ליב; איך וויין, פאַרוואָס דו ביסט ביי מיר אַ פּראָבלעם... פאַרוואָס איך האָב דיך ליב...

זי האָט זיך דאַן ווידער אויפגעהויבן פון דער ערד, אַרויס־געשלעפּט אַ טיכל פון אַ קעשענע פון אירע „ניקערס“, געווישט זיך די אויגן און געכליפּעט ווייטער:

— פאַרוואָס בין איך אַזוי שוואַך? פאַרוואָס ביסטו פאַר מיר אַ פּראָבלעם, ווען דו האָסט צו מיר נישט קיין שום געפיל? דאָס איז דאָך שטענדיק געווען קעגן מיין טעזיס!...

דאַן איז זי מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן, האָט אַ קוק גע־טון פאַר זיך אַנטשלאָסן. דערנאָך האָט זי ראַפּטעם זיך אַ ריס גע־טון פון איר אָרט און האָסטיק זיך געלאָזט גיין צוריק פון וואַלד.

ברוינשטיין האָט געפּרוּווט זי אַ רוף טון; זי האָט זיך אָבער אפילו נישט אומגעקוקט אויף אים און איז געגאַנגען אַלץ האַסטיקער, און באַלד איז זי פאַרשוווּנדן אינגאַנצן פון זיינע אויגן.

ער איז אַוועק נאָך איר מיט לאַנגזאַמע טריט.

ווען ער איז דערנאָך צוגעגאַנגען צום האָטעל, איז אויפן גאַניק בלויז געזעסן מרס. קאָהען אַליין, וועלכע האָט געקייעט אַן עפּל.

ברוינשטיין איז אַרויף צו זיך אין צימער, געלעגן דאָרט אַרום אַ שעה אויפן בעט, דערנאָך אַרויס אין קאָרידאָר און אָנגעקלאַפּט צו בערטאַן אין טיר.

קיינער האָט נישט געענטפערט.

איז ער אַרונטער אויפן גאַניק און האָט זיך דאָרט אַוועקגעזעצט.

מרס. קאָהען איז נאָך דאָרט געזעסן אַליין. זי האָט זיך אָנגערופן צו ברוינשטיינען:

— אפשר זוכט איר אייער כלה? זי איז דאָרט אין וועלדל.

— וווּ?

— איך האָב זי פריער געזען אין וועלדל, אונטערן רויטן באַרג.

ברוינשטיין האָט שוין געוואָלט גיין זען, וווּ בערטאַ איז, ערשט חנהלע איז מיטאַמאָל אַרויסגעקומען פון דער האָטעל-טיר אויפן גאַניק, איבערגעטון אין איר ווייס קלייד מיט די רויטע שטיקערייען אַרום אירע היפטן, און אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן איר שטרויענעם הוט.

הינטער איר איז נאָכגעגאַנגען דער דינער פון האָטעל מיט איר טשעמאָדאַן.

ברוינשטיין איז צו איר צוגעגאַנגען.

— דו פאָרסט טאַקע אַוועק? — האָט ער געפרעגט.

זי האָט נישט געענטפערט און נישט אַ קוק געטון אויף אים.

הינטערן האָטעל איז געשטאַנען אַן אויטאָמאָביל. חנהלע מיטן דינער זענען צוגעגאַנגען צו אים.

און ווען זי איז שוין געזעסן אין אויטאָמאָביל, איז ברוינשטיין צוגעגאַנגען צו איר.

— איך וויל דיר אומקערן די הוצאות, איך בעט דיך, נעם בײַ מיר — האָט ער שטיל געזאָגט.

זי האָט אַ צאַפּל געטון און אים אָנגעקוקט מיט אויפגערעגטע אויגן. דערנאָך האָט זי אַרויסגעפּליסטערט מיט אַ מינע פול מיט פאַראַכטונג:

— ווי וואַגסטו? געלט איז בײַ מיר אַ פּראָבלעם? דו פּאַסקודניאַק! דו קליינבירגער!...

דער שאָפער האָט געלאָזט לויפן דעם אויטאָמאָביל; ברוינשטיין איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער.

דערנאָך, ווען דער אויטאָמאָביל מיט חנהלען איז פאַרשוווּנדן פון זיינע אויגן, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון.

„אַי אַ גאָב!" — האָט ער אַ טראַכט געטון — „פונדעסטוועגן איז דאָס פאָרט שיין. זי האָט פאָרט שיין געהאַנדלט!"

און פּלוצלינג האָט ער זיך צעשמייכלט. אַ שווערע משא איז אים פון קאָפּ אַרונטער...

# פערצענטער קאַפּיטל

## דער שטורם

דאַן איז ער אַוועק אויפזוכן בערטאַן. איצט — האָט ער געהאַפּט — וועט זי קיין ניו-יאָרק נישט פאָרן, ווען חנהלע איז שוין מער נישט געווען.

ער איז אַריין אין וועלדל אונטערן רויטן באַרג, האָט זי געזוכט צווישן די ביימער און נישט געזען.

אַרום איז געווען שאַטנדיק און שטיל. פון צייט צו צייט האָט ברוינשטיין געהערט אַ ווייטן אָפּהילך פון אַ מענטשלעך קול, וועלכעס האָט זיך געטראָגן פון דעם רויטן באַרג.

„אפשר איז זי אויפן באַרג?" — האָט ברוינשטיין אַ טראַכט געטון.

און פּלוצלינג האָט ער דערהערט איר קול.

— הו-הו! — האָט איר הילכנדיק קול אים גערופן פון אַהינטער.

ער האָט זיך אומגעקוקט. איר קול האָט זיך ווידער דערהערט, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זי דערזען הינטער אַ גרופּע געדיכט-פּאַרצווייגטע ביימער.

זי איז געלעגן דאָרט און האָט געלייענט אַ בוך.

— ווו האָסטו באַהאַלטן זיך? — האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ ליכטיקן שמייכל.

— נישט אמת, אַז דאָ איז גוט זיך צו באַהאַלטן? — האָט זי אַרויסגערעדט, און בעת דעם האָט זי געקוקט אויף אים אַזוי, ווי זי וואָלט עפּעס געלייענט אויף זיין פּנים.

און ער האָט דאַן בײַ איר געפרעגט:

— וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר?

— גאָרנישט — האָט זי געענטפערט — טאָר איך נישט?

און זי האָט ווייטער געקוקט אויף אים מיט דעם אייגענעם בליק, וואָס האָט געפאָרשט און געגישטערט, האָט זיך געדאַכט, אויף זיין פּנים.

און מיטאַמאָל האָט זיך באַ איר אַרויסגעריסן:

— ווי דו שיינסט? קענטיק, אַז דו האָסט גוט פאַרברענגט...

און איצט האָט ער זיך אָנגעשטויסן, פאַרוואָס זי האָט געקוקט אויף אים אַזוי און עפּעס האָט ער זיך דערפרייט דערפון, און ער האָט זיך גליקלעך צעלאַכט.

— וואָס דיר קען איינפאַלן! — האָט ער געלאַכט, געזעצט זיך לעבן איר אויפן גראָז, גענומען איר האַנט אין זיינער און זי געלאַשטשעט און גערעדט ווייטער: — בלויז מיט איינער קען איך איצט גוט פאַרברענגען, בלויז מיט איינער, מיט דיר, בערטאַ. דו קענסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי שווער און ווי פּיינלעך מיר איז געווען חנהלעס קומען...

— פאַרוואָס? דאַכט זיך, אַ שיין ווייבל און דו האָסט דאָך זי ליב געהאַט...

— ניין, ניין, — האָט ער געענטפערט — איך האָב זי קיינמאָל נישט געליבט: איך האָב קיינעם נישט געליבט, ביז איך האָב דיך געטראָפן. גלייב מיר — האָט ער גערעדט ווייטער אַלץ וואַרעמער — ווי איך האָב דיר נישט איינמאָל געזאָגט, קיין ערנסטע ליבע האָב איך צו קיינעם נישט געהאַט. אויפגעשטורעמט אויף אַ ווײַלע פאַר אַ פרוי און באַלד, נאָך דער ערשטער באַפרידיקונג, גלייכגילטיק געוואָרן צו איר. ביז דו ביסט געקומען און קעגן מיין ווילן יעדן אייבציקן געפיל מיינעם פאַרכישופט. מכשפה מיינע, קיינעם, אויסער דיך זע איך דאָך איצט נישט, קען איך נישט זעען, וואָס האָסטו געמאַכט פון מיר? איך וויל מער גאָרנישט, דאַרף מער גאָרנישט, פאַרלאַנג מער גאָרנישט, ווי נאָר דיך, דיך!...

און אַ גליקלעכע, מיט ליכטיקע אויגן און אַ זוניקן שמייכל האָט בערטאַ איצט זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער. ווייל איצט, נאָך חנהלעס קומען, האָט זיך איר געפיל צו ברוינשטיינען מער

עפּ־אַקערט, און די פּאָר שעה, וואָס זי האָט אים נישט געזעען, האָט זי אַ פּאַרדאַכט געמאַטערט...
דערנאָך, אַז ער האָט איר דערציילט, וואָס עס איז פּאָרגעקומען צווישן אים און חנהלען, האָט זי בלויז געזאָגט: „חנהלע, נעבעך!" איך איר אויגן אָבער האָט דערביי געשמייכלט הנאה.
און מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ ציִ געטאָן צו אים און אים צו זיך...

* *
*

שפּעטער, ווען זיי זענען געגאַנגען צוריק צום האָטעל, האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן:
— דו ווייסט, בערטאַ, איך טראַכט אָפט וועגן מיינע געפילן צו דיר, איז מיר מיט אַ פּאָר טעג צוריק איינגעפאַלן, וואָס מאָפּאַסאַן זאָגט אין איינעם פון זיינע ווערק וועגן ליבע. עס זענען דאָ — זאָגט ער — צווייערליי ליבעס אויף דער ערד: איינע, אַ ריין פיזישע, וואָס זי פלאַקערט שטורעמדיק אויף און ווערט באַלד אָפּגעקילט כמעט נאָך דער ערשטער באַפרידיקונג, און די צווייטע, אַ נשמה־ליבע, אַ האַרץ־ליבע, וואָס זי צעברענט זיך אַלץ מער און מער נאָכדעם ווי מען האָט זיך באַפרידיקט. דידאָזיקע ליבע קאָן קיינמאָל נישט זאַט ווערן, קיינמאָל איז זי נישט באַפרידיקט אינגאַנצן. ווייל אויב דער גוף פון דעם געליבטן וועזן האָט זיך פאַר איר געעפנט, איז דער גייסט פון דעם געליבטן וועזן, זיין נשמה, נאָך וואָס זי, די ליבע, בענקט, נישט ווייניקער, פאַר איר געבליבן נאָך פאַרשלאָסן...
— איך האַלט פון דער צווייטער, — האָט בערטאַ געזאָגט.
— און איך האַלט פון דער ליבע, וואָס איך שילדער זי אין מיין ווערק, — האָט ברוינשטיין אונטערגעכאַפּט מיט התפעלות — נאָך קיינמאָל האָב איך אַזוי נישט געפילט דעם פּסיכאָלאָגישן אמת

פון אַט דער ליבע, ווי איך פיל אים איצט. מיין העכסט גליק איז איצט דיין גליק. און איך בין זיכער, אַז ווען דו פאַרליבסט דיך איצט אין עמעצן און דידאָזיקע ליבע וואָלט דיר פאַרשאַפט גליק, וואָלט איך געווען גליקלעך דערפון...

בערטאַ האָט זיך הילכיק צעלאַכט אים אין פּנים אריין.

— טאַקע? — האָט זי געלאַכט.

— איך שווער דיר, אַזוי ליב איך דיך! — האָט ער איינגעשריגן מיט היץ.

— געדענק, ברוינשטיין, איך וועל דיך האַלטן באַם וואָרט!

— יאָ, יאָ, בערטאַ. גלייב מיר, אַז איך מיין דאָס, אַז איך פיל דאָס!... וועסטו פאָרן אין ניו־יאָרק?...

זי האָט שעלמיש אַ קוק געטון אויף אים און געענטפערט:

— ניין, איך וועל שוין דאָ אָפּזיין די וואָך.

זיי זענען צוגעגאַנגען צום האָטעל.

די מענער האָבן געשפּילט אין קאָרטן אויף דער לאָנקע.

הינטער יעדן מאַן איז געזעסן זיין פרוי און האָט אריינגעקוקט אין זיינע קאָרטן. מרס. יאַכנעטשיק האָט פאַררוקט איר יאַס־טרעבע־פּנים הינטער איר מאַנס אָרעם און פון דאָרט אַרויסגעקוקט. מרס. בענדזשאַמין האָט אויסגעזעען זייער ערנסט. קענטיק געווען, אַז איר מאַן, לעבן וועלכן זי איז געזעסן, איז דאָרט געגאַנגען אַ שלימזלדיקע קאָרט.

דערפאַר, הפּנים, איז דאָרט מזלדיק געווען מיסטער קאָהען. הייל סיי ער האָט אויסגעזעען שטאַרק פריילעך און סיי מרס. קאָהען, וועלכע איז געזעסן הינטער זיין רוקן, האָט צופרידן געשמייכלט מיט איר קעלבערנעם שמייכל.

מרס. ציפּאָרקעס איז געווען די איינציקע פרוי, וואָס האָט מיט זיי געשפּילט, און דער מאַן אירער איז געזעסן לעבן איר און האָט אַריינגעקוקט אין אירע קאָרטן. פון דעם האָט מען געקענט דרינגען, אַז זי האָט זיך ווייניקער גערעכנט מיט איר מאַנס דעה

איידער די אַנדערע חייבער, וועלכע האָבן נישט אַריינגענומען קיין קאָרט אין דער האַנט, ווען די מענער זענען צו זיי געקומען.

ווען בערטאַ און ברוינשטיין זענען זיי פאַרבייגעגאַנגען, האָט מיסטער זשאַכנעט אויסגעשריגן:

— דאָ קומט די ריכטיקע „האַנט". איר וועט שפּילן, מיס פרידלאַנד? — האָט ער זיך אַ קער געטון צו בערטאַן.

זי האָט צו אים אַ שמייכל געטון און נישט געענטפערט:

— קומט, קומט שפּילן! — האָבן זי גערופן אי מיסטער קאָהען, אי מיסטער יאַכנעטשיק.

האָט זי זיי געענטפערט:

— מיט אַ סך מענער שפּיל איך נישט.

— איך וועל כיט אייך אַליין שפּילן! — האָט זיך אַ כאַפּ געטון מיסטער זשאַכנעט.

— איר קענט נישט! — האָט בערטאַ זיך צעלאַכט, און איז אַוועק מיט ברוינשטיינען צום גאַניק.

דאָרט זענען זיי אַ ווײַלע געזעסן און דערנאָך האָט בערטאַ זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך פאַר איר נישט געלייענט דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן היינט אינדערפרי, און זי האָט אים פאָרגעלייגט, אַז ער זאָל עס איר לייענען בײַ איר אין צימער.

בײַ איר אין צימער האָבן זיי פאַרבראַכט ביז דער האָטעל-גלאָק האָט גערופן צום אָוונט-ברויט און זיי האָבן גערעדט פון דער ווייטערדיקער אַרבעט און פון די מענטשן, וואָס ער, ברוינשטיין, האָט איז זיין ווערק געשילדערט.

און נאָך אָוונט-ברויט האָבן זיי ווידער געשפּאַצירט, האַלטנדיק זיך אָפּגעזונדערט פון אַנדערע, און זיי האָבן געשמועסט וועגן דעם, ווי זיי וועלן זייער לעבן איינאָרדנען אין שטאָט.

ער וועט זיין יעדע פרייע מינוט אָפּגעבן דער אַרבעטער-באַוועגונג. ער וועט זיך אויסלערנען רעדן און וועט אויפטרעטן מיט בערטאַן אויף די פאַרזאַמלונגען. מיט זיין ווערק וועט ער מסתמא פאַרטיק ווערן אין דעם משך פון עטלעכע חדשים. דאַן

וועלן זיי ביידע אוועקפאָרן קיין רוסלאַנד, און אפשר דאָרט אָפּ־דרוקן דאָס ווערק.

אַזוי האָט ער גערעדט און בערטאַ האָט מיט אים מסכים געווען.

דאַן איז צוגעפאַלן די נאַכט, אַ ווייסע, משוגענע נאַכט, וואָס אַזעלכע קען מען נאָר זעען אין די בערג.

איבערן רויטן באַרג איז געהאָנגען אַ גרויסע, פאַרחלומטע לבנה און האָט שטיל אַרויסגעהויכט אַ ווייסן חלום. און איבער אַלצדינג האָט געשוועבט דערדאָזיקער חלום, אין ווייסן ליכט און דורך שטילקייט, וואָס איז פול געווען מיט שמאַכטנדיקער אומרו...

דאָס וועלטל אונטערן רויטן באַרג האָט אין אָט דעם ווייכן, ווייסן ליכט געחלומט. געחלומט האָבן אין דעם ווייסן ליכט די ביי־מער אַרום האָטעל און דער האָטעל אַליין. געחלומט האָט די גאַנ־צע געגנט.

בערטאַ און ברוינשטיין זענען געזעסן אונטער אַ בוים אַנט־קעגן האָטעל און זענען אויך פאַרכאַפּט געווען פון אָט דעם חלום. אַרום זיי איז געווען שטיל. די אַנדערע געסט פונם האָטעל זענען אַוועק צי אין דער קאַסינאַ, אָדער שפּאַצירן.

דאַן האָט בערטאַ אַרויסגעפליסטערט:

— אַזאַ נאַכט קען משוגע מאַכן...

ברוינשטיין האָט זיך פאַרטראַכט אָנגערופן:

— די לופט איז אַזוי ווי אָנגעזאַפּט מיט פאַרליבטקייט...

זיי האָבן דערהערט הינטער זיך איילנדיקע טריט און זיי האָבן זיך אומגעקוקט.

דאַן האָבן זיי דערזעען מיסטער ציפּאָרקעס. ער איז געגאַנ־גען פאַרביי זיי מיט אַ פאַרהאַוועטער מינע און ווען ער האָט באַ־מערקט, אַז זיי האָבן געקוקט אויף אים, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, און זיינע ווייסע אויגן האָבן אַ צוק געטון און דאָס אָפּענע מויל האָט זיך אַ קרום געטון און אַ קנאַק געטון מיט די ציין און דער־נאָך, אַז ער האָט אַ פייף געטון מיט דער נאָז, האָט ער בע־פרעגט:

— האָט איר אפשר געזעען מרס. ציפּאָרקעס?
— ניין, — האָט בערטאַ געענטפערט.
איז מיסטער ציפּאָרקעס דאַן אַוועק ווייטער.
— איך האָב זי יאָ געזעען, — האָט נאָכדעם זיך אָנגע־רופן שטיל ברוינשטיין — זי איז אַוועק מיט מיסטער זשאַכ־נעס.

בערטאַ האָט אַ שמייכל געטון און געענטפערט:
— יאָ, ווי האָסטו געזאָגט? די לופט איז דאָ אָנגעזאַפּט מיט פאַרליבטקייט, געבענטשט זאָל זיין אַזאַ לופט! — האָט זי שטיל צוגעלייגט, און זי האָט אים אַ לאַשטשע געטון מיטן בלויען, ווייכן, פאַרחלומטן שמייכל פון אירע אויגן.

אין יענער נאַכט האָבן זיי פאַרבראַכט גאַנץ שפּעט אינ־דרויסן.

דערנאָך האָט זיך בערטאַ פּלוצלינג אָנגערופן:
— קום, דו וועסט נעכטיקן בײַ מיר אין צימער.

* *
*

אויף מאָרגן האָבן זיך די ווייבער פונם האָטעל געסודעט. מרס. יאַכנעטשיק, וואָס איר צימער איז אָפּגעטיילט געוועזן פון בערטאַס בלויז מיט אַ דין ווענטל, האָט צוערשט איינגערוימט אַ סוד מרס. ציפּאָרקעס, אַז אַ זייגער דריי נאָך האַלבער נאַכט איז זי צופעליק דורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר, האָט זי באַמערקט, ווי דער חתן איז אַרייננעגאַנגען צו דער כּלה אין צימער, איז זי מרס. יאַכנעטשיק, אַ בעלנטע געווען צו זעען, ווי לאַנג ער וועט דאָרט פאַרברענגען. איז זי געשטאַנען הינטער איר האַלב־געעפנ־טער טיר און געוואַרט, און געוואַרט, און דער חתן האָט פאַרגעסן אַרויסצוקומען פון דער כּלהס צימער. היינט אינדערפרי, ווען דער עולם האָט פאַרלאָזט די צימערן, איז זי געוועזן אַ בעלנטע ווידער צו היטן מיס פרידלאַנדס טיר; ערשט — וואָס דען? — זי האָט זיי

דערזעעןביידע אַריסטאָקראַטן אַזוי ווי צוויי האָלצן געווען מאַן און ווייב...

און באַלד האָבן וועגן דעם געוווסט מרס. בענדזשאַמין און אַנדערע ווייבער, און, פאַרשטייט זיך, אַז דער רעווערענד אויך. מרס. בענדזשאַמין האָט געטענהט, אַז וואָס עס גייט אָן צווישן חתן־כלה איז קיינעמס דאגה נישט; און מרס. יאַכנעטשיק האָט, פאַרקערט, געטענהט, אַז דאָ, ווו עס געפינען זיך אָנשטענדיקע פאַמיליענלייט האָט אַזעלכעס נישט געטאָרט פאַרקומען. און נאָך מער איידער מרס. יאַכנעטשיק האָט זיך געקאָכט מרס. ציפּאָרקעס: ס'טייטש, אַזאַ „דיסגרייס"*), אַזאַ „דיסגרייס" — האָט זי זיך געקאָכט; ביז מרס. בענדזשאַמין האָט זי גענומען אָן אַ זייט און גוטמוטיק איר געזאָגט: „מרס. ציפּאָרקעס, געוואָלט וואָלט נישט אַזוי וועגן דעם, וואָרים אויף אייך רעדט מען אויך גענוג!" האָט זיך מרס. ציפּאָר־קעס דאַן אַ כאַפּ געטון און איר געענטפערט: „אַרט עס מיך זייער, וואָס די אינדיאַנער און די אינדיאַנערקעס רעדן. איך וועל באַ זיי פרעגן, וואָס איך מעג טון און וואָס איך טאָר נישט, האַ? איך טו, וואָס מיר געפעלט, און זאָלן זיי רעדן!"

פונדעסטוועגן איז זי דערנאָך אַנטשוויגן געוואָרן און האָט מער וועגן דעם נישט גערעדט.

און דער רעווערענד האָט זיי אַליינען דערקלערט:

— הערט איר, ליידיס, איך האָב עס געוווסט. וואָרים אויף אַזאַ רשע מרושע האָט מען זיך געקענט ריכטן, אַז ער זאָל זיין אַ הולטאַי אויך. עס וווּנדערט מיך נאָר אויף דער כלה, הערט איר, סטייטש, אַזאַ רייך מיידל און אַ קלוגע און אַ געבילדעטע. איבער־הויפּט ווי קומט ער צו איר? איך וואָלט דאָך איר געקענט געבן, הערט איר, חתנים מיט גאָלד צוגלייך... אַי־אַי, אַ משוגענע צעלאָזטע וועלט!...

און עפּעטער האָבן שוין גערעדט וועגן דעם די מאַנסביל אויך, אָבער גוטמוטיק, מיט אַ שמייכל. יעדער פון זיי האָט זיך

---

*) חרפה.

געוויצלט און יעדער פון זיי האָט מער גערעדט פון בערטאַן און פון דעם, ווי שיין זי איז געווען, ווי פון ברויגשטיינען.

— ס'טייטש איז זי אַ בחרטע! — האָט גערעדט מיסטער קאָהען – איר הערט, דזשענטלמען, איך האָב אַמאָל געלעזן אַ שיינע געשיכטע אין אַ יידישן „פייפער", „יעקאַטערינע די ערשטע". זעט זי אויס ווי יענע יעקאַטערינקע! אי, אַ בחורטע! — האָט ער גערעדט, און פון יעדן גריבל פון זיין געשטופּלט פּנים האָט אַרויס־געשפּאַרט, האָט זיך געדאַכט, אַ ווילדע הנאה.

איז דערביי געווען מרס. קאָהען, האָט זי זיך צוגערוקט צו איר מאַן און אים איינגערוימט אַ סוד אויפן אויער:

— און מרס. ציפּאָרקעס מיט זשאַכנעטן זענען בעסער?

האָט ער איר געענטפערט אויך אויפן אויער:

— וואָס פאַרגינסטו אים נישט אַזאַ „מצאַצע"? קענן איר־ביסטו דאָך אפילו אַ „פּיקטשע"*) פון אַ ליידי!...

בלויז דאָקטאָר בענדזשאַמין האָט געשוויגן. די גאַנצע גע־שיכטע איז אים אָפּנים נישט אָנגעגאַנגען.

שפּעטער אַ ווײַלע זענען געזעסן, אָפּגערוקט פון די איבע־ריקע, מיסטער און מיסעס ציפּאָרקעס אונטער אַ בוים און זי האָט צו אים שטיל געטענהט מיט אַ שמייכל, כדי צו פאַרבאָרגן פאַר די אַנדערע איר אויפרעגונג:

— הער אויף, ווייז נישט, אַז דו ביסט אַן אינדיאַנער. מען קוקט אויף אונז. דו ביסט נאָך גערעכט?

און מיסטער ציפּאָרקעס איז געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט כסדר געקנאַקט מיט די ציין און מיט דער נאָז גע־פּייפט.

— וווּ ביסטו געווען די נאַכט? געזוכט דיך ביז נאָך דריי — האָט ער גערעדט.

— ווו ביסטו געווען? איך האָב דיך געזוכט — האָט זי אים געענטפערט — איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט צען מאָל.

---

*) אַ בילד.

אז איך האָב דיך געזוכט די גאַנצע צייט. מסתמא אַוועק מיט עמעצן. הא? אויסבאַהאַלטן זיך פון מיר, הא? און איצט קומסטו צו מיר נאָך מיט טענות, הא?

האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק אויפן גאַניק, און ער, איר מאַן, נאָך איר. פונם גאַניק איז זי דערנאָך פאַרשוווּנדן אין דער האָטעל־טיר, און מיסטער ציפּאָרקעס ווידער נאָך איר.

און שפּעטער זענען זיי ביידע ווידער אַרויסגעקומען אויפן גאַניק, ביידע רויִקע, מיסטער ציפּאָרקעס כמעט אַ שיינענדיקער, און זיי זענען גלייך צוגעגאַנגען צום טישל אויף דער לאָנקע, וווּ די מענער האָבן געשפּילט אין קאָרטן, יעדער מיט זיין ווייב לעבן זיך, און מרס. ציפּאָרקעס איז ווידער געווען די איינציקע פרוי, וואָס האָט געשפּילט מיט די מענער אין קאָרטן, און איר מאַן איז געזעסן הינטער איר און האָט זיך צוגעקוקט...

ברוינשטיין האָט דאַן געאַרבעט אין זיין צימער און בערטאַ איז אַוועק אַליין אין וועלדל אונטערן הויכן באַרג מיט אַ בוך.



נאָכמיטאָג איז דאָס געווען, דעם זעלביקן זונטיק.

בערטאַ און ברוינשטיין זענען געזעסן אויפן גאַניק און האָבן געקוקט אויף אַ פאָטאָגראַפיש בילד, וואָס אַ פאָטאָגראַפער פון אַ דערבייאיקן דאָרף האָט זיי נישט לאַנג געבראַכט.

אויף דעמדאָזיקן בילד איז בערטאַ געזעסן אויף אַ צווייג פון אַ בוים און ער, ברוינשטיין, איז געשטאַנען אין פאָדערגרונט און אירע ביידע הענט זענען אָנגעלענט געווען אויף זיינע אַקסלען, און ביידע האָבן פריילעך געקוקט אין דער ווייטקייט אַריין, אַזוי ווי אין זייער גליקלעכער צוקונפט אַריין.

פון די מענער איז איין דאָקטאָר בענדזשאַמין אַוועקגעפאָרן אין שטאָט. די איבעריקע האָבן געשפּילט אין קאָרטן, אַ חוץ מיסטער קאָהענען.

ער איז אַרומגעגאַנגען צווישן די ווייבער מיט אַן אָפּן שאַכטל קאָנפעקטן און האָט יעדע פון זיי מכבד געווען מיט קאָנפעקטן און מיט אַ גראַבן וויץ.

ער איז אויך צוגעגאַנגען צו בערטאַן מיטן שאַכטל און האָט געפרעגט:

— אפשר וועט איר היינט פאַרזוכן מיין קענדי?

און היינט האָט זי גענומען און אים באַדאַנקט.

איז מיסטער קאָהען דאַן געשטאַנען לעבן איר און ברוינשטיינען און אים האָט זיך שטאַרק געחלשט איר עפּעס אַריינצוזאָגן וועגן איר חתנס געכטיקן באַ איר אין צימער, נאָר גיי רעד, ווען דער חתן איז, צו אַלדי רוחות, אַ שרייבער אין די „פּייפּערס"...

האָט ער, צום סוף, געזאָגט עפּעס דעם חתן אַליין.

— נו? — האָט ער זיך געווענדט צו ברוינשטיינען און גנביש אַ ווונק געטון צו אים מיט אַן אויג.

— וואָס נו? — האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן.

— נו?... איך מיין, נו?... — האָט מיסטער קאָהען ווידער אַרויסגערעדט. און יעדעס גריבל פון זיין געשטופּלטן פּנים האָט כיטרע געלאַכט, האָט זיך געדאַכט.

דערנאָך האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון:

— אָבער איך שווייג. איך זאָג גאָרנישט. שאַ! אַ סוד.

איז אַוועק און האָט זיך צוריקגעקערט, מאַניענדיק ברוינשטיינען צו זיך מיט אַ האַנט.

איז ברוינשטיין צו אים צוגעגאַנגען.

— האָט איר געלייענט אַמאָל „יעקאַטערינאַ די ערשטע" אין די פּייפּערס? — האָט ער געפרעגט מיט אַ פאַרסודעטער מינע.

— ניין — האָט ברוינשטיין געענטפערט.

— גייט שוין, גייט, איר האָט געלייענט — האָט קאָהען זיך געשפּאַרט מיט אים — אַזאַ שיינע געשיכטע און איר וועט נישט לייקענען!

— נו, זאָל זיין איך האָב געלייענט, איז וואָס? — האָט ברוינשטיין געזאָגט.

— איז אייערע פּונקט יעקאַטע־ינקע! — האָט אים קאָהען דאַן דערקלערט.

„גייט מיר אין דר'ערד אַריין, איר אַלטער לץ!" — האָט ברוינשטיין צו אים אַ געשריי געטון אין די געדאַנקען, האָט זיך צוריקגעקערט צו בערטאַן און איר איבערגעגעבן, וואָס קאָהען האָט געזאָגט און זיי ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

הינטער זיי זענען געזעסן מיסטער און מרס. ציפּאַרקעס און ער האָט געלייענט עפּעס פון אַ צייטונג פאַר איר, און אָפּט אינ־מיטן לייענען, האָט זיך דאָס מויל באַ אים אַ דריי געטון אויף אַ זייט, ברייט זיך געעפנט און אַ כאַפּ געטון עפּעס פון דער לופטן און אַ קנאַק געטון מיט די ציין, אַזוי ווי ער וואָלט אַ פליג צע־קנאַקט, און דערנאָך האָט ער אַ פייף געטון מיט דער נאָז.

ביז בערטאַ האָט זיך אָנגערופן שטיל צו ברוינשטיינען:

— קום פונדאַנען. ער מאַכט מיך נערוועז.

זיי האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער און זענען אַוועק מיטן וועג צום רויטן באַרג.

איבערן רויטן באַרג האָט געשוועבט אַ רויקע העלקייט. דאָס וועלדל, צוגעטוליעט צו זיינע פיס, האָט געדרימלט רויק און עס האָט זיך געקענט אויסווייזן, אַז מען הערט זיין סודות־פולן, טונ־קעלן אָטעם.

פּלוצלינג האָט זיך דאָרט באַוויזן איבערן רויטן באַרג אַ קליין, שוואַרץ וואָלקנדל, און עס האָט גענומען שלינגען די אַרו־מיקע העלקייט, געשלונגען און געשלונגען, אַזוי ווי אַן אויסגע־הונגערטע חיה וואָלט מיט אירע ציין געריסן די דאָרטיקע העל־קייט און זי אַרונטערגעשלונגען, און אין עטלעכע מינוטן האָט עס זיך צעוואַקסן גרעסער און גרעסער, זייער גרויס און זייער שוואַרץ... און באַלד האָט זיך עס צעוואַקסן אין אַ מוראדיקער־שוואַרצער, רויכיקער חיה מיט אַ געוואַלטיק אומגעלומפּערטן גוף, וועלכע האָט מיט שרעקלעכע לאַפּעס זיך אָנגעשטעמט אין דעם שפּיציקן קאָפּ פון דעם באַרג, דעם ריז.

דאָס װעלדל האָט, װי פּאָר גרױס שרעק, אָנגעהױבן צו מורמ־לען, צו רױשן און צו שאָקלען זיך און צו שרײען מיט אַ טונ־קעלן געשרײ...

— אַ שטורם! קום צוריק! — האָט בערטאַ געזאָגט.

און ביז װאַנען זײ זענען צוגעגאַנגען צוריק צום האָטעל, האָט שױן געדונערט און געבליצט.

אױפֿן גאַניק זענען געזעסן דער רעװערענד און מיסטער און מיסעס יאַכנעטשיק, און מיסטער און מרס. קאָהען, און מיסטער און מיסעס ציפּאָרקעס און נאָך אַנדערע און האָבן זיך צוגעקוקט צום שטורם.

בערטאַ און בראָנשטײן האָבן זיך אױך דאָרט אַװעקגעזעצט אױף דעם אַנדערן עק פֿונם גאַניק און אױך זיך צוגעקוקט צום שפּיל פֿון דער נאַטור...

דונערן, אײנער נאָכן אַנדערן, אײנער שטאַרקער און רוגזה־דיקער פֿונם אַנדערן, האָבן זיך דאָרט צעשאָטן מיט אַ געפּילדער איבערן רױטן באַרג, און פֿון אַלע זײַטן האָט מען זיך אָפּגערופֿן אױף דעמדאָזיקן געפּילדער, אי דאָס װעלדל, אי די טאָלן, אי די בערג אַנטקעגן.

און מיטאַמאָל — װאַסער־לײלעכער האָבן גענומען פּלאַטערן איבערן רױטן באַרג מיט אַ רױשן און פּײַפֿן, פֿון בליצן באַבליאַס־קעט און פֿון דונערן באַהילכט. גאַנצע װאַסער־װענט האָבן זיך גע־דרײט און געטאַנצט אין דער לופֿטן מיט אַ װאַסער־געשרײ...

און אין אָט דער צײַט איז אַ מאַשין צוגעפֿאָרן צום האָטעל, און אַ פֿרעמדע פֿרױ איז פֿון איר אַרױסגעשטיגן און איז אַרױפֿ־געלאָפֿן אַ צעשראָקענע אױפֿן גאַניק, און די מאַשין איז דערנאָך אַרײַנגעפֿאָרן אין שטאַל הינטערן האָטעל, כּדי זיך צו באַהאַלטן פֿונם שטורם.

נישט בערטאַ און נישט בראָנשטײן האָבן זיך אומגעקוקט אױף דער פֿרױ, װאָס דער שטורם האָט זי אַהין פֿאַרטראָגן. זײערע אױגן זענען ממש צוגעשמידט געװען צו דעם שפּיל פֿון דער נאַטור.

און מיטאַמאַל — דער שטורם איז אַזוי פּלוצלינג אַוועק, ווי ער איז געקומען.

ווידער האָט דער רויטער באַרג געבאָדן זיין גרין־בליאַס־קענדיקן קאָפּ אין ווייכער העלקייט. אונטן זענען געלעגן נאָך שטיקער ווייסע כמאַרעס. ווי קופּעס שניי, זענען זיי איצט צעגאַנ־גען אין ווייסן רויך, וואָס האָט זיך געצויגן און געדרייט און געפּויזעט אַרום די שפּיצן ביימער אַלץ אַרויף און העכער.

און נאָך אין אַ ווײַלע אַרום איז שוין דאָרט קיין סימן פון כמאַרעס בישט געווען, קיין געדעכעניש פון ווייסן רויך. אַלצדינג דאָרט האָט געהעלט און געגרינט, און געשמייכלט מיט אַ יום־טובדיקער מינע, האָט זיך געדאַכט.

בערטאַ איז געווען באַגייסטערט. זי האָט געפּליסטערט:

— גאָט, וואָס פאַר ווונדערלעך בילד!

מיטאַמאַל האָט זי דערהערט הינטער זיך אַ געמורמל און זשאַכנעטס לאַכענדיקן אויסגעשריי: „אָ, באָי!"

זי און ברוינשטיין האָבן זיך אומגעקוקט און דערזעען די פרעמדע פרוי, וועלכע האָט זיך דאָ באַהאַלטן פונם שטורם. אַ דיקע יידענע מיט אַ צווייגאָרנדיקער גאָמבע איז געשטאַנען אויפן צווייטן עק גאַניק. און אַרום איר זענען געשטאַנען מרס. יאַכנע־טשיק מיט גרויסע פאַרוווּנדערטע אויגן, און איר מאַן מיט אַ שמייכל, און דער רעוורענד מיט אויגן אויסגעגלאָצטע, ווי באַ אַן אָקס, און מיסטער קאָהען מיט אַ ווייט־געעפנט מויל, און זיין ווייב מיט פאַרבראָכענע הענט, און מיסטער און מרס. ציפּאָרקעס אויך מיט פאַרוווּנדערטע מינעס, און זיי אַלע האָבן געקוקט אויף בער־טאַן און ברוינשטיינען.

דאַן האָט בערטאַ זיך אַ כאַפּ געטון:

— זע נאָר, דאָס איז דאָך זי, פון יענע פאַרם, וועלכע האָט געציילט מיינע מענער! ווי — האָט זי צוגעלייגט מיט אַ שמייכל — זי האָט זיי דאָרט שוין איבערגעגעבן וויפיל איך האָב דאָרט געהאַט... זע נאָר, זע, ווי זיי קוקן אַלע אויף אונז!

און דערווייל האָט די דיקע פרוי דאָרט אויפגעכאַפּט בער טאַס שמייכל, האָבן אירע אויגן אַזוי ווי אַ שפּריץ געטון אויף איר אַ גאַנצן שטראָם מיט פאַראַכטונג, און בערטאַ האָט זיך נאָך מער צעשמייכלט און געקוקט יענער גלייך אין פּנים.

דאַן האָט זיך יענע אויסגעדרייט מיט דעם רוקן צו בערטאַן.

ברוינשטיין איז נערוועז געוואָרן. ער האָט באַמערקט, אַז זיי אַלע דאָרט, בפרט די מענער, האָבן איצט געקוקט גאַנץ אַנדערש אויף בערטאַן. אין זייערע אויגן און אין זייערע שמייכלען, וואָס זיי זענען אויף בערטאַן געווענדט געווען, האָט ער באַמערקט עפּעס חוצפּהדיקס און ברודיקס, לכל הפּחות, אַזוי האָט זיך אים איצט אויסגעגעבן...

— קום, זאָלן מיר אַוועק פונדאַנען! — האָט ער שטיל זיך אָנגערופן צו בערטאַן — איך וואָלט זיי צעלעמען אויסגעפּאַטשט!

אַז אין אָט דער צייט האָט די דיקע פרוי עפּעס דערציילט און אַ ליאַרמדיק געלעכטער האָט דאָרט אויסגעבראָכן צווישן די מע־נער.

מיסטער קאָהען האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער; מיס־טער יאַכנעטשיק האָט געהודיעט, ווי אַ גלאָק, אויף זיין באַסאָווע קול. מיסטער זשאַכנעט האָט אַ וואָרף געטון זיין פּאַנאַמאַ־הוט איבע־רהייך און אויסגעשריגן: „אָ, באַי!" און מיסטער ציפּאָרקעס האָט אויך געלאַכט און פאַר גרויס געלעכטער האָט ער געכאַפּט פליגן מיטן מויל און געפּייפּט מיט דער נאָז.

פון די מענער האָט בלויז דער רעוורענד נישט געלאַכט; ער איז געשטאַנען מיטן פּנים צו בערטאַן און האָט געקוקט אויף איר מיט שטאָלענע אויגן, די ברייטע אַקסלען הויך פאַרריסן.

מרס. ציפּאָרקעס האָט זיך געסודעט מיט מרס. יאַכנעטשיק, וואָס בײַ איר אויפן פּנים איז אויסגעגאָסן געווען אַ גרויסער שטו־מער „גוואַלט", און מרס. קאָהען האָט איצט געקוקט פון דער זייט אויף דעם רעוורענד מיט אַזאַ מינע אויף איר קעלבערנעם פּנים, וועלכע האָט ווי גערעדט: „נו רעוורענדל, וואָס זאָגט איר עפּעס דערצו, האַ?"...

ברוינשטיינען האָט געהויבן פונם אָרט. אים האָט זיך אויס־געוויזן, אַז זייערע בליקן און זייערע שמייכלען און זייער געלעכ־טער באַשפּריצן בערטאַן און אים מיט ברודיקע שטראָמען, אָ־בער־הויפּט בערטאַן...

און ער האָט זיך ווידער אָנגערופן שטיל און נערוועז צו בערטאַן:

— קום אַוועק פונדאַנען. מיר איז פּיינלעך דאָ צו זיצן!

זי האָט אַרויסגערעדט מיט אַ שמייכל:

— וואָס פאַר אַ קינד דו ביזט! קום, מיר וועלן גיין צו מיר אין צימער.

און זיי זענען אַוועק.

אינם צימער זענען זיי געשטאַנען באַם פענצטער, ברוינ־שטיין נאָך אויפגערעגט און זי מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל, און האָבן געזען, ווי די פרעמדע דיקע פרוי איז אָפּגעפאָרן אויף איר אויטאָמאָביל, און געהערט, ווי די מענער אויפן גאַניק האָבן דערנאָך געליאַרמט און געלאַכט.

קלאָר האָט זיך צו זיי דערטראָגן פונם גאַניק פריער מיס־טער קאָהענס קול:

— נישט קיין נאַרישער חברה־מאַן! און איך האָב געמיינט, אַז די שרייבערלעך זענען יאָלדן... אַי, אַי, אַזאַ יעקאַטערינ־קעלע! ...

— איך וועל אים פּאַטשן! — האָט אַרויסגעמורמלט ברוינ־שטיין.

— שטער נישט — האָט זיך אָנגערופן צו אים בערטאַ מיט לאַכענדיקע אויגן — קינד, דו ווייסט גאָרנישט, ווי דאָס אַמו־זירט מיך.

האָט ברוינשטיין זיך נערוועז אַ כאַפּ געטון:

— און מיר טוט עס וויי, עס באַליידיקט מיך.

בערטאַ האָט זיך צעלאַכט.

— ווי טראַגיש! דאָס איז דאָך אָבער אַ קאָמעדיע, דו נאַר!...

און דאַן האָט זיך דערהערט פונם גאַניק דעם רעדנדס קול:

— איך זאָג אייך, לײדיס און דזשענטעלמען, אַז מיך האָבן זיי נישט געגאַרט. איך, הערט איר, האָב באַלד פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַן אשה זי איז. וואָרים וואָלט זי באמת געווען אַ טאָכטער פון אַ רייכן טאַטן, וואָלט זי זיך משדך געווען מיט אַ שרייבערל? וואָלט זי נישט געקענט קריגן אַ לייטישן חתן, אַ ביזנעסמאַן? איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, הערט איר!

ברוינשטיין האָט אַרונטערגעלאָזט דאָס פענצטער מיט אַ ליאַרם.

— פאַרוואָס האָסטו צוגעמאַכט? — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן.

— איך קאָן נישט הערן, איך קען נישט. ווען איך קען מיט אַ שטעקן אָט די חזירים, אָט די כלבים... בערטאַ, טו מיר אַ טובה, זאָלן מיר זיך היינט איינפּאַקן און מאָרגן פאָרן...

— ביסט משוגע? אַנטלויפן פון אָט די לצים? נישט איך!

— איך בין אָבער זיכער, אַז זיי וועלן זיך איצט האַלטן חוצפּהדיק מיט דיר — האָט ברוינשטיין ווידער אַרויסגערעדט געררעוועז.

— הלוואי טוען זיי דאָס! זיי וועלן בײַ מיר דאַן האָקען, ווי היינט, און בלייבן שווייגען און אידיאָטן!

ער האָט זיך דאַן אַ כאַפּ געטון אַ צעמישטער.

— וואָס ווילסטו טון, בערטאַ?

— איך וועל נאָר אַ ביסל אַ פלירט טון — האָט זי געפענטפערט רויק און מיט אַ שמייכל.

— אָט מיט די גבזות?...

— יאָ, נאָר מיט אָט די גבזות!

האָט זיך בײַ אים אַרויסגעריסן:

— דו וועסט עס נישט טון! דאָס פּאַסט נישט פאַר דיר און פאַר מיר אויך נישט!

— אָ, פאַר דיר פּאַסט עס נישט? סיידן אַזוי! — האָט זי

זיך מיטאַמאָל אָנגערופן מיט איראָניע, און צוגעלייגט — מיין צו־קונפטיקער געביטער, אפשר וואָלסטו מיר שוין געזאָגט, וואָס עס פּאַסט יאָ פאַר דיר, אַז איך זאָל עס טון, און וואָס נישט? ערנסט, ברוינשטיין, אַ נישט וועסטו זיך זיכער דאַרפן שעמען מיט מיר.

זי האָט זיך געזעצט אויפן בעט און האָט פאַררייכערט אַ ציגאַרעט און ער האָט געשפּרייזט איבערן צימער הין און צוריק און אויפגערעגטער.

דאַן האָט ער זיך ווידער אָפּגעשטעלט און אַרויסגערעדט צו בערטאַן מיט געבעטס אינעם קול:

— זאָלן מיר פאָרן קיין ניו־יאָרק, בערטאַ...

— נישט פריער פון קימענדיקער וואָך — האָט זי געענט־פערט — פאַר אַליין אָן מיר, אויב דו ווילסט פאָרן מאָרגן אָדער היינט...

— בערטאַ, פאַרוואָס רעדסטו אַזוי?

— איך רעד דאָס, וואָס איך מיין — האָט זי געענט־פערט.

האָט ער געשוויגן, געשטעלט זיך בײַם פענצטער, אַרויסגע־קוקט און נערוועז געפייפט.

— עפן דאָס פענצטער! — האָט בערטאַ דאַן געזאָגט.

האָט ער זי געפאָלגט, און געבליבן שטיין בײַם אָפענעם פענצטער און האָט ווייטער געפייפט.

— הער אויף צו פייפן! — האָט זי דערנאָך זיך ווידער אָנגערופן.

האָט ער זיך דאַן אַ קער געטון צו איר און אַרויסגערעדט:

— איז וואָס בלייבט?

— עס בלייבט, אַז מיר וועלן זיך אפשר אַ ביסל אַמוזירן מיט די דזשענטלליים, פון וועלכע דו ווילסט אַנטלויפן — האָט זי געענטפערט, און באַמערקט, ווי ער האָט געקוקט אויף איר, האָט זי זיך גוטמוטיק צעלאַכט.

— דו לאַכסט, האַ? — האָט ער אַרויסגעמורמלט.

איז זי דאַן אַרונטערגעשפּרונגען פונם בעט און צו אים צו־געלאָפן.

— ווי אומגליקלעך דו זעסט אויס! — האָט זי געלאַכט, איז אַרויפגעלייגט אירע ביידע הענט אויף זיינע אַקסלען און האָט אים אַריינגעקוקט אין פּנים — און אַלץ דערפאַר, ווייל דו ווילסט נישט, אַז איך זאָל זיך אַמוזירן אַ ביסל מיט יענע?

— ווייל איך וויל נישט, אַז אַ שפּרינקעלע זאָל אויף דיר פאַלן — האָט ער ווי איבערגעשלאָגן.

— עס וועט נישט פאַלן. עס קען נישט פאַלן אויף מיר. ברוינשטיין — האָט זי גערעדט ווייטער — זיי נישט אַזאַ גרויס קינד. האָב איך דיר געשטערט, ווען דו האָסט זיך נאַריש געמאַכט מיט זיי? לאָז מיך אויך אַ ביסל נאַריש מאַכן. זאָל דיר דאַכטן, אַז איך בין דיין העלדין אָקטיאַברינאַ, פאַרגין מיר כאָטש אַ ביסעלע פאַרגעניגן!...

— הער אויף צו לאַכן פון מיר! — האָט ער אויפגערעגט אַ געשריי געטון.

איז זי דאַן אָפּגעטרעטן פון אים, האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל און דערנאָך אים אַפּלאָדירט.

— בראַוואָ, דו האָסט אַ פיין קול! — האָט זי זיך אָנגערופן גוטמוטיק.

האָט ער זיך דאַן אַוועקגעזעצט אויף דער איינציקער שטול אינם צימער לעבן טישל און שיער נישט גענומען קרעכצן פאַר אומבאַהאָלפנקייט.

ער, מיט זיין נערוועזן, היציקן כאַראַקטער, האָט זיך איצט אָנגעשלאָגן אָן איר רויקייט און איר שפּאָט, ווי מיטן קאָפּ אָן אַן אייזערנער וואַנט.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט הינטער דער טיר מיסטער זשאַכנעטס קול:

— אָ, באָי!...

און דאַן אַ געלעכטער פון אַן אַנדערן מאַן.

בערטאַס פּנים האָט זיך פּלאַם־פייער אָנגעצונדן, און אירע

אויגן האָבן ממש בלויע פונקען גענומען שפריצן. זי האָט אַרויסגע־מורמלט:

— ס'האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט!...

האָט זיך מיטאַמאָל צעשמייכלט און איז אויף די שפּיץ פינ־גער צוגעגאַנגען צו דער טיר, האָט זיך צוגעבויגן צום שליסל־לאָך און אַריינגעקוקט.

דאַן האָט זי זיך אויסגעגלייכט, אַ קער געטון זיך צו ברוינ־שטיינען און זיך אָנגערופן הויך אויפן קול:

— דו ווייסט, פון די אַלע דזשענטללייט דאָ אינם האָטעל געפעלט מיר אַמבעסטן מיסטער קאָהען. וואָס? ער איז אַלט? ניין, דאָס ווייזט זיך דיר אויס. אין מיינע אויגן איז ער נאָך גאָר אַ דזשענטעלמאַן!

ברוינשטיין האָט געקוקט אויף איר צעטומלט.

און זי האָט גערעדט ווייטער:

— און מיסטער זשאַכנעט? ער איז אַ ביסעלע אידיאָטיש, אָבער דערפאַר אַזאַ שיינער מאַן: איך וואָלט זיך געקענט אין אים פאַרליבן!

— אָ, באָי! — האָט זיך חידער דערהערט זיין קול פון הינטער דער טיר.

ברוינשטיין האָט זיך אַ ריס געטון פון זיין אָרט און איז צו־געגאַנגען צו דער טיר מיט אַ צעפּלאַמט פנים.

בערטאַ האָט אים אַ כאַפּ געטון באַם אָרעם.

— וווהין? וואָס ווילסטו טון? האָט זי געפרעגט.

— אויספאַסשן! — האָט ער געענטפערט פאַרשטיקט און פאַר אויפרעגונג שווער געאָטעמט — אַזאַ חוצפה! ווי וואַגן זיי!...

— פּאַטש זיך נישט, זשאַכנעט איז געזונטער פון דיר — האָט בערטאַ געזאָגט מיט אַ שמייכל — דאָס לאָז איבער פאַר מיר. באַ מיר וועלן זיי שוין אַליין זיך גוט אויספאַסשן!

האָט ער זיך גענומען בעטן באַ איר:

— נישט דו, נישט דו, איך בעט דיך. לאָז זיך נישט אַריין מיט זיי. זאָלן מיר אַוועקפאָרן, און אַ סוף! דו זעסט דאָך שוין

וואָס פאַר אַ נבזות. ווי קאָן עס דיר אָנשטיין ? דו ביסט דאָך בערטאַ!...

— ניין — האָט זי געענטפערט מיט עקשנות אינם קול — זיי מוזן באַ מיר קריכן אויף אַלער פיר, ווי די גוטע חזירים...

— אָבער פאַרשטיי דאָך — האָט ער געפּרוווט ווייטער טענהן — פּאַסט עס פאַר דיר ? דאָס וואָלט געפּאַסט פאַר אַ מרס. יאַכנעטשיק. הער אויס — האָט ער דאַן אַ געשריי געטון — אויב דו טוסט עס, דאַן האָב איך פאַר דיר מער קיין רעספּעקט נישט...

האָט זי זיך ווידער צעלאַכט און געענטפערט:

— איך וועל דאָס טון, און דו האָב נישט קיין רעספּעקט פאַר מיר!

— אויב אַזוי, ווייס איך נישט, וואָס פאַר אַ פרוי דו ביסט, קען איך דיך גאָרנישט, בערטאַ! — האָט ער ווידער אויסגעשריגן, איצט כמעט פאַרצווייפלט.

האָט זי דאַן מיט אַ רויקן שמייכל באַמערקט:

— פאַר מיר איז דאָס קיין נייעס נישט, אַז דו קענסט מיך נישט.

האָט ער זיך דערנאָך אַוועקגעזעצט אויף דער שטול מיט אַ מינע פון אומבאַהאָלפנקייט.

דאַן האָבן זיי מער נישט גערעדט. בערטאַ האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט און געלייענט אַ בוך. ברוינשטיין איז אַ ווײַלע געזעסן און דערנאָך אַוועק צו זיך אין צימער, האָט דאָרט פאַרבראַכט אַ ווײַלע און איז ווידער אַרייַנגעקומען צו בערטאַן אין צימער מיט אַ צייטונג אין דער האַנט, געזעצט זיך אויף דער שטול, געריכערט נערוועז איין ציגאַרעטל נאָכן אַנדערן און אַרייַנגעקוקט אין דער צייטונג.

און מיטאַמאָל האָט זיך צו זיי דערטראָגן פון דעם צווייטן צימער, וואָס עס האָט געהערט צו מרס. יאַכנעטשיק, איר קול:

— סאָטש עי נאָירוו, אַזאַ חוצפּה... גיט זיך נאָך אַרויס פאַר אַ טאָכטער פון אַ רייכן מאַן!...

און דאַן האָט זיך דערהערט מרס. בענדזשאַמינס קול:

— און אפשר יאָ? איר ווייסט, אַז נישט?...

— אַ רייך מיידל וועט זיך נישט אַרומשלעפּן מיט אַ יידיש שרייבערל...

— פאַרוואָס נישט? אויב זי ליבט אים — האָט זיך ווידער דערהערט מרס. בענדזשאַמינס קול.

בערטאַ האָט זיך שטיל איפּגעזעצט אויפן בעט און אַ ווונק געטון צו ברוינשטיינען מיט די אויגן. און ער האָט אויפגערעגט אַ קוק געטון אויף איר און באַלד אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון איר.

מרס. יאַכנעטשיקס קול האָט געקוויטשעט ווידער:

— און וואָס יענע פרוי האָט דערציילט, אַז זי האָט קיין מאַן נישט דורכגעלאָזט אויף יענער פאַרם?

— נאַרישקייטן! — האָט געענטפערט מרס. בענדזשאַמינס קול — וואָס ווייבער רעדן!

— איר האָט געדאַרפט הערן, וואָס די פרוי האָט דערציילט!

— איך גלייב דאָס נישט. זי מאַכט נישט אַזאַ איינדרוק. אפשר האָט זי דאָרט אַ שפּאַס געטון מיט וועמען, — רעדט מען שוין. איך האָב אַמאָל אויך ליב אַ שטיף צו טון מיט אַ מאַן, דער־פאַר איז וואָס? מען רעדט? זאָל מען רעדן! ווער קימערט זיך פאַר די רייד. דו ווייס נאָר באַ זיך אַליין, אַז דו ביסט אָנשטענ־דיק, דאַרף דיך נישט אַרן, וואָס בייזע ווייבערישע צינגער רעדן — האָט פון דאָרט זיך געטראָגן מרס. בענדזשאַמינס קול.

בערטאַ האָט שטיל אַרויסגערעדט מיט אַ שמייכל:

— פאָרט אַמאָל געווען באַם רוסישן צאַר אויף פריי־קעסט!...

— און מיך אַרט עס יאָ — האָט זיך ווידער דערהערט דער קוויטש פון מרס. יאַכנעטשיק — איך וויל נישט, אַז מיין מאַן זאָל קומען אין אַ פלאַץ און טרעפן אַזאַ פרוי.

בערטאַ האָט אַ לאַך געטון אין זיך.

— כאָ־כאָ־כאָ! — האָט זיך דערהערט פון מרס. יאַכנע־טשיקס צימער אַ געלעכטער, ווי אַ דונער, און תיכף מרס. יאַכנע־טשיקס קול ווידער:

— דו לאַכסט? איך ווייס, אַז דו ביסט נישט דאַקעגן. אַזאַ פרוי פאַר דיר איז דאָך אַ „פּיקניק”...

— טפוי! — האָט ברוינשטיין אַ שפּיי געטון און באַגראָבן זיין פּנים טיף אין דער צייטונג.

— ע ביוטי!*) — האָט זיך ווידער דערהערט דאָס באַסאָוועקול און דערנאָך דער דונער־געלעכטער.

— איך ווייס, אַז אַזעלכע געפעלן דיר בעסער, ווי דיין ווייב — האָט זיך דאָרט צעקוויטשעט נאָך העכער מרס. יאַכנעטשיקס קול — יענע לײדי איז דיר אויך בעסער געפעלן געוואָרן לעצטן יאָר, אין דער קאָנטרי. איך וועל זאָגן מיסטער עטקינען, זי מוז אַוועק פונדאַנען, אַנישט פאַרלאָזן מיר זיין האָטעל.

— כאָ! כאָ! כאָ! — האָט געדונערט דאָס געלעכטער דאָרט.

— פונדעסטוועגן, מרס. יאַכנעטשיק, נאַריש דאַרפט איר נישט זיין. איר האָט קיין רעכט נישט צו רעדן אַזוי פון מיס פרידלאַנד. אויב זי איז טאַקע יענע פרידלאַנד, וועלכע רעדט אויף די פאַרזאַמלונגען, דאַרפט איר אַזוי וועגן איר נישט רעדן — האָט זיך דאַן ווידער דערהערט מרס. בענדזשאַמינס קול.

— ווער רעדט וועגן איר? מיר שטייט גאָרנישט אָן צו רעדן וועגן אַ פרוי, וואָס זי פּריידיקט פרייע ליבע! אָבער איר קענט נישט מיינעם. וואָס מיינט איר, טראַכט ער איצט? וועגן וועמען? איך קען אים שוין, נישקשה! — האָט זיך דערהערט מיטאַמאָל מרס. יאַכנעטשיקס געוויין.

בערטאַ האָט זיך גענומען קאַטשען אויפן בעט און געשטיקט אין זיך דאָס געלעכטער. און ברוינשטיין האָט זיך געביסן די פינגער פאַר אויפרעגונג און נערוועזיטעט.

---

*) אַ פּערשױן.

דאָן איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. בערטאַ איז אָראָפּגעקראָכן פונם בעט.

— נו, מענטשעלעך! — האָט זי זיך צעלאַכט, און פאַרריכערט אַ ציגאַרעט.

און דאָס, וואָס זי איז געזעסן אַזוי רויק און קאַלטבלוטיק; דאָס, וואָס זי האָט, ווי ער האָט געזעען, זיך נאָך אַמוזירט מיט דעם, האָט ברוינשטיינען אמתן ווייטיק פאַרשאַפט.

ער האָט בײַ זיך געטראַכט:

„אמת, אַ פרייע פרוי, אַ זעלבסשטענדיקע פרוי, אָבער, געוואַלד געשריגן, ווי עקלט זי נישט פון אָט דעם שמוץ; און ווי קאָן זי נאָך טראַכטן וועגן אַרײַנצולאָזן זיך מיט אַזעלכע נפשות, אַז זיי זאָלן איר גאַכלויפן, ווי חזירים!“

און ווידער האָט ער זיך אָנגערופן צו איר:

— בערטאַ, איך בעט דיך, זאָלן מיר מאָרגן פאָרן...

האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון:

— ברוך הבאים! שוין לאַנג דאָס נישט געהערט פון דיר! דו ווייסט? מיר ווייזט זיך באַלד אויס, אַז דו און מרס. יאַבנעטשיק וואָלטן געווען גאָר אַ פיין פּאָרל...

איז ער מיטאַמאָל אויפגעשפּרונגען.

— אויב אַזוי, פאָר איך אַליין. איך גיי זיך אײַנפּאַקן.

— געזונטערהייט — האָט זי געזאָגט.

איר ענטפער, און נאָך, איר רויקער טאָן, האָט אים אײַנגאַנצן צעמישט.

איז ער געשטאַנען און האָט געקוקט אויף איר און געשוויגן, דערנאָך האָט ער ווידער אַרויסגערעדט:

— דו ווילסט באמת, אַז איך זאָל פאָרן?

— איך האָב דיר געזאָגט: געזונטערהייט — האָט זי געענטפערט.

— און דו וועסט טאַקע בלייבן דאָ?

— יאָ — האָט זי געענטפערט פאַרעקשנט.

— אויב אַזוי, ביסטו נישט בעסער פון זיי! — האָט ער אַ געשריי געטון מיט ווייטיק — ווען זייער שווינערײַ און גראָבקייט

באַליידיקן דיך נישט און דו ווילסט זיך נאָך אַמוזירן מיט זיי!...

אידע אויגן האָבן אַ פלאַם געטון, און זי האָט זיך אָנגערופן:

— הער נאָר, איך האָב דיך נישט גענומען פאַר מיין דערציער; איך דאַרף נישט קיין ווענ-ווייזער; איך טו, וואָס איך וויל און איך לעב, ווי מיר געפעלט: און אויב עס געפעלט דיר נישט, קאָנסטו טון, ווי פאַר דיר איז בעסער. מיר זענען, דאַכט זיך, פרייע מענטשן. און איצט קאָנסטו פאָרן, צי מיט אַ זיי געזונט, צי אָן אַ זיי געזונט!...

ער האָט אַרויסגעמורמלט:

— אָלרייט!

און ער איז אַרויסגעלאָפן.

בערטאַ האָט אַ ווײַלע געוואַרט, און ווען זי האָט שוין מער זיינע טריט נישט געהערט, האָט זי פּאַוואָליע געעפנט די טיר און אַרויסגעקוקט אין קאָרידאָר אַריין. דאַן האָט זי צוריק צוגעמאַכט די טיר און גענומען שפּרייזן איבערן צימער הין און צוריק, און קענטיק איז געווען, אַז אינגאַנצן רויק איז זי נישט געווען.

עס האָט זי פאַרדראָסן, הלמאי זי האָט גערעדט אַזוי צו אים, נישט דערפאַר, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט אַוועקפאָרן — אַז ער וועט נישט פאָרן אָן איר, איז זיכער געווען — נאָר מחמת זי האָט געוווּסט, אַז ער וועט איצט ליידן. און זיינע ליידן האָבן איר וויי געטון, וואָרים זי האָט אים ליב געהאַט, ליב געהאַט מיט אַ ליבע, וואָס איז נאָך יונג און פריש געווען.

אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי געטראַכט:

אַנדערש האָט זי נישט געדאַרפט, נישט געטאָרט האַנדלען. זי דאַרף אים לכתחילה צוגעוויינען, אַז ער זאָל איר קיין דעות נישט זאָגן און אַז ער זאָל וויסן, אַז זי טוט, וואָס איר געפעלט. וואָרים ער איז אַ גרויס קינד, אַ מענטש מיט נישט קיין איינגעשטעלטן כאַראַקטער, אפשר דערפאַר, ווייל ער איז אַ דיכטער מיט

אַ רייכער פאַנטאַזיע, און גאָט ווייסט, וואָס אים קאָן זיך אַמאָל אויסווייזן, דאַן וועט ער מוטשען אי זיך, אי זי... ניין, ער דאַרף לכתּחילה וויסן, אַז זי וועט אים קיינמאָל נישט דערלויבן אַרויפ־צוצווינגען אויף איר זיין ווילן.

אמת, ער איז טאַקע גערעכט. עס איז אַ באַליידיקונג צו האָבן אַן עסק מיט יענע. און הגם ביז אַהער האָט זי תּמיד מיט אַ באַזונדערער מין בייזער הנאה אַרומגעפּלירטעוועט מיט אַזעלכע, ווען זי האָט זיך געפילט באַליידיקט פון זייער זוכן זי, כּדי זיי זאָלן בײַ איר צום סוף בלייבן ווי אויסגעפּאַטשטשע; דאָך וואָלט זי דאָס מאָל, קאָן זיין, סוף כּל סוף קיין אויפמערקזאַמקייט זיי נישט גע־שענקט צוליב אים, בּרוינשטיינען, ווי ער וואָלט עס פון איר אַזוי נישט געפאָדערט. איצט קאָן זי אים דאָס נישט נאָכגעבן, זי דאַרף נישט, זי טאָר נישט; דאָס גרויסע קינד דאַרף לכתּחילה וויסן אַ גרענעץ...

עמעצער האָט שטיל אָנגעקלאַפּט אין איר טיר.

בערטאַ האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— אַריין!

מרס. בענדזשאַמין איז אַריינגעקומען מיט איר האַרציקן שמייכל.

— שטער איך נישט? — האָט זי געפרעגט.

— ניין, ניין - האָט בערטאַ געענטפערט פריינטלעך.

— איך וויל אייך עפּעס פרעגן — האָט מרס. בענדזשאַמין זיך דערנאָך אָנגערופן — זענט איר די באַוווּסטע בערטאַ פריד־לאַנד?

בערטאַ האָט אַ שמייכל געטון און געענטפערט:

— די באַוווּסטע? איך ווייס נישט, ווי ווייט איך בין באַוווּסט, אָבער די בערטאַ פרידלאַנד בין איך, וואָס איר מיינט.

— דאַן וויל איך אייך דריקן נאָכאַמאָל די האַנט — האָט מרס. בענדזשאַמין געדריקט בערטאַן די האַנט — איצט באַזונדערס פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגן אייער באַקאַנטשאַפט. און איר האָט דאָס מיר גאָר קיינמאָל נישט געזאָגט...

— וואָס האָב איך דען געזאָלט זאָגן? זיצט, מרס. בענדזשאַ־

מין, איך האָב געהערט, ווי איר האָט זיך אָנגענומען פאַר מיר...

— איר האָט געהערט?...

— מרס. יאַכנעטשיק האָט אַזוי געשריגן אין איר צימער, אַז מען האָט דאָ געהערט יעדעס וואָרט...

מרס. בענדזשאַמין האָט זיך צעלאַכט.

— ווי איז מיר — האָט זי געזאָגט — און איר האָט אַלצ-דינג געהערט? איר ווייסט, זי איז אַ ווילדע פרוי. האָט ליב איר מאַן נישט ווי אַ מענטש, נאָר ווי אַ חיה. איז אייפערזיכטיק צו יעדן בליק, צו יעדן געדאַנק זיינעם. טוט ער אַ קוק אויף אַן אַנ-דערער פרוי, וואָלט זי דערהרגעט אי זיך, אי יענע, אי אים. דער-פאַר דאַרפט איר נישט שענקען קיין אויפמערקזאַמקייט צו דעם, וואָס זי רעדט.

און דאָס האָט געפירט דערצו, אַז בערטאַ מיט איר האָבן זיך דערנאָך צערעדט וועגן אייפערזוכט בכלל.

— איך קען אַ שרייבער — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן — וועלכער שרייבט איצט אַ ווערק, וווּ צווישן אַנדערע פּראָבלעמען באַרירט ער אויך דאָס פּראָבלעם אייפערזוכט. וויל האָבן אָט דער שרייבער, אַז אייפערזוכט איז נישט מער ווי אַ פּראָדוקט פון די פאָראורטיילן פון דער פאַרגאַנגענער צייט און אַז דער פרייער מענטש וועט נישט וויסן פון אָט דעם געפיל.

— איך מיין אויך אַזוי — האָט מרס. בענדזשאַמין געזאָגט — וואָרים אייפערזוכט איז אַ פּראָדוקט פון דעם, וואָס מאַן און פרוי קוקן איינער אויפן אַנדערן, ווי אויף זייער פּריוואַט-אייגנטום, און אַזוי ווי אין דער צוקונפט וועט דער פרייער מענטש...

— נישט וויסן פון פּריוואַט-אייגנטום — האָט בערטאַ אונ-טערגעכאַפּט מיט אַ שמייכל — מיין איך טאַקע — האָט בערטאַ גערעדט ווייטער — אַז דאָסדאָזיקע מין פּריוואַט-אייגנטום, דאָס האַרץ-פּריוואַט-אייגנטום, וועט נישט אָפּגעשאַפט ווערן אויך אין דער צוקונפטיקער פרייער געזעלשאַפט. יעדער פון אונז טראָגט עס אינם בלוט — סיי די אַלטע, מרס. קאָהען, סיי מרס יאַכנע-טשיק און סיי זייערע דזשענטללייט, און סיי דער אינטעליגענטער מענטש, און סיי אפילו קליינע קינדער. און יעדער וועט עס טראָגן

אין זיין בלוט אין דער צוקונפטיקער פרייער געזעלשאַפט. דאָס איז איינע פון יענע אור־אייגנשאַפטן אין דעם מענטש, וואָס מיט קיין נייעם לעבנס־סדר וועט מען זי נישט קאָנען אָפּשאַפן, ווי מען וועט נישט קאָנען אָפּשאַפן די אייגנשאַפט צו טרויערן נאָך אַ פאַר־שטאָרבענעם, וואָס ער איז דיר נאָענט און טייער געווען; צי די אייגנשאַפט צו בענקען, צי די אייגנשאַפט צו קרעכצן, ווען עס טוט דיר וויי. נאַטירלעך, באַ פאַרשידענע מענטשן וועט זי זיך אויסדריקן אויף אַ פאַרשידענעם אופן — באַ אַ מרס. יאַכנעטשיק אויף אַ ליאַרמדיקן אופן און באַ אַנדערע אויף אַ געדריקטן אופן, דורך פאַרשטשעמעטע ציין; אָבער זי וועט מוזן אויסגעדריקט ווערן, מחמת זי וועט זיין אויך אין דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט, אויך באַ די פרייסטע מענטשן...

מרס. בענדזשאַמין האָט זיך אָנגערופן:

— אפשר... ווער ווייסט?...

— קומט מרס. בענדזשאַמין, מיר וועלן זיך אַ ביסל דורכ־גיין — האָט בערטאַ מיטאַמאָל געזאָגט.

און דערנאָך באַם אַרויסגאַנג האָט זי זיך צעלאַכט:

— דער וויץ איז — האָט בערטאַ געלאַכט — וואָס דווקא אַט דער שרייבער, וואָס לייקנט אָפּ אייפערזוכט סיי אין זיין ווערק און סיי ווען מען רעדט מיט אים וועגן דעם, איז, דאַכט זיך מיר, אַליין אַ שרעקלעך־אייפערזיכטיקע בריאה!...

## פינפצענטער קאַפּיטל

### ברוינשטיינס פאַרצווייפלונג

אין דער אייגענער צייט האָט זיך ברוינשטיין געפּאַקט בײַ אים אינם צימער.

ער וועט איר ווייזן — האָט ער געטראַכט פאַרביטערט — אַז ער איז נישט קיין ייִנגל, ווי זי דענקט; אַז ער פאַרמאָגט אויך כאַראַקטער און אַז ער קאָן אויסקומען אָן איר... ער וועט מאָרגן פאָרן... מיטן ערשטן צוג... וועט זיך אפילו נישט געזעגנען מיט איר... ער וועט איר ווייזן!...

און איינגעפּאַקט דעם טשעמאָדאַן, האָט ער אַ צייט לאַנג דערנאָך אַרומגעשפּרייזט איבערן צימער אַהין און צוריק און איז געלעגן אויף זיין בעט און האָט געטראַכט אַלץ וועגן זיין פאָרן אָן בערטאַן, און זיך פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי ער וועט קומען קיין ניו־יאָרק אָן איר, און אַ מוראדיקער אומעט האָט אים אַרומגעכאַפּט.

ניו־יאָרק, די גרעסטע שטאָט אין דער וועלט, מיט איר אָטעם פון די מיליאָנען לעבנס, מיט איר רעש פון די מיליאָנען קולות און מיט אירע פילדערנדיקע גאַסן האָט זיך אים אויסגעוויזן וויסט און טויט, ווען ער האָט זיך איצט געזען דאָרט אַליין, אָן בערטאַן...

און וואָס מער ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַלץ שאַרפער האָט ער געפילט, ווי אוממעגלעך עס איז פאַר אים געוואָרן אַוועקצורייסן זיך פון איר.

ווי אויף אַן אייזערנער קייט האָט זי אים געהאַלטן צוגעשמידט צו זיך. ער האָט שיער זיך נישט צעוויינט פאַר אומבאַהאָלפנקייט.

דערנאָך האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אויפן בעט און איז געבליבן אַזוי ליגן.

ער איז נישט אַראָפּ אונטן, ווי אים האָט זיך נישט געגלוסט צו זעען, ווו זי, בערטאַ, איז געווען און וואָס זי האָט געטון.

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, ווי זי פאַרברענגט דאָרט אינדרויסן מיט מיסטער קאָהענען, און מיט מיסטער זשאַכנעטן, און מיט מיסטער יאַכנעטשיקן, און אפילו מיסטער ציפּאַרקעסן מיט די ווייסע אויגן, און דעם רעוורענד האָט ער אויך צווישן זיי געזעען, און ווי זי קאָקעטירט מיט זיי, און ווי זי פלירטעוועט מיט זיי, און זייערע מינעס און זייערע בליקן האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, און אים האָט אויסגעפעלט דער מוט צו זעען דאָס אַלצדינג מיט זײַנע אייגענע אויגן.

אַזוי איז ער געלעגן אויף זײַן בעט און האָט זיך געמוטשעט.

דער האָטעל-גלאָק האָט זיך דערהערט, וואָס האָט גערופן צום אָ נט-ברויט; ברוינשטיין אָבער האָט זיך פון דעם אָרט נישט גערירט.

איצט האָט ער געוואָרט, אַז בערטאַ זאָל אַרויפקומען און אים רופן צו עסן אָוונט-ברויט.

פון יעדן טריט, וואָס האָט אָפּגעהילכט הינטער זײַן טיר, האָט ברוינשטיין אַ צאַפּל געטון: „זי קומט!" און ער האָט זיך געזאָגט: „איך וועל נישט גיין. זי וועט אפילו מעגן אויף די קני מיך בעטן. איך וועל איר שוין ווײַזן!"...

זי איז אָבער נישט געקומען. אין זײַן טיר האָט קיינער נישט אָנגעקלאַפּט, קיינער האָט אים נישט גערופן.

האָט עס אים נאָך מער ווי געטון און פאַרביטערט.

„ווייס איך" — האָט ער דערנאָך געטראַכט — „איר גאַנצע ליבע איז אַ בלאָף!" זי האָט נאָר געוואָלט אים משוגע מאַכן און איצט לאַכט זי זיך אויס פון אים. אוי, וואָס פאַר אַן אידיאָט ער איז געוועןǃ ווי אַזוי האָט ער זיך געלאָזט אַזוי פאַרדרייען דעם קאָפּ.

„אָבער איך וועל איר ווייזן, אַז אינגאַנצן האָט זי מיך משוגע נישט געמאַכט!" — האָט ער דאַן אַ געשריי געטון אין זיינע געדאַנקען.

די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט, אַן אומעטיק פינצטערע, פאַר־וואָלקנטע נאַכט... איבערן פענצטער פון זיין צימער איז ווי אַ שוואַרצער פאָרהאַנג אַרונטערגעפאַלן, און ער, ברוינשטיין, איז נאָך אַלץ געלעגן אויפן בעט.

פונם גאַניק האָבן זיך געטראָגן שטימען. ברוינשטיין האָט זיך איינגעהערט. ער האָט געזוכט מיט זיין געהער בערטאַס קול. און מיטאַמאָל האָט ער אויפגעכאַפּט איר שטימע. זי האָט געלאַכט, און אַזוי פריילעך, אַזוי ווי איר וואָלט גאָרנישט אָנגעגאַנגען, וואָס ער, ברוינשטיין, איז דאָרטן געלעגן אַליין אין זיין צימער, ווי אין געהאַקטע ווונדן.

— בלאָפּערקע! — האָט ער אַרויסגעמורמלט אַ פאַר־צווייפלטער.

און פלוצלינג האָט ער דערהערט פונם גאַניק אַ געזאַנג פון אַ מענערישן באַריטאָן.

„ווער זינגט עס דאָרט? געוויס איינער פון די שוויינען, וואָס זוכט מיט זיין געזאַנג איר צו געפעלן ווערן... עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן!"...

דעמאָלט האָט ער שוין מער נישט געקאָנט איינליגן, און ער איז אַרויס פונם צימער.

און אַז ער איז אַרונטער אויפן גאַניק, האָט ער זיך באַלד געזאָגט: „וואָס דען?"

אויפן גאַניק איז געזעסן בערטאַ לעבן מרס. בענדזשאַמין. און קעגן בערטאַן איז געשטאַנען דער געזונטער בורלאַק זשאַכנעט, מיט דעם פּאַנאַמאַ־הוט אָנגעטון ווויל־ייִנגיש אויף אַ זייט קאָפּ, מיט ביידע הענט אויסגעשטרעקט, מעשה אָפּערע־זינגער, די ליפּן אַזוי זיס אויסגעשטעלט, און האָט געזונגען דעם פּראָלאָג פון „פּאַיאַצען", און זי, בערטאַ, האָט געקוקט אויף אים און אָן איר באַז און אָן אירע אויגן האָט ברוינשטיין באַמערקט, אַז זי זינגט אים נאָך אין די געדאַנקען...

„זינגט צו איר אַ סערענאַדע" — האָט ברוינשטיינען אַ ברען געטון, און יעדער טאָן פונם געזאַנג האָט אים איבער די נערוון געשמיסן און געלאַכט פון אים און געשפּיגן אויף אים, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן.

האָט ער דאַן געוואָלט אַוועקגיין צוריק אין צימער. דערנאָך איז אים איינגעפאַלן, אַוועקגיין שפּאַצירן, און צום סוף האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן אַנדערן עק גאַניק, אָבער אַזוי, אַז ער זאָל קענען זעען בערטאַן און זי אים.

דערווייל האָט ער זיך אַרומגעקוקט, געוואָלט זעען, ווער נאָך איז געווען אויפן גאַניק. מרס. יאַכנעמשיק האָט דאָרט גע־פעלט און אויך איר מאַן. די אַנדערע פרויען זענען געזעסן אויפן אַנדערן עק גאַניק, נישט ווייט פון אים.

ער האָט באַמערקט, אַז זיי קוקן אויף אים מיט פאַראַכטונג און סודען זיך צווישן זיך, האָט ער פון זיי אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

לעבן אים איז געזעסן מרס. ציפּאָרקעס מיט איר מאַן, און אַז ער האָט אַ קוק געטון אויף איר, האָט זי אַ קאָרטשע געטון מיט דער נאָז און מיט אַ מין כעס אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון אים.

דערפאַר האָט איר מאַן איצט אַ ווונק געטון צו ברוינשטיי־נען מיט אַ ווייס אייגל אַזוי ציניש, אַז ברוינשטיין האָט דערפילט ווי נאָר אים אויסצופּאַטשן!

ער האָט ווידער גענומען קוקן אַהין, וווּ בערטאַ איז געזעסן, און זי האָט אים גאָרנישט באַמערקט, אַזוי ווי ער וואָלט אויף דער וועלט נישט געווען, און זי האָט געקוקט אויפן זינגער.

מיטאַמאָל האָט ברוינשטיין דערהערט, ווי מען קריגט זיך אין דער שטיל הינטער אים. ער האָט זיך אומגעקוקט און איינ־געהערט.

ער האָט דערקענט קאָהענס קול, וואָס האָט זיך שטיל געטראָגן פון דער פינצטערניש, פון הינטערן גאַניק.

— גייט שלאָפן! — האָט שטיל גערעדט מיסטער קאָהענס קול.

— מיר וועלן גיין, ווען דו וועסט גיין — האָט אים געענט־פערט אַ פרויען־קול.

— איך וויל נאָך נישט.

— ווילן מיר אויך נישט — האָט איר געענטפערט אַן אַנ־דער פרויען־קול.

— אוי ווי איז מיר! — האָט ברוינשטיין באַלד דערקענט מרס. קאָהענס רחמנותדיקן קרעכץ.

— סיידי, דו נעם איצט צו די אַנדערע באָקס קענדי — האָט זיך דערהערט ווידער דאָס ערשטע פרויען־קול.

— וואָס הייסט צונעמען? — האָט זיך דאַן אָנגערופן מיס־טער קאָהענס קול — איר וועט בײַ מיר קריגן איבער די הענט. ווען אייער פּאַפּאַ וועט אייך געבן, וועט איר צונעמען...

— אַ שיינער פּאַפּאַ, וואָלסט זיך כאָטש געשעמט פאַר דיינע טעכטער...

— אוי, ווי איז מיר! — איז דאָ ווידער אַריינגעפאַלן מרס. קאָהענס קרעכץ.

האָט זיך דאַן דערהערט מיסטער קאָהענס קול, וואָס האָט גערעדט איצט מיט כעס און דווקא אויף ענגליש:

— הערט, הערט, זייט נישט אַזוי פרעך, צו אַלדי רוחות! אייער פּאַפּאַ איז מיסטער קאָהען. ער ווערט רעספּעקטירט פון דער גאַנצער וועלט! וואָס היט איר מיך? וואָס טו איך אַזוינס, וואָס עס איז קיינן געזעץ? איך בין אַ לעבעדיקער מענטש, מעג איך אַמאָל אַ שפּאַס טון. וויפיל מאָל האָב איך זיך שוין געגט מיט אייער מאַ־מען, האַ, צוציקעס? קומט שלאָפן!

און ברוינשטיינען, דען ער האָט עס געהערט, האָט געהויבן פונם אָרט. ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס האָט די משפחה קאָהען איצט געהיטן מיסטער קאָהענען פון בערטאַן, און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פון יענעם פלאַץ, ווו קאָהען און זיין משפחה זענען איצט געזעסן, האָט זיך דורך דער פינצטערניש געגאָסן בלאָ־טע, וואָס איז אים געפאַלן אויף דער נשמה.

און דער זינגער האָט דאָרט נאָך אויך געזונגען!...

דערווייל איז מיסטער קאָהען, באַגלייט פון זיין ווייב און

ביידע מעכטער, אַרויף אויפן גאַניק און גערדאַרפט פאַרבייגיין ברוינ־שטייגען. האָט מיסטער קאָהען זיך אָפּגעשטעלט לעבן אים און אַ זונק געטון צו אים מיט אַן אויג און געפרעגט:

— אַ גוטן ציגאַר, האַ? איר ווילט?

און אַז ברוינשטיין האָט אָװעקגעדרייט פון אים דעם קאָפּ, האָט מיסטער קאָהען זיך צוגערוקט צו אים נענטער און אים איינ־גערוימט אַ סוד אויפן אויער:

— ווי מיין נאָמען איז מיסטער קאָהען, אַז איר האָט אַ פיי־נעם געשמאַק. זי קוקט אויס פונקט ווי יעקאַטערינקע פון דעם ראָמאַן!...

און דאַן... ברוינשטיין האָט אַליין דערנאָך נישט געוווסט, וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען. פאַר זיינע אויגן איז שוואַרץ געוואָרן, און זיין האַנט האָט עפּעס געריסן, אַ גאַז, צי אַן אויער, צי אפשר גאָר אַן אויג, און אַרום אים האָט עפּעס געשריגן און געקוויטשעט און עפּעס האָט אים געקלאַפּט איבערן קאָפּ און אי־בערן פנים, און געריסן אים פון הינטן און פון פאָרנט; און מיט־אַמאָל האָט אים עפּעס אַ הייב געטון אינדערלופטן, און ער האָט גענומען שוועבן צווישן די עלעקטרישע לאָמפּן, וואָס האָבן געברענט אינדערהייך אויפן גאַניק, און דאַן ערשט איז ער אַ ביסל געקומען צו זיך...

ווי דורך אַ בייזן חלום האָט ער דערזעען, ווי דער ריז זשאַכ־נעט האַלט אים אויף איין האַנט אינדערהייך, אָט אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ קליין עופהלע, לאַכט צו אים מיט אַ פאַרריסן פנים און שרייט: „אָ, באָי!"

און אַרום האָט מען נאָך געקוויטשעט און געשריגן, און ברוינשטיין האָט אויך באַמערקט די הויכע געשטאַלט פונם רעווי־רענד, וועלכער האָט צוריקגעהאַלטן מיסטער קאָהענען, וואָס האָט זיך געריסן צו אים, ברוינשטיינען.

— לאָזט מיך אָפּ! — האָט ברוינשטיין, געמורמלט און ער האָט קוים געהערט זיין אייגן קול.

מיסטער זשאַכנעט האָט אים אַרונטערגעלאָזט מיט אַ געלעכ־טער: „אָ, באָי!" און דאַן האָט ברוינשטיין באַמערקט בער־

סאַן, וועלכע איז געשטאַנען לעבן אים אַ בלייכע און אַן אויפגע־רעגטע.

זיי ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט און קיין וואָרט נישט אַרויס־גערעדט.

און דאָ האָט זיך אַרויסגעריסן מיסטער קאָהען פון דעם רעווערענדס הענט און זיך אַ וואָרף געטון אויף ברוינשטיינען, און זשאַכנעט צווישן זיי ביידע און פאַרשטעלט איינעם פונם אַנדערן מיט זיין ריזן־פיגור.

— וואַרט, איך וועל דיך שוין אָנלערנען! — האָט געשריגן מיסטער קאָהען, און איז געלאָפן אַ צעקאָכטער אַרום זשאַכנעטס רוקן, וועלכער האָט פאַרשטעלט ברוינשטיינען און זיך באַוועגט אַרום אים, ווי אַן אייזערנע וואַנט: — איך וועל דיך נאָך אַרעס־טירן אויך, דו שרייבערל, דו פּאַטשקון!

— יעקאַטערינקע, האַ? — האָט ברוינשטיין אים געענט־פערט צערייצט, שיער נישט מיט אַ יאָמער — יעקאַטערינקע, האַ? דו גראָבער יונג! דו פּאַסקודניאַק!

האָט קאָהען זיך צעשריגן נאָך העכער:

— וואַרט, וואַרט, איך האָב די בעסטע לאָיערס, אויפן יאָר וועלן זיי באַ מיר אָנגעשטעלט, דו שלעפּערוק! דיין יעקאַטערינקע וועט דיר שוין אויך נישט העלפן! ברענגט גאָר צו שלעפּן אַהער יעקאַטערינקעס, ווו אָנשטענדיקע מענטשן שטייען איין!... דער־פאַר אַליין דאַרף מען אים אַרעסטירן! אַזאַ וואַגאַבונד!...

האָט ברוינשטיין אַ כאַפּ געטון אַ שטול.

און דאָ איז צוגעלאָפן צו אים בערטאַ און געזאָגט שטיל און אויפגערעגט:

— ברוינשטיין, נישט משוגע זיין!

און אַז ער האָט דערהערט איצט איר קול און וואָס זי האָט צו אים געזאָגט, האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען היסטע־ריש.

— דו אַוועק פון מיר, אַוועק! זיי רייסן מיר די נשמה! זיי טאָפּטשען, זיי טאָפּטשען מיט זייערע שמוציקע קאָפּיטעס! און דו מיט זיי!

— ער איז אַ משוגענער — האָט מיסטער קאָהען זיך צע־לאַכט צעריידט — איר פאַרשטייט, וואָס ער רעדט?

פלוצלינג איז בערטאַ צו אים צוגעגאַנגען.

— מיסטער קאָהען — האָט זי זיך אָנגערופן — איך פאַר־שטיי שוין גוט, וואָס ער רעדט. איר פאַרשטייט אים נישט, איר קענט אים נישט פאַרשטיין; איך בעט אייך, זייט אַזוי גוט און לאָזט אים צורו.

— זע נאָר — האָט מיסטער קאָהען זיך ווידער צע־לאַכט — די קאַטערינקע זיינע נעמט זיך אָן פאַר אים. רעד נישט צו מיסטער קאָהענען! עס איז פאַר אים אַ חרפה, ווען דו רעדסט צו אים!

— מיסטער קאָהען, אויב איר רעדט אויס נאָך איין וואָרט אין אַזאַ געמיינעם טאָן, דאַן וועל איך מיט אייך אויך אַנדערש רעדן — האָט בערטאַ אַרויסגערעדט צווישן די ציין — איך קאָן אייך געבן פעטש, און בעסער פון אים!...

— האַ? — האָט מיסטער קאָהען זיך אַ כאַפּ געטון און זיך אוועקגעשטעלט פאַר איר מיט די הענט אין די זייטן — נו־נו־נו! אדרבה, נו, פאַטש! זאָלן טאַקע מיינע לאָיערס האָבן, וואָס צו טון! איך צאָל זיי געננג געלט, זאָלן זיי האָבן וואָס צו טון! נו! פאַטש!

זיינע טעכטער האָבן אים אָנגעכאַפּט פאַר די אָרעמס און דער רעווערענד האָט זיי געהאָלפן און מיט געוואַלט האָבן זיי אים אוועקגעשלעפּט פונם גאַניק.

— אָ, באָי! — האָט אים באַגלייט זשאַכנעט מיט זיין אויס־געשריי. און די אַלע ווייבער הינטער אים האָבן זיך צעלאַכט, און מיסטער ציפּאָרקעס האָט אים אַ פאַטש געטון איבערן אַקסל מיט התפעלות און אַ ווונק געטון צו זיין ווייב מיט אַ ווייס אייגל און געזאָגט:

— אַ בייבעלע, האַ?

זי אָבער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, מחמת זי איז איצט בייז געווען אויף זשאַכנעטן, ווייל ער האָט געזונגען פאַר בערטאַן.

ברוינשטיין איז נאָך געשטאַנען אַ צעטומלטער, אַזוי ווי אַ בייזן חלום וואָלט ער געהאַט דורכגעלעבט, ווי אַ פיינלעכן קאָשמאַר.

מיטאַמאָל איז בערטאַ צו אים צוגעגאַנגען מיט צוזויפגע־דריקטע ליפּן און האָט געזאָגט:

— און דאָס פּאַסט יאָ פאַר דיר?

ער האָט דערשפּירט, אַז טרערן הייבן אָן אים צו שטיקן און ער האָט זיך געלאָזט לויפן פונם גאַניק אין דער פינצטערער נאַכט אַריין.

און ווען ער איז איצט געלאָפן, האָט ער געשפּירט ווי טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער זיינע באַקן, און ער האָט זיך ליידנשאַפטלעך צעוויינט אין דעם אַרומיקן חושך.

אין זיין נשמה האָט געברענט אַ גיהנום. ער האָט זיך גע־שעמט פאַר דעם גאַנצן סקאַנדאַל, אויף זיין לעבן האָט ער נאָך אויף קיינעם קיין פינגער נישט געהויבן און איצט מיטאַמאָל אויף אַזאַ אומגעלומפּערטן ברוטאַלן אופן!...

ער האָט געפילט, אַז דערמיט האָט ער מוראדיק באַליי־דיקט אי זיך, אי זי. און אַ חוץ דעם, האָט ער באַשולדיקט אין דעם זי אויך, איר האַלטן זיך, און דער געדאַנק, אַז ער איז אומ־באַהאָלפן קעגן דעם, האָט געוועקט אין אים אַ ברענענדיקע ווייטיק.

און ווי תמיד, בשעת ער איז פאַרצווייפלט געווען, האָט זיך אים איצט אויך אויסגעוויזן, אַז די גאַנצע וועלט גייט אים אונטער.

ער איז געגאַנגען אין דער פינצטערניש און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דערדראָזיקער חושך איז זיין אייגן אומגליק, אין וועלכן ער איז פאַרזונקען ביז איבערן קאָפּ, פון וועלכן ער האָט קיין כוח נישט אַרויסצוראַטעווען זיך.

יאָ, אין דערדאָזיקער מינוט איז אים קלאָר געוואָרן, אַז זיין ליבע איז זיין גרעסט אומגליק.

אַזוי האָט ער אַרומגעבלאָנקעט אַ לאַנגע צייט אין דער

פינצטערער נאַכט מיט אַ נשמה, וועלכע איז נאָך פינצטערער געוועזן. דערנאָך האָט ער זיך צוריקגעקערט צום האָטעל.

אויפן גאַניק איז איצט שטיל געווען. קיינער איז דאָרט נישט געווען. די עלעקטרישע לאָמפן האָבן געוואָרפן אַרום זיך אַן אומעטיקן שיין.

האָט ער זיך דאָרט אַוועקגעזעצט און מיט די אויגן און מיטן האַרץ אַ זוך געטון בערטאַן און זי נישט געזעען, און געפילט זיך אַזוי עלנט, ווי פון דער גאַנצער וועלט אָפּגעשניטן.

— וואָס טוט מען? — האָט געקרעכצט דאָרט ערגעץ אין זיין נשמה אַ פאַרצווייפלט קול.

און דאָ האָט ער מיטאַמאָל דערפילט אַ שטיל פליסטערן פון דער פינצטערניש אַרויס, אַזוי ווי די נאַכט אַליין וואָלט דאָרט עפעס צו די ביימער געפליסטערט...

ער האָט זיך איינגעהערט, און ער האָט דערקענט בערטאַס קול און באַלד מרס. בענדזשאַמינס...

אויף אַ רגע איז אים געוואָרן לייכטער, אפשר האָט זי געוואַרט אויף אים... אפשר האָט זי זיך געכאַפּט, אַז פאַר איר ליידט ער אַזוי; אַז צוליב איר האָט ער דעם סקאַנדאַל געמאַכט. זיכער אַזוי! געוויס טוט איר איצט ווי פאַר אים און זי איז אים דאַנקבאַר, און זי וועט באַלד צוגיין צו אים און וועט אים טרייסטן און באַרויקן.

און ברוינשטיין האָט זיך שוין פאָרגעשטעלט, ווי זי לאַשטשעט אים מיט אירע זייטיקע הענט און רעדט און טרייסט אים, און ער ענטפערט איר:

„בערטאַ, פאַר דיר לייד איך דאָך אַזוי! פאַר דיר! איך בין דאָך נישט קיין בויאַן; אָבער ווען ער האָט דיך באַליידיקט, האָב איך שוין מער נישט געקענט!"

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט בערטאַס קול פון דער פינצטערניש:

— אַ גוטע נאַכט, מרס. בענדזשאַמין!

און איידער ברוינשטיין איז געקומען צו זיך, איז פאַר זיינע אויגן אַרויסגעשוואומען בערטאַ פון דעם חושך, איז אַרויף אויפן

גאַניק און פאַרשווונדן פון דאָרט, ווי א שאָטן, האָט אפילו נישט א קוק געטון אין זיין זייט...

האָט ברוינשטיין זיך דאַן צעלאַכט, ווי אַ משוגענער, און ער האָט אַרויסגעמורמלט צו זיך אַליין:

— פיין! אָט לייד נאָך אַ ביסעלע פאַר איר. כדי! כדי! אַ מצווה אויף דיר!...

— האָט איר זיך שוין באַרויקט? — האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ באַקאַנט קול.

ער האָט זיך אומגעקוקט: מרס. בענדזשאַמין איז געשטאַנען לעבן אים מיט איר גוטן שמייכל.

— וועט איר אפשר טרינקען אַ גלאָז מילך, איר האָט דאָך קיין אָוונט־ברויט נישט געגעסן? — האָט זי דערנאָך געפרעגט, און זיך געזעצט לעבן אים אויף אַ שטול.

— איך וויל נישט — האָט ער געענטפערט.

א ווײַלע האָבן זיי נאָכדעם געשוויגן. דאַן האָט ער זיך אָנגערופן:

— זי איז שוין אַוועק שלאָפן?

— מסתמא.

— זי איז בייז אויף מיר, האַ?

מרס. בענדזשאַמין האָט זיך גוטמוטיק צעלאַכט און געענטפערט:

— ווייס איך, איר וועט זיך איבערבעטן... איר מעגט שטאָלץ זיין, מיסטער ברוינשטיין, זי האָט אייך זייער ליב.

— זי האָט מיך ליב? — האָט ער אַרויסגערעדט מיט ווייטיק — איך זע דאָס נישט...

— די גאַנצע צייט האָט זי גערעדט בלויז פון אייך אַליין, און מיט אַזוי פיל ליבע און באַגייסטערונג.

— וואָס האָט זי אייך געזאָגט?

— איר זענט אַ גרויסער טאַלאַנט און איר האָט אַ נשמה פון אַ קינד.

האָט ער זיך אָנגערופן:

— פונדעסטוועגן אַרט זי נישט, ווען איר גרויסער טאַלאַנט ליידט.

— זי אַרט עס שוין גאָר, פאַרלאָזט זיך אויף מיר...

האָט ער דאַן מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן איר האַנט און זיך אָנגערופן שיער נישט מיט טרערן אין די אויגן:

— מרס. בענדזשאַמין, איר זענט דאָ די איינציקע, מיט וועמען איך קאָן רעדן. איר הערט? איך בין איצט אַזוי פאַרצווייפלט. פיל מיך אַזוי שלעכט... עס פאַרדריסט מיך פאַר דעם סקאַנדאַל... אַזוי ווילד, אַזוי ברוטאַל, ווי קומט עס צו מיר? איך האָב אָבער זיך פאַרלוירן. ער האָט זי אַזוי באַליידיקט! און, בכלל, קאָן איך נישט פאַרטראָגן, למאי מען רעדט אַזוי וועגן איר, למאי מען טראַכט אַזוי וועגן איר...

— וואָס אַרט עס אייך?

— עס אַרט מיך. איך קאָן זיך נישט העלפן. וואָרים זי איז בײַ מיר די הייליקייט אַליין, איר הערט? די הייליקייט אַליין!...

מרס. בענדזשאַמין האָט זיך צעלאַכט.

— ווען נישט דער סקאַנדאַל — האָט זי געזאָגט — האָבן מיר שוין גערעכנט, אַז מיר וועלן האָבן היינט אַ ביסל „פאָן“*). זי האָט שוין געהאַט אויסגעאַרבעט מיט מיר אַ פּלאַן. מיר האָבן געזאָלט שפּילן אין פאַנטן און אַריינגעמען אין שפּיל אי מיסטער קאָהענען, אי מיסטער יאַכנעטשיקן, אי די אַנדערע, אפילו דעם רעווערענד, ווען מיר וואָלטן געקאָנט, און עס וואָלט געווען פריילעך...

האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן:

— איר זעט, ווי זי האָט מיך ליב? צולהכעיס מיר וואָלט זי עס געטאָן!...

— נישט צולהכעיס אייך. זי האָט נאָר געוואָלט אָנלערנען אַ ביסל יענע אידיאָטן. און איך, אַ פרוי, זאָג אייך, אַז זיי האָבן עס כשר פאַרדינט.

---

*) שפּאַס.

— און איך קען עס נישט אַריבערטראָגן — האָט ברוינשטיין אויסגעשריגן נערוועז, — דאָס איז מיאוס, העסלעך. ניין, נישט בעסער דאַרף עס טון, נישט זי!

זי האָט זיך אויפגעהויבן.

— פונדעסטוועגן צום האַרץ דאַרפט איר עס נישט נעמען. גוט נאַכט! און איר גייט אויך שלאָפן. באַרויקט זיך און מאָרגן וועט איר זיך איבערבעטן. איך וועל אייך צוהעלפן.

מרס. בענדזשאַמין איז אַוועק.

ער איז נאָך געזעסן אַ ווײַלע און געטראַכט:

„זי זאָגט, אַז זי וועט מיר צוהעלפן. הייסט עס דאָך, אַז בערטאַ איז אין כּעס. גוט, אויב אַזוי... איך וועל זי אויך נישט איבערבעטן. איינמאָל פאַר אַלעמאָל ווײַזן איר, אַז איך בין נישט קיין יינגל!"...

אין אַ ווײַלע שפּעטער איז ער געלעגן אויף זײַן בעט און האָט געטראַכט און זיך געמוטשעט. ער האָט נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. אין זײַנע געדאַנקען האָט ער זיך דאָ איבערגעבעטן מיט בערטאַן און דאָ זיך ווידער מיט איר צעקריגט...

דער רויטער שײַן פון דעם פרימאָרגן האָט שוין אַרײַנגעקוקט אין זײַן פענצטער, ווען ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

אַ קלאַפּ אין זײַן טיר האָט אים אויפגעוועקט. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון און זיך אויפגעזעצט אויפן בעט

— ווער איז דאָרט?

עס האָט אים געענטפערט מרס. בענדזשאַמינס קול פון הינטער דער טיר:

— קומט אַרונטער צום פרישטיק.

— איך וויל נישט — האָט ער געענטפערט. — איך וויל נישט עסן.

— איר שעמט זיך, וואָס? זײַט נישט קיין קינד. זאָלן זיי זיך שעמען, קומט אַרונטער, מיס פרידלאַנד וואַרט אויף אײַך.

— איך וויל נישט — האָט ער ווידער געזאָגט פאַרעקשנט.

— זענט איר אַ נאַר! — האָט אים געענטפערט מרס. בענ־דושאַמינס קול.

און דערנאָך האָט ברוינשטיין געהערט, ווי זי איז אַוועק.

האָט ברוינשטיין דאַן אַ טראַכט געטון:

„אַט איצט וועט בערטאַ מסתמא קומען, איך וועל האָבן אויסגעפירט!"

און ער האָט אַרומגעטראַכט, ווי אַזוי ער וועט זיך מיט איר האַלטן און וואָס ער וועט איר זאָגן.

האָט ער געוואַרט אַזוי ווי נעכטן, און אַזוי ווי נעכטן איז זי נישט געקומען.

דאַן האָט ער זיך אָנגעטון, זיך געוואַשן, זיך אָפּגעראַזירט, איבערגעביטן עטלעכע האַלזטיכער, און פון בערטאַן איז קיין זכר נישט געווען...

מיטאַמאָל האָט ער דערהערט טריט פונם קאָרידאָר, פּאָר־זיכטיקע, אַזוי ווי עמעצער וואָלט זיך דאָרט געגנבעט אויף די שפּיץ־פינגער. האָט ער דאַן אַ טראַכט געטון:

„אפשר זי?"

עס האָט זיך דערהערט אַ דומפּער קלאַפּ אין זיין טיר, ווי מיט אַ פוס.

האָט ער אַ געשריי געטון:

— אַריין!

אָבער קיינער האָט פון יענער זייט די טיר נישט גע־עפנט, נאָר עס האָט זיך ווידער דערהערט דער קלאַפּ, ווי מיט אַ פוס.

האָט ער אַליין די טיר געעפנט.

ערשט דער רעוורענד האָט זיך אַריינגעשפּאַרט, טראָגנדיק מיט ביידע הענט אַ טאַץ מיט עסן.

איז ברוינשטיין געבליבן דאַן שטיין אַ צעטומלטער.

— גוט מאָרגן! — האָט דער רעוורענד געזאָגט, און אַוועק־געשטעלט די טאַץ אויפן טיש. — איין תלמיד חכם מוז פאַר־שטיין דעם אַנדערן, הערט איר...

האָט זיך ברוינשטיין אָנגערופן צעטומלט:
— ווער האָט אייך געבעטן?
האָט דער רעווערענד געענטפערט געלאַסן:
— „בעטן"? וואָס הייסט „בעטן"? מיך, הערט איר, דאַרף מען נישט בעטן. איך פאַרשטיי אַליין, וואָס איך דאַרף טון. אַ דיכטער, הערט איר, אַ תּלמיד חכם, האָט זיך באַנאַרישט, שעמט ער זיך איצט צו ווייזן די אויגן פאַר לייטן. נו, דערפאַר דאַרפט איר אים לאָזן פאַרהונגערן? עסט, הערט איר!...
— איך וויל נישט. נעמט עס, זייט אַזוי גוט, צוריק.
— וואָס הייסט נעמען צוריק? — האָט דער רעווערענד אָנגעשמעלט אויף אים זיינע שטאָלענע אויגן — וואָס בין איך, הערט איר, אייער טאַטנס משרת? הערט — האָט ער גענומען אים סטראַשען מיט אַ פינגער — רייסט נישט איבער די סטרונע. איך בין אַ דזשענטלמען. אייך עסן אַרויפגעבראַכט, דאַרפט איר, הערט איר, מיר באַדאַנקען, ווי אַ דזשענטלמען, און נישט זיך שאַפן מיט מיר, ווי מיט אייער טאַטנס משרת!
— נו, איך דאַנק אייך — האָט ברוינשטיין אַרויסגעמורמלט — איך דאַנק אייך און טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר!
האָט דער רעווערענד דאַן אַרויסגערעדט געלאַסן:
— שוטה, וואָס איר זענט! איר זענט נאָך אין כּעס? כ'לעבן, הערט איר, אַז אין כּעס דאַרפן זיין אַנדערע און נישט איר. מיסטער קאָהען שעמט זיך צו פאָרן אין שטאָט מיט אַ צעקראַצט פּנים. כאַ! — האָט ער אַ לאַך געטון — איר האָט דאָך אים אַלע גריבלעך אויף זיין געשטופּלט פּנים מיט די נעגל צעאַקערט! און מרס. יאַכנעטשיק איז היינט נישט אַרונטערגעקומען עסן מיט איר מאַן, און אַלץ צוליב דעם, ווייל אייך איז איינגעפאַלן צו ברענגען אַהער יענע אשה...
ברוינשטיין האָט אַ צאַפּל געטון.
— וואָס מיינט איר? — האָט ער אַרויסגעמורמלט פאַרשטיקט, און ער איז רויט געוואָרן פאַר אויפרעגונג.
— מילא, אַ יונגערמאַן, מוחל — האָט דער רעווערענד געענטפערט מיט זיין שטאָלענעם שמייכל — איך האָב, הערט איר,

אויף אייך קיין פּאַראַיבל נישט — אַ בחור, נישט פּאַרהייראַט,
נו! . . . אָבער אין שטאָט, הערט איר, האָב איך פאַר אייך גאָר
אַ פיינעם שידוך. אַ פיין מיידל, הערט איר, מיט אַ טאַטן, וואָס
פאַרמאָגט, הערט איר, טאַקע אמתע מזומנים און אַ סך. . . .

לענגער האָט ברוינשטיין נישט אויסגעהאַלטן, איז אַרויסגע-לאָפן פון זיין צימער, איבערלאָזנדיק דעם רעוורענד דאָרט אַליין.

ער איז אַראָפּגעלאָפן פונם גאַניק. מיסטער קאָהען איז דאָרט געזעסן צווישן זיינע ביידע טעכטער, האָט ער עפּעס אַ מרוק געטון, ווי אַ צערייצטער הונט, ווען ער האָט ברוינשטיינען באַמערקט.

פאַרשטייט זיך, אַז ברוינשטיין האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט.

ער האָט געזוכט מיט די אויגן בערטאַן און זי נישט געזען.

האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויפן האַמאַק.

די אַנדערע ווייבער זענען געזעסן צעשאָטן איבער דער לאָנקע אונטער די ביימער. מרס. יאַכנעטשיק איז דאָרט נישט געווען איר מאַן אויך נישט.

פון הינטערן האָטעל איז אַרויסגעפאָרן אַן אויטאָמאָביל, אויף אים זענען געזעסן מרס. ציפּאָרקעס און מיסטער זשאַכנעט, און מיסטער ציפּאָרקעס אַליין איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן.

האָט מרס. ציפּאָרקעס גערופן איר מאַן בזה הלשון:

— דו ווילסט טאַקע דאָ פאַרבלייבן, צו שפּילן מיט מיסטער קאָהענען אַ פּינאָקל? קום, פאָר בעסער מיט מיר! נו, וועסט באַ אים אַן אַנדערטמאָל אָפּגעווינען צוריק, וואָס דו האָסט באַ אים פאַרלוירן. . . ווייטער — האָט זי זיך פאַרכאַפּט — נייטן וויל איך דיך נישט, אפשר וועסטו טאַקע זיין מזלדיק!

מיסטער ציפּאָרקעס האָט געענטפערט:

— פאָר אַליין. איך וועל דאָ שפּילן מיט מיסטער קאָהענען.

האָט איינע פון די ווייבער אויסגעשריגן:

— מרס. ציפּאָרקעס, לאָזט אים נישט איבער דאָ אָן אייך: ער קאָן זיך נאָך דאָ אין עמעצן פאַרליבן!

האָט מרס. ציפּאָרקעס געענטפערט אַזוי הויך, אַז אַלע האָבן געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט:

— נישקשה, איך האָב נישט מורא, מייַנער איז נישט קיין שרייַבער, נאָר אַ ביזנעסמאַן.

האָט זיך אויפגעהויבן אַ געלעכטער און אַ קוויטשעריי צווישן די ווייַבער, און מיסטער קאָהענס קול האָט זיי אַלעמען איבערגעשריגן:

— איך הער אָבער, אַז מיר פאַרלירן באַלד אונזער יעקאַטערינקען!

— טאַקע? — האָבן אויסגעשריגן עטלעכע ווייַבער אויף איינמאָל.

דער אויטאָמאָביל מיט מיסעס ציפּאָרקעס און זשאַכנעטן האָט זיך אַוועקגעטראָגן.

ברוינשטיין איז דערנאָך געלעגן נאָך אַ ווײַלע אויפן האַמאַק און דאַן האָט ער זיך ווי אַרונטערגעגנבעט פון אים און איז אַוועק. וווּהין? ער האָט אַליין נישט געוווּסט.

ער איז געגאַנגען מיטן ברייטן, זאַמדיקן וועג און האָט געטראַכט: „ווּ איז זי? ווּ קאָן זי זיין? און ווּ איז מרס. בענדזשאַמין?"

אין זיין נשמה האָבן זיך ווי קעץ אַרומגעריסן...

פּלוצלינג האָט ער פונדערווייטנס דערזעען בערטאַן און מרס. בענדזשאַמין. זיי זענען געגאַנגען פון ערגעץ אים אַנטקעגן.

בערטאַ איז אָנגעטון געווען אין איר ווייס קלייד מיטן ווייסן היטעלע אויפן קאָפּ.

האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון און געגומען גיין האַסטיק צוריק, ווי איר אויף צולהכעיס. האָט זיך באַלד אָבער אָפּגעשטעלט.

„וואָס לויף איך, משוגענער? איך זע דאָך שוין, אַז מיט צו-

להכעיס װעל איך באַ איר גאָרנישט נישט אויספירן!" האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

און ער האָט זיך אַװעקגעזעצט אויף אַ פעלז באַ דער זייט פונם װעג און געװאַרט.

באַלד זענען זיי צוגעגאַנגען.

בערטאַ האָט אפילו נישט אַ קוק געטאָן אין זיין זייט, אָבער מרס. בענדזשאַמין האָט אים אַ רוף געטאָן:

— מיסטער ברױנשטיין, קומט!

האָט ער זיך אויפגעהויבן, איז געגאַנגען לעבן מרס. בענדזשאַמין, האָט אויך נישט אַ קוק געטאָן אויף בערטאַן און געשװיגן.

דערנאָך אָבער האָט ער גענומען קוקן אויף איר פון דער זייט. זי האָט אויסגעזען צעטראָגן און אירע בלויע אויגן האָבן געקוקט עפּעס אַזוי שטאַר פאַר זיך, און פון צייט צו צייט האָט זי אַרונטערגעריסן אַ בלאַט פון אַ בוים, װאָס זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען, געהאַלטן עס פאַרטראַכט צװישן די ליפּן, געביסן עס און דערנאָך עס אַװעקגעװאָרפן.

מיטאַמאָל, װען זיי האָבן זיך געדאַרפט פאַרקערן אויפן װעג צום האָטעל, האָט בערטאַ זיך אָנגערופן פאַרטראַכט צו מרס. בענדזשאַמין:

— מרס. בענדזשאַמין, איר װעט מיר אַנטשולדיקן. איך װיל עפּעס רעדן מיט מיסטער ברױנשטיינען. איר װעט דאָך אַנטשולדיקן, יאָ? און איך בעט אייך, װען די מאַשין װעט קומען, זאָגט, אַז איך װעל באַלד זיין.

זענען זיי אַװעק דערנאָך אָן מרס. בענדזשאַמין מיטן װעג צום װעלדל אונטערן רויטן באַרג.

— איך װיל זיך מיט אייך געזעגענען, ברױנשטיין — האָט זיך מיטאַמאָל אָנגערופן בערטאַ.

האָט ער זי אָנגעקוקט און אַרויסגעמורמלט:

— געזעגענען זיך? און װאָס מיינט עס דער „איר"?

האָט זי אַ שמייכל געטאָן, און אירע אויגן זענען פאַרלאָפן מיט טרערן.

— דאָס מיינט — האָט זי געענטפערט — אַז איך און איר מוזן בלייבן איך און „איר". איך פאַר באַלד. איך האָב זיך שוין איינגעפּאַקט און באַשטעלט אַ מאַשין, וואָס זאָל מיך נעמען צו דער סטאַציע...

האָט ברוינשטיינען דאַן זיך אויסגעוויזן, אַז די ערד זינקט אונטער אים, און ער האָט אַרויסגעשטאַמלט:

— אַליין?

— אַבסאָלוט.

— איך וועל אויך פאָרן.

— נישט מיט מיר.

האָט ער אַרויסגעקרעכצט:

— בערטאַ, דו מיינסט דאָך נישט, אַז אַלצדינג צווישן אונז איז אויס?...

— איך מיין דאָס, אַזוי האָב איך באַשלאָסן און אַזוי מוז עס זיין.

— בערטאַ! — האָט זיך בא אים אַרויסגעריסן, און ער האָט נישט געפונען מער קיין ווערטער.

דערווייל זענען זיי אַריין אין זייער גוט באַקאַנטן וועלדל, וווּ אַזוי פיל גליקלעכע מינוטן און גאַנצע שעהן האָבן זיי צוזאַמען פאַרבראַכט.

זי האָט זיך אָנגערופן:

— מיר זענען נישט קיין פּאָר. איך און איר זענען צוויי פאַרשידענע וועלטן, ווייטע וועלטן איינע פון דער אַנדערער, זייער ווייטע. מיט מיר וועט איר קיינמאָל נישט גליקלעך זיין. איך וואָלט די גרעסטע עוולה קעגן אייך באַגאַנגען, קעגן אייך און אייער שיינעם טאַלאַנט, ווען איך זאָל אַנדערש האַנדלען...

האָט ער דאַן אויסגעשריגן:

— דאָס איז דאָך אָבער... וואָס ווילסטו טון, בערטאַ? איך וועל דאָך נישט קאָנען לעבן אָן דיר!

— איר וועט מיך פאַרגעסן. איך קען אייך בעסער, ווי איר קענט זיך. איך זאָג אייך: מיט מיר וועט איר נישט קאָנען גליקלעך זיין. עמעצער פון אונז ביידן וועט זיך מוזן אונטערגעבן.

איך — קיינמאָל נישט. איר — זיכער. דאַן אָבער וועט איר ליידן און אייער טאַלאַנט מיט אייך. ניין, דאָס טאָר נישט זיין. ווען איך האָלט אייך טויזנט מאָל מער ליב געהאַט. ניין, ניין, ניין!

— דו האָסט מיך נישט ליב, בערטאַ, דערפאַר ווילסטו מיך דערהרגענען!

זי האָט אַ שמייכל געטון און געענטפערט:

— עס קאָן זיין, אַז איך האָב אייך נישט ליב. יאָ, איך האָב אייך נישט ליב. איז גוט? וועט אייך איצט זיין לייכטער מיך צו פאַרגעסן?...

דאַן האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן גראַז, און אַזאַ טיפע שטומע פאַרצווייפלונג האָט זי דערזעען אין זיינע אויגן, אַז זי איז צו אים צוגעגאַנגען און האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אים אויפן אַקסל און אַרויסגערעדט צאַרט, ווי זי וואָלט גערעדט צו אַן אומגליקלעך קינד:

— ברוינשטיין, באַרויקט זיך. פאַרגעסט מיך. איר וועט טרעפן אַן אַנדערע, אַן אינטערעסאַנטערע פון מיר...

— אַוועק! — האָט זיך באַ אים אַרויסגעריסן אַ פאַרצווייפלטער אויסגעשריי און ער האָט אַרונטערגעשטופּט איר האַנט פון זיין אַקסל.

זי האָט זיך צעלאַכט.

— אָט אַזוי-אָ! — האָט זי זיך אָנגערופן — ווערט אויף מיר אין כּעס, זאָגט זיך, אַז איך בין אייך נישט ווערט און פאַרגעסט מיך. און איר וועט מיך פאַרגעסן אַ סך גיכער, ווי איר מיינט.

און אַז ער האָט געשוויגן, האָט זי ווייטער גערעדט שוין נערוועז:

— נאַרישקייטן! אין אַ סך הכּל זייט איר דאָך אַ קינד. דאָס קינד וועט אַזוי לאַנג בענקען, בענקען, ביז עס וועט באַקומען אַ נייע שיינע צאַצקע און דאַן וועט עס פאַרגעסן אָן דער פריערדיקער... זייט געזונט!...

— בערטאַ! — איז ער דאַן אויפגעשפּרונגען און האָט זיך

אַ וואָרף געטון צו איר און געקושט זי ווי אַ משוגענער — בעטאַ, פאַרלאָז מיך נישט, פאַרלאָז מיך נישט!

זי האָט זיך אויך אַ כאַפּ געטון צו אים, געדריקט זיך צו אים און געענטפערט מיט קושן אויף זיינע און געמורמלט:

— מיר איז נישט גרינגער, ווי דיר, ברוינשטיין; אָבער איך האָב מורא... מיך שרעקט...



אין אַ ווײַלע שפּעטער זענען ביידע געזעסן אויפן גראָז און בערטאַ האָט גערעדט:

— איידער מיר קומען קיין ניו־יאָרק מוז אַלצדינג צווישן אונז קלאָר ווערן, ווי ווייט עס לאָזט זיך. ערשטנס, מוז איך דיר זאָגן, ברוינשטיין, אַז דו קענסט מיך נישט.

— איך קען דיך, — בערטאַ — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון.

— ניין, דו קענסט מיך נישט. און זיך אַליין קענסטו אויך נישט. צום ביישפּיל, איך האָב באַמערקט בײַ דיר אַ שטריך, וואָס ער מאַכט מיך אומרויק.

— וואָס פאַר אַ שטריך? — האָט ער זי אָנגעקוקט פאַרווונדערט.

— אַז דו ביסט איפּערזיכטיק — האָט זי געענטפערט.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון.

— שוין ווידער? הער אויף, דו באַליידיקסט מיך; דו מיינסט אפשר, ווייל איך האָב נישט געוואָלט, אַז דו זאָלסט האָבן אַן עסק מיט יענע ברואים, צי גאָר אפשר טייטשסטו אויס דעם סקאַנדאַל מיט קאָהענען מיט מיין איפּערזוכט צו אים?...

— אפילו דאָס איז אויך אַ סימן פון דיין אומרויקער, איפּערזיכטיקער נאַטור — האָט זי געזאָגט — אָבער נישט דאָס האָב איך איצט אין זינען. אָט דער סקאַנדאַל האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין מיינונג וועגן דיין איפּערזיכטיקער נאַטור. אַז דו

ביסט אייפערזיכטיק, האָב איך באַמערקט צום ערשטן מאָל, ווען איך האָב גערעדט מיט דיר וועגן ליעוון...

— דאָס האָט זיך דיר אויסגעוויזן, בערטאַ, איך פאַרזיכער דיך! — האָט ער אויסגעשריגן מיט היץ.

— ניין, ניין, ברוינשטיין, דאָס האָט זיך מיר גאָרנישט אויסגעוויזן, און דערפאַר וויל איך, אַז איידער מיר קומען קיין ניו־יאָרק, זאָלסטו לכתחילה וויסן, וואָס דו קענסט און וואָס דו קענסט נישט דערוואַרטן פון מיר. קענסטו מיין כאַראַקטער, ברוינ־שטיין? ניין. איך וועל דיר פרוּוון דערקלערן, וואָס פאַר אַ מענטש איך בין. אַ פרייער מענטש, הגם נישט אין דעם זין, ווי די גאַס פאַרשטייט עס. אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש. תמיד געשטרעבט צו זיין זעלבסטשטענדיק. איך בין אַוועק נאָך גאָר אַ יינג מיידל פון מיין פאָטערס הויז, כדי נישט צו זיין אָפּהענגיק פון קיינעם. איך באַמי זיך, ווי ווייט איך קען, צו קאָנטראָלירן זיך אַליין; איך דולד אָבער נישט, ווען אַן אַנדערער וויל מיך קאָנטראָלירן. אין מיין גאַנץ לעבן איז מיר נאָר לייכט געווען, יאָ, לייכט און ליב איז מיר געווען, צו אונטערוואַרפן זיך דעם ווילן פון איין מענטש, מחמת איך האָב אים משוגע ליב געהאַט...

— און דערדאָזיקער מענטש איז געווען ליעוו? — האָט ברוינשטיין שטיל געפרעגט.

— יאָ, ער — האָט בערטאַ געענטפערט פאַרטראַכט — אים האָב איך געליבט אַנדערש, גאַנץ אַנדערש... אין פאַרגלייך מיט אים בין איך געווען אַן אומבאַהאָלפן קינד!...

ברוינשטיין איז געוואָרן אומרויק. ער האָט אַרויסגעפּליס־טערט:

— בערטאַ, איך פיל, אַז דו האָסט אים נאָך איצט אויך משוגע ליב.

זי האָט אַ שמייכל געטון אויפגערעגט, און געענטפערט:

— ניין! אַמאָל טו איך אַ בענק נאָך אים, אמת. אָבער ליב האָבן אים ווי פריער — ניין! אין די פינף יאָר איז יענע משוגענע ליבע באַגראָבן געוואָרן אונטער אַש און זי וועט קיינמאָל אַזוי נישט אויפפלאַמען, ווי אַמאָל... אָבער זאָלן מיר פון דעם נישט

רעדן מער! — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון — איך וויל דיר נאָר געבן צו פאַרשטיין מיין כאַראַקטער... .

— אין אָט די רייד דיינע ווייזט זיך אויך אַרויס דיין כאַראַקטער — האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן, און אויפן האַרץ איז אים געווען מוראדיק שווער.

— אויב דו זעסט אין דעם אויך מיין כאַראַקטער, בין איך צופרידן — האָט זי דאַן גערעדט ווייטער — קיין זאַך וויל איך פון דיר נישט באַהאַלטן. זע מיך און קען מיך און ווייס, וואָס דו קענסט פון מיר דערוואַרטן. דיר איז נישט געפעלן געווען, פאַר־וואָס איך האָב געוואָלט האָבן אַן עסק מיט יענע דזשענטלליים. איך וועל עס אָבער טון, נישט מיט דיר, איז מיט אַנדערע, צי דיר וועט עס געפעלן, צי נישט. מחמת מיר אַליין געפעלט עס.

— פאַרוואָס זאָל עס דיר געפעלן? און ווי קאָן עס דיר גע־פעלן? — האָט ער זיך אָנגערופן.

— מחמת אויף אַזאַ אופן דריק איך אויס מיין פאַראַכטונג. זאָל זיין, אַז דאָס איז נישט דער ריכטיקער אופן, אָבער מיין אופן איז דאָס. איך פאַראַכט די פרוי, וואָס זי דענקט, אַז זי איז נישט מער ווי אַ שטיק פאַרמשכנט פלייש באַ איר מאַן און איך פאַראַכט דעם מאַן, וואָס ער קוקט אַזוי אויף דער פרוי. נאָך מער פאַראַכט איך די מענער, וואָס זיי דערלויבן זיך אַזוינס, פאַרוואָס זיי אַליין וואָלטן זייערע פרויען געעגט און אפילו דערמאָרדעט. דערפאַר, ווען איך טרעף אַזאַ מאַן...

— איך נעם זיך נישט אָן, חלילה, פאַר דער אַלטער באָבי־צע־מאַראַל — האָט זי אַ שמייכל געטון — נאָר פאַר דעם מענטש און פאַר מיין אייגענער ווירדע. מיט אַ מאַן, וואָס וועט זיך פאַרהאַלטן צו מיר מיט רעספּעקט, צי מיט אַן אויפריכטיק געפיל, וועל איך זיך דאָס קיינמאָל נישט דערלויבן. גלייב מיר, ברוינ־שטיין, איך האָב עס דיר שוין אַמאָל געזאָגט. ווען דו וואָלסט גע־ווען אַן אַנדערער, וואָלסטו שוין לאַנג באַ מיר אויסגעזעען ווי אַ משוגענער...

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— איך האָב דיך די גאַנצע צייט געליבט.

— נישט די ערשטע צייט, דו האָסט פאַרגעסן. איך האָב שוין דערפילט, ווען דו האָסט דיך פאַרליבט אין מיר. אויפריכטי־קע ליבע מאַכט אַלע מאָל אַן איינדרוק אויף יעדער פרוי, זי דער־שפירט שוין דאָס אויפריכטיקע געפיל.

ער האָט זיך דאַן אָנגערופן:

— בין איך דען דער ערשטער מאַן נאָך יענעם... (ער האָט געוואָלט אָנרופן דעם נאָמען ליעוו און עס איז אים שווער געווען) נאָך יענעם, וועלכער האָט זיך אין דיר אויפריכטיק פאַר־ליבט?

— ניין, אַ סך האָבן זיך אין מיר פאַרליבט, און שטאַרק, און תמיד איז מיר זייער ליבע אָנגענעם געווען, אָבער נישט מער, אפשר דערפאַר, ווייל איך האָב נאָך נישט געקאָנט אַזוי פאַרגעסן ליעוון, און אפשר מחמת אין זייער ליבע האָט געפעלט דאָס, וואָס טאָלסטאָי אין זיין „לעבעדיקן מת" רופט אָן „דאָס ראָזינקעלע", וועלכעס האָט געזאָלט מיין געפיל אויפשוימען; דאָס האָב איך ערשט אין דיין ליבע דערשפּירט...

איז ברוינשטיין גאָר אַ לעבעדיקער געוואָרן, ווען ער האָט עס דערהערט.

— וואָס מיינסטו דערמיט? — האָט ער געפרעגט מיט ליכ־טיקע אויגן.

— איך מיין דאָס, וואָס עס האָט מיין געפיל אָנגעצונדן. דיין טאַלאַנט, דיין אַרבעט, דיין גלויבן, און, דער עיקר, דיינע זייער פיינע, אויפריכטיקע געפילן...

האָט ער דאַן אַריינגענומען אירע ביידע הענט אין זיינע און אַריינגעקוקט איר גלייך אין די אויגן.

און באַ אים האָט זיך דערנאָך אַרויסגעריסן:

— כאָטש אַ צענטן טייל ליב מיך, ווי יענעם:

האָט זי געענטפערט:

— איך האָב דיך ליב, ברוינשטיין; אָבער גערענק: איך בין אַ פרייער, זעלבסטשטענדיקער מענטש און איך רעכן זיך נאָר מיט מיין אייגענעם ווילן. מיט די חברים אין ניו־יאָרק באַגיי איך

זיך חבריש. דאָס דאַרפסטו זיך איצט אַריינגעמען אין קאָפּ, אי־
דער מיר פאָרן קיין ניו־יאָרק...

ער האָט זי אַ צי געטון צו זיך און אויסגעשריגן.

— מיר וועלן ביידע זיין גליקלעך. דו הערסט? ביידע! ליב
מיך כאָטש אַ צענטל ווי יענעם! — האָט ער צוגעלייגט מיט אַ
היים פליסטערן.

און זי האָט געקוקט מיט אירע בלויע אויגן טיף־טיף אין
זיינע און אים געענטפערט אויך מיט אַזאַ פליסטערן:

— בײַ מיר אין הארץ איז איצט דאָ נאָר איינער — מיין
ברוינשטיין, מיין קינד, מיין מאַן, מיין דיכטער!...

* *
*

און שפּעטער זענען זיי ביידע אוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק
און האָבן זיך געזעגנט בלויז מיט מרס. בענדזשאַמין.

## זעכצענטער קאַפּיטל

### די נייע היים אין ניו־יאָרק

אין ניו־יאָרק האָבן זיי געדונגען אַ דירה — צוויי צימערן
מיט אַ קיך — אויף דער אַכט און זיבעציקסטער סטריט, נישט ווייט
פון צענטראַל־פּאַרק.

זייער היים האָבן זיי איינגעאָרדנט אויף אַ יאַפּאַנעזישן אופן,
ווי ברוינשטיין האָט עס גערופן. אַ חוץ אַ דיוואַן, וואָס מען האָט
אים צענומען באַנאַכט פאַר אַ געלעגער, און אַ חוץ אַ קליין טישל
און אַ געשטעל פאַר ציגאַרעטן־אַש, וואָס זענען פאַררוקט גע־

וען אין א ווינקל, זענען קיין צנדערע שטיקער מעבל אין די צוויי צימערן נישט געווען.

אויפן דיל זיינען אויסגעלייגט געווען נייע טעפּיכער, אויף וועלכע מען האָט געזאָלט זיצן, אַנשטאָט אויף שטולן, און אויף די ווענט זענען געהאַנגען צוויי בילדער, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט יאַפּאַנעזישע לאַנדשאַפטן, וועלכע ברוינשטיין האָט אַלס מתנה באַקומען פון זיינס אַ פריינד אַ מאָלער, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען אין יאַפּאַן. אויף די עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן זיי אָנגעהאָנגען יאַפּאַנעזישע קאָלירטע לאַמטערנעס, און פאַר דער קיך האָבן זיי געקויפט אַ ביסל געשיר, און פאַרטיק.

אויף דערדאָזיקער באַלעבאַטישקייט האָט ברוינשטיין אויסגעגעבן גאַנצע דריי חדשים פון זיין געהאַלט, וואָס זיין רעדאַקציע האָט אים אַוואַנסירט, און אויך בערטאַ איר גאַנץ ביסל געלט, וואָס זי האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט אין דער באַנק.

און דעם ערשטן טאָג פאַרנאַכט, ווען בא זיי אינדערהיים איז אַלצדינג איינגעטעטלט געווען און פון די יאַפּאַנעזישע קאָלירטע לאַמטערנעס האָט זיך צעשפּרייט אַ ראָזעווער וואָלקן איבער די צוויי צימערן, זענען ביידע, אי ברוינשטיין, אי בערטאַ, געווען אָן אַ שיעור גליקלעך פון זייער היים.

— ווי רייצנד, ווי פריש, ווי שטימונגספול! — האָט גערעדט בערטאַ, און זי האָט געלויכטן פון פרייד.

— אַ כפּרה דער רייכסטער פּאַלאַץ! — האָט געקוואָלן ברוינשטיין, און מיט נחתדיקע אויגן געקוקט אויף איר.

דערנאָך האָבן זיי ביידע זיך אָנגענומען פאַר די הענט, מעשה גליקלעכע קינדער, און האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן טעפּיך.

— נו, דאַרף מען האָבן שטולן? איז אַזוי נישט אָנגענעמער, באַקוועמער, פרייער? — האָט זי געזאָגט.

— מיר זענען איינגעהילט אין ראָזעווען ליכט — האָט ער גערעדט מיט התפעלות. — דו מיינסט, בערטאַ, אַז דאָסדאָזיקע ליכט קומט פון דאָרט? ניין, פון אונז שלאָגט עס אַרויס, פון אונזערע געמיטער. אונזער גליק איז עס אַזוי רויז!...

אזוי האָבן זיי זיך געפּרייט דעם ערשטן טאָג, אזוי האָבן זיי זיך געפּרייט די ערשטע וואָך און וואָכן שפּעטער.

יעדן אויפדערנאַכט, ווען בערטאַ איז אַהיימגעקומען פון איר „יוניאָן=אָפּיס"*), האָט זי עפּעס מיטגעבראַכט פאַר זייער באַלעבאַ־טישקייט — אמאָל אַ געשטיקט קישעלע, צי אַן אַנדערע שיינע קלייניקייט, און נאָך אָפטער בלומען.

און אין יעדער דאָזיקער קלייניקייט, וואָס זי האָט אַהיימגע־בראַכט, האָט ברוינשטיין געזען אַ נייעם באַווייז פון איר ליבע און פון איר צוגעבונדנקייט צו איר היים, און ער איז געווען אי־בערגליקלעך.

יעדן אינדערפרי האָבן זיי געגעסן פרישטיק אין אַ רעס־טאָראַן אויף בראָדוויי, דערנאָך זענען זיי ביידע געפאָרן דאַונ־טאַון — ער אין אָפיס פון דער צייטונג, וווּ ער האָט געאַרבעט, און זי — אין איר יוניאָן=אָפיס.

אינם אָפיס פון זיין צייטונג האָט ער געאַרבעט עטלעכע שעה, ס'רוב „שוואַרצע אַרבעט", אונטער וועלכער ער האָט זיין נאָמען נישט אונטערגעשריבן. די ריכטיקע אַרבעט, אין וועלכער ער האָט זיין נשמה און זיין גלויבן אריינגעלייגט, האָט ער דער־נאָך אינדערהיים געאַרבעט.

אַהיים איז ער געקומען עטלעכע שעה פריער פאַר בערטאַן, דאַן האָט ער זיך גלייך געזעצט באַם טיש און געשריבן ווייטער זיין ווערק, וואָס ער האָט באַשלאָסן אָנצורופן: „די נייע אדם און חוה", דאָס אייגענע ווערק וועגן די נייע מענטשן, דעם נייעם מאַן און דער נייער פרוי, איבער וועלכן ער האָט געאַרבעט אין די בערג.

און אַמאָל, ווען בערטאַ איז אַהיימגעקומען, האָט ער פאַר איר גלייך געלייענט דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, און אַן אַנ־דערטמאָל האָט ער עס פאַר איר געלייענט נאָך אָונט=ברויט, וואָס זיי האָבן געגעסן יעדן אָוונט אין דעם בראָדווייער רעסטאָ־ראַן.

---

*) אוניאָן=ביוראָ.

די אָוונטן האָבן זיי ס׳רוב פאַרבראַכט אין דער היים. זיי האָבן קיינעם צו זיך נישט איינגעלאַדן, צו קיין אונטערהאַלטונגען נישט געגאַנגען, אָן געסט און אָן אונטערהאַלטונגען איז זיי איצט פריילעכער געווען, ווען נאָר זי איז מיט אים געווען און ער מיט איר.

זיי האָבן גערעדט וועגן ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות גע־האַט מיט דער באַוועגונג, מיטן קאַמף צווישן די „רעכטע" און „לינקע" אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט דעם ווערק, וואָס ער האָט געשריבן, און מיט זייער פּלאַן וועגן פאָרן קיין רוסלאַנד, נאָכדעם ווי ער וועט פאַרענדיקן זיין ווערק.

און אין יענע אָוונטן, ווען זי איז אויפגעטראָטן אויף מאַסן־פאַרזאַמלונגען פון די אַרבעטער, איז ער כמעט תמיד געשטאַנען באַם אַריינגאַנג צו דער פּלאַטפאָרם, הינטער די קוליסן פונם האָל, און מיט באַגייסטערונג געשלונגען יעדעס פייערדיקע וואָרט, וואָס זי, בערטאַ, האָט געוואָרפן צו די מאַסן, און ווען די אַרבעטער, אַלע פונם „לינקן פליגל", ייִנגע און באַגייסטערטע פרויען און מענער, האָבן איר אַפּלאָדירט, האָט ברוינשטיין זיך גליקלעך צע־שמייכלט און ער האָט איר אויך דאַן אַפּלאָדירט, נישט מיט די הענט, מחמת שטענדיק זענען אַרום אים געשטאַנען חברים און סתם באַקאַנטע, וואָס האָבן שוין געוווּסט, אַז בערטאַ איז זיין ווייב, און דערפאַר האָט ער עפּעס זיך געשעמט צו אַפּלאָדירן איר מיט די הענט: נאָר מיטן האַרץ און מיט די צעפלאַמטע אויגן האָט ער איר אַפּלאָדירט...

און דערנאָך, ווען ער מיט בערטאַן זענען געפאָרן אַהיים פון דער מאַסן־פאַרזאַמלונג, האָט ער גערעדט צו איר מיט באַ־גייסטערונג וועגן איר רעדע, און זי, הערנדיק אים, האָט אים גע־ענטפערט אַמאָל מיט אַ צאַרטן שמייכל און מיט אַ וואַרעמען האַנט־דריק, און אַן אַנדערטמאָל האָט זי זיך גוטמוטיק צעלאַכט און באַמערקט, אמת, מיט ליכטיקע אויגן:

— קורץ, מיין באַגייסטערט ייִנגל, איך בין זשאָרעס אין אַ קליידל, הורא!

איצט האָט ער נאָך מיט גרעסערער איבערצייגונג און מיט אַ

זיכערער האָט געשילדערט די האַנדלונגען פון די נייע, פריי-מענטשן אין זיין ווערק.

מחמת ער איז איצט אַזוי זיכער געווען אין דער ליבע פון בערטאַן, האָט ער, ווען ער האָט אַריינגעקוקט אין זיין אייגענעם האַרץ, געזעען דאָרט, ווי אין אַ קלאָרן שפּיגל, דעם געדאַנקען-גאַנג און די געפילן-באַוועגונג פון זיינע העלדן.

ער וואָלט אויך — האָט ער אויפריכטיק געגלייבט — גע-האַנדלט אַזוי ווי זיינע העלדן, נישט אייפערזיכטיק געוואָרן צו בערטאַן, ווען זי וואָלט זיך פאַרליבט אין אַן אַנדערן, נאָר, פאַר-קערט, ער וואָלט גליקלעך געווען דערפון, ווייל זי, בערטאַ, וואָלט גליקלעך געווען...

יאָ, אַזוי האָט איצט ברוינשטיין געגלייבט נאָך מער, איי-דער ווען עס איז פריער, מיטגעריסן פון זיין ווערק, — איצט, ווען ער איז אַלץ מער און מער זיכער געוואָרן אין דער ליבע פון זיין בערטאַן.

און מיט נאָך מער באַגייסטערונג און נאָך גרעסערער אי-בערצייגונג האָט ער געאַרבעט איבער זיין ווערק.

אַזוי איז אַוועק דער ווינטער; דריי פערטל פון זיין ווערק האָט ער שוין געהאַט אָנגעשריבן אַרום אָט דער צייט.



איינמאָל, באַלד נאָך פּסח, זענען בערטאַ און ברוינשטיין אַרויסגעטרעטן ביידע אויף אַן אַרבעטער-אונטערנעמונג — זי מיט אַן אַגיטאַציאָנס-רעדע און ער מיט אַ פאָרלעזונג. מיטאַמאָל, ווען זיי ביידע זענען אַזוי געשטאַנען הינטער די קוליסן פונם האָל און האָבן געשמועסט מיט חברים און חברטעס, איז אָנגעקומען איינער פון די באַוווסטע פירער פון דעם לינקן פליגל אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס האָט אויך געזאָלט רעדן אויף יענער אונטערנעמונג.

ער האָט באַמערקט בערטאַן, האָט ער זי באַגריסט נאָך פון

דערהייטנס און איז דערנאָך צוגעגאַנגען צו איר מיט די ווער־טער:

— תברטע בערטאַ, אַ גרוס אייך פון ליעוון.

און ער האָט עס געזאָגט אַזוי פּשוט און רויק, אַזוי ווי ער וואָלט איר איבערגעגעבן אַ גרוס פון אַ חבר, וואָס זי האָט אים ערשט נעכטן געזען.

בערטאַ האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— איר האָט פון אים באַקומען אַ בריוו?

— אַ בריוו גאָר? ער איז אַליין געקומען — האָט דער באַ־וווסטער חבר געענטפערט.

בערטאַ האָט אויסגעגלאָצט אויף אים די אויגן, איז רויט און בלייך געוואָרן, און אַ ווײַלע דערנאָך האָט זי נישט געקענט קיין וואָרט אויסרעדן.

דאַן האָט זיך בײַ איר אַרויסגעריסן:

— ליעוו איז געקומען? ווען? ווו איז ער?

— געקומען איז ער היינט און ער געפינט זיך בײַ מיר.

זי האָט דעם חבר אויפגערעגט אַ כאַפּ געטון אונטער דעם אָרעם און איז מיט אים אָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט פון די אַנ־דערע.

— וואָס מאַכט ער? ווי זעט ער אויס? און פאַרוואָס איז ער געקומען? און אויף ווי לאַנג? — האָט בערטאַ גערעדט האַס־טיק און שטאַרק אויפגערעגט.

און דער חבר האָט געענטפערט:

— ער זעט אויס דער אייגענער ליעוו. ער איז געקומען אַהער צוליב אַ געוויסן צוועק, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער היגער אַרבעטער־באַוועגונג. און ווי לאַנג ער וועט דאָ פאַרברענגען, דאָס וועגדט זיך נישט פון אים.

בערטאַ האָט צעטראָגן אַ שמייכל געטון.

— אַזוי גאָר, ליעוו איז דאָ? אַזאַ סיורפּריז! האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף מיר? — האָט זי דערנאָך מיטאַמאָל געפרעגט. און איר קול האָט אַ ציטער געטון.

— האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף אייך? — האָט דער

חבר געענטפערט און געפרוווט זיך צו דערמאָנען — ניין, איך געדענק נישט!

בערטאַ האָט אויפגערעגט אַ לאַך געטון.

— נו, וואָס איז דער חילוק? — האָט זי זיך אָנגערופן און אָדעקגעדרייט דעם קאָפּ פון אים – אַ דאַנק פאַר דעם גרוס! — האָט זי זיך דאַן אַ כאַפּ געטון, איבערגעלאָזט דעם חבר און איז צוגעגאַנגען צו ברוינשטיינען.

ברוינשטיין איז פאַרטון געשטאַנען אין דעם שמועס מיט די אַנדערע, האָט בערטאַ אים אַ ציִ געטון בײַ אַן אָרעם מיט די ווערטער:

קום, מיר וועלן גיין!

ער האָט זיך אַ קער געטון צו איר און געפרעגט:

— דו ווילסט שוין גיין אַהיים?

— יאָ, קום! — האָט זי געענטפערט צעטראָגן.

— אפשר זאָלן מיר וואַרטן און מיר זאָלן שפּעטער גיין מיט חברים אין אַ קאַפע-הויז, האַ, בערטאַ? — האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן, וועלכער איז באַזונדערס גוט אויפגעלייגט געווען, מחמת מען האָט זייער וואַרעם אויפגענומען פריער זײַן פאָרלע-זונג.

— ניין, קום אַהיים. איך וויל אין ערגעץ נישט גיין — האָט בערטאַ געזאָגט.

און גייענדיק דערנאָך מיט ברוינשטיינען צום „סאָבוויי"*), האָט בײַ בערטאַן אינעם האַרץ און אינעם מוח געטומלט און זיך גע-מישט.

זי האָט נישט געזען דעם וועג פאַר זיך און נישט געהערט אפילו וואָס ברוינשטיין האָט צו איר גערעדט.

„ליעוו איז דאָ! ליעוו איז דאָ!" — האָט זי געטראַכט צע-טומלט — „ווי מאָדנע דאָס איז, וואָס דורך אַן אַנדערן האָב איך זיך וועגן דעם דערוווּסט, דורך אַ פרעמדן!"

---

*) אונטערערדישע באַן.

און פאַר אירע אויגן האָט זיך בעת דעם געטראָגן דאָס הויכע געשטאַלט פון דעם מאַן, וואָס זי האָט אים פריער אַזוי משוגע ליב געהאַט, מיט זיין גרויען כאַראַקטער־קאָפּ און זיין ענערגיש כאַראַקטער־פּנים, מיט זיין שאַרפן בליק און ליידנשאַפטלעכן מויל, און פון איר האַרץ האָבן זיך אַזוי ווי אָרעמס געצויגן, אויפגערעגטע און צאַרטע צו דערדאָזיקער געשטאַלט, וועלכע זי, בערטאַ, האָט אפילו אין איר גליק מיט ברוינשטיינען נישט געקאָנט אינגאַנצן פאַרגעסן.

אין דעמדאָזיקן מאָמענט האָט זי זיך געפּרוווט איינרעדן, אַז מסתמא האָט זיך ליעוו יאָ נאָכגעפרעגט אויף איר, נאָר ער, דער חבר, וואָס האָט איר אָפּגעגעבן אַ גרוס פון אים, האָט עס מסתמא פאַרגעסן. ער האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז ער געדענקט נישט...

— ניין, ליעוו האָט זיך זיכער אויף איר נאָכגעפרעגט, אַנ־דערש קאָן זי זיך גאָר נישט פאָרשטעלן; זיי זענען דאָך געווען מאַן און ווייב און איר נאָענטער פריינט, ווען ער איז דאָן אַוועק־געפאָרן!

און מיטאַמאָל האָט זי אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקער חשק, צו פאָרן איצט צום חבר אַהיים, וווּ ליעוו איז איינגעשטאַנען, און זיך זעען מיט אים. זי וועט נעמען ברוינשטיינען אויך מיט זיך... ניין, בעסער אָן ברוינשטיינען... זי וויל בלייבן מיט ליעוון אַליין, אויג אויף אויג. שוין פינף יאָר זיך נישט געזעען...

זאָל זי פאָרן? אפשר וואַרטן, ביז ער וועט צו איר קו־מען?... וואָרים דער חבר, צו וועמען ער איז פאַרפאָרן, וועט דאָך זיכער אים דערציילן, אַז ער האָט זי געזען און איר דער־ציילט, אַז ער איז דאָ.

צום סוף איז בײַ איר געבליבן, אַז זי זאָל וואַרטן. מאָרגן וועט ליעוו זיכער צו איר קומען...

— ווי געפעלט דיר, ווי אַזוי די אַרבעטער האָבן אויפגענו־מען מיינע לידער? — האָט זי מיטאַמאָל דערהערט דאָס התפּעלות־דיקע קול פון ברוינשטיינען.

— יאָ, יאָ — האָט זי אים געענטפערט צעטראָגן.

— וואָס, יאָ? — האָט ער זיך אָנגערופן.

— וואָס פרעגסטו? — האָט זי זיך דאַן אַ כאַפּ גע־טון.

— הערסט? — האָט ער זיך פאַרוואונדערט — איך רעד צו דיר און רעד, און צום סוף... איך פרעג: ווי געפעלט דיר, ווי אַזוי די אַרבעטער האָבן אויפגענומען מיינע לידער?

— פיין! — האָט זי געענטפערט מיט אַ צעטראָגענעם שמייכל.

— און דיין רעדע איז אויך געווען אַ בריליאַנטענע, ווי גע־ווינטלעך...

— ברוינשטיין — האָט זי זיך דאַן אָנגערופן — מיר האָבן אַן אורח פון רוסלאַנד. דו האָסט געהערט?

— ווער איז דער אורח?

— טרעף! — האָט בערטאַ אַ שמייכל געטון, און זי האָט צוגעלייגט — דו וועסט נישט טרעפן. דו ווייסט, ווער עס איז היינט געקומען? ליעוו...

— ליעוו?...

און ברוינשטיין איז געבליבן שטיין אַזוי ווי צוגעוואַקסן צום טראָטואַר, מיט גרויסע צעטומלטע אויגן אויסגעגלאָצט אויף בערטאַן.

בערטאַ האָט זיך הילכיק צעלאַכט.

— זע נאָר, וואָס איז דער מער מיט דיר? — האָט זי גע־לאַכט — פאַרוואָס האָסטו זיך דערשראָקן? קום, קום, יינגל, האָב נישט מורא. קיינער וועט מיך נישט אַוועקכאַפּן בײַ דיר!

און זי האָט אים אַ כאַפּ געטון אונטערן אָרעם און אים אַוועקגעשלעפט נאָך זיך.

— און ברוינשטיין, אַ צעמישטער, האָט געמורמלט.

— דו לאַכסט נישט פון מיר, בערטאַ? ווען איז ער געקו־מען?

און בערטאַ האָט אים דערציילט, ווי אַזוי זי האָט זיך דער־וווּסט וועגן דעם.

און אין אַ ווײַלע אַרום, ווען זיי זײַנען געזעסן אין אַ וואַ־

גאַן פון דער אונטערערדישער באַן, איז ברוינשטיין נאָך אַלץ נישט געקומען צו זיך פון אָט דערדאָזיקער אומגעריכטער בשורה. ער האָט זיך אָנגערופן צו בערטאַן:

— וואָס וועט איצט זיין?

— וואָס מיינסטו?

— דו וועסט זיך מיט אים זען? — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ ציטערנדיק קול.

— פאַרוואָס נישט?

— איך מיין, ווייל דו האָסט אים אַזוי ליב געהאַט...

— איז דאָך אַוודאי באַטירלעך, אַז מיר זאָלן זיך זען — האָט בערטאַ געענטפערט.

— און אפשר האָסטו אים נאָך איצט אויך ליב — האָט ער ווידער געזאָגט און צוגעלייגט מיט געבעטע אינעם קול — זיי אָפנהאַרציק מיט מיר, בערטאַ...

— איך בין אָפנהאַרציק מיט דיר, ברוינשטיין; איך בין אַלעמאָל געווען מיט דיר אָפנהאַרציק און וועל עס שטענדיק זיין.

— נו? — האָט ער אַרויסגערעדט.

— וואָס נו? — האָט זי געפרעגט.

— כ׳מיין... דו האָסט אים נאָך איצט אויך ליב?

האָט זי אַ קוק געטון אויף אים און גלייך נישט געענטפערט. דאַן האָט זי זיך אָנגערופן:

— האָב איך דיך ליב, ברוינשטיין?

— אַזוי האָב איך ביז איצט געמיינט — האָט ער געענטפערט.

— און איצט מיינסטו עס שוין נישט? האָסט זיך געכאַפּט, אַז דו האָסט אַ טעות געהאַט און אַז איך נאַר דיך?

— ניין, איך זאָג עס נישט.

— אָבער דו מיינסט עס...

— וואָס פאַלט דיר איין, בערטאַ?

— פון דיין צעטומלטקייט און פון דיין שרעק און פון דיינע שאלות קאָן איך דאָס זען — האָט זי זיך אָנגערופן.

— איך בין נישט צעטומלט געוואָרן, בערטאַ, נאָר...

— נאָר וואָס? — האָט זי אונטערגעכאַפּט.

— דאָס איז געווען פאַר מיר אַזאַ סיורפּריז, אַזאַ איבעררא־שונג — האָט ער אַרויסגעמורמלט.

האָט זי ווידער אים אָנגעקוקט אַ ווײַלע און געשוויגן. דער־נאָך האָט זי געזאָגט מיט אַ שפּאָטישן שמייכל:

— און דו ווילסט מיר אַלץ אײַנרעדן, אַז דו ביסט נישט אײַפערזיכטיק. עך, דו דיכטער פון די העלדן, וואָס זיי ליבן פרײַ און וואָס זיי ווייסן נישט פון קיין אײַפערזוכט, שעם זיך!...

ברוינשטיין האָט אַרויסגעמורמלט פאַרשעמט:

— דו טראַכסט אויס אויף מיר אַ בלבול, בערטאַ. איך פאַרזיכער דיך, אַז דאָס איז נישט אײַפערזוכט. און פאַרוואָס זאָל איך זײַן אײַפערזיכטיק? נו, איז ער געקומען. איז וואָס? איך פאַר־ווער דיר נישט צו זען זיך מיט אים...

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— דו פאַרווערסט מיר נישט? טאַקע? אײַ־אײַ, וואָס פאַר אַ פרײַער גייסט דו ביסט! פאַרוואָס שטעלסטו נישט אַרײַן זיך אַליין אין דײַן ווערק פאַר אַ מוסטער פון אַ פרײַער פערזענלעכקייט? פאַרווערט מיר נישט, הוראַ!...

איז ברוינשטיין דאַן נאָך מער צעמישט געוואָרן און האָט ווידער אַרויסגעמורמלט:

— אַנטשולדיק, בערטאַ. נישט קיין געלונגענער אויסדרוק האָט זיך בײַ מיר אַרויסגעריסן. אָבער דו פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז איך האָב נישט געמיינט אין דעם זין, ווי דו טײַטשסט אים אויס...

און בעת דעם האָט ער געטראַכט:

„איך רעד דאָך טאַקע עפּעס ווי אַן אידיאָט!"

און נאָכדעם האָבן זיי מער נישט גערעדט, זענען געזעסן איינער לעבן אַנדערן, יעדער פון זיי פאַרטון אין זיך.

זי האָט ווידער געטראַכט פון ליעוון. געטראַכט, אַז מאָרגן וועט זי אים זיכער זען, און אינם האַרץ בײַ איר האָט עפּעס אויפ־געציטערט, ווי אַ ניגון, וואָס זי האָט אַמאָל געזונגען אין מיינט ן

פון העכסטן גליק, אָן וועלכן זי האָט זיך איצט מיטאַמאָל דער־מאָנט. . .

האָט זיך דאָס איר אַמאָליק געפּיל צו ליעוון אין איר האַרץ געוועקט? בערטאַ אַליין וואָלט עס געלייקנט. ווייל זי איז זיכער געווען, אַז איצט האָט זי געליבט ברוינשטיינען אַליין. זי וואָלט דערקלערט, אַז דאָס עפּעס, וואָס האָט בײַ איר אין האַרץ אויפ־געציטערט, איז געווען פרייד איבער דער באַגעגעניש מיט אַ נאָ־ענטן פריינט, מיט אַ חבר, מיט אַ מענטש, וואָס איז איר אַמאָל געווען זייער טייער, און נישט מער.

און ער, ברוינשטיין, האָט געטראַכט: „וואָס טראַכט זי איצט? צי נישט וועגן יענעם?" . . .

און ער האָט זיך געוועדט קעגן דעם אומעט, וואָס האָט אים גענומען דריקן, און האָט אים נישט געקאָנט ביי־קומען.

און ווידער האָט ברוינשטיין זיך אין די געדאַנקען גערופן „אידיאָט", הלמאי ער לאָזט גאָר צו צו זיך אַזאַ גע־פיל און ער האָט צו זיך געטענהט: „און אַז זי טראַכט וועגן יע־נעם, טאָר זי נישט, וואָס? ווי אַזוי פאַלט מיר גאָר איין אַזאַ גע־דאַנק? אידיאָט!"

אָבער דעם אומעט האָט ער מיט דידאַזיקע און נאָך אַזעל־כע טענות נישט געקאָנט פאַרטרייבן.

שפּעטער, ווען ער מיט בערטאַן האָבן פאַרלאָזט דעם וואַגאָן און זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס, האָט זי באַמערקט, ווי אומע־טיק ער איז געווען, און זי האָט זיך גלייך אָנגעשטויסן, פאַרוואָס, און זי האָט אים געוואָלט באַרויקן.

זי האָט זיך אָנגערופן מיט אַ סך וואַ־עמקייט אינם קול:

— ברוינשטיין, פאַרוואָס ביסטו אַזוי אומעטיק?

— איך? — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון — אַ האָר נישט! ניין, דיר ווייזט זיך אויס, אַז איך בין אומעטיק!

און ער האָט געפּרווט פריילעך שמייכלען.

און אַזוי ווי צו באַשטראָפן זיך אַליין, פאַרוואָס ער איז אומעטיק געווען. האָט ער נאָך צוגעלייגט:

— דו הערסט, בערטאַ, דו זע זיך מיט אים מאָרגן און לאַד אים איין צו אונז אויף אַ מיטאָג.

— יאָ, דאָס וועל איך אומבאַדינגט טון — האָט זי געענטפערט.

און אַז אים איז דערפון נאָך שווערער געוואָרן אויפן האַרץ, האָט ער ווייטער גערעדט, צולהכעיס זיך אַליין, דאָס הייסט זיינע געפילן:

— זאָג אים גאָר, אַז ער זאָל בײַ אונז וווינען.

— ווו וועלן מיר אים אַהינטון? — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן — ווען מיר וואָלטן געהאַט נאָך איין צימער...

און אַז ברוינשטיין האָט זיך געפרייט, פאַרוואָס נאָך איין צימער איז בײַ זיי נישט געווען, האָט ער, צולהכעיס זיין פרייד, ווידער געזאָגט:

— אפשר אין די צוויי צימערן וועלן מיר געפינען פּלאַץ פאַר אים...

— ניין — האָט בערטאַ געענטפערט — עס וועט זיין נישט באַקוועם. און, ווידער — האָט זי צוגעלייגט — ווייס איך אינגאַנצן נישט, ווען איך וואָלט אַפילו געהאַט מער צימערן, צי איך וואָלט וועלן, אַז ער זאָל וווינען בײַ אונז. ניין, גיכער נישט!

— פאַרוואָס נישט? — האָט ער זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין איר.

— אָט דערפאַר — האָט זי געענטפערט — דו דאַרפסט אַליין פאַרשטיין פאַרוואָס.

— איך פאַרזיכער דיך, בערטאַ, אַז איך אַליין וואָלט צופרידן געווען, אַז ער זאָל וווינען בײַ אונז.

זי האָט זיך צעלאַכט.

— טאַקע? — האָט זי זיך אָנגערופן און געקוקט אויף אים מיט לאַכנדיקע אויגן.

— ערנסט, בערטאַ.

— דו מיינסט עס גיסט, ברוינשטיין — האָט זי ווידער אַ
לאַך געטון.

— איך מיין עס יאָ.

— דו רעד נאָך איין וואָרט, און איך וועל דיך טאַקע פּאָלגן,
און ליפּוו וועט זיך אַריינציען צו אונז — האָט זי גע-
זאָגט.

— זאָג איך דיר, אַז איך וועל זיין צופרידן דערפון — האָט
ער ווידער זיך אָנגערופן, און עס איז אים ווידער אומעטיק און
שווער געוואָרן אויפן האַרץ.

בערטאַ האָט דערנאָך אַ ווײַלע געשוויגן, דאַן האָט זי גע-
זאָגט:

— ניין, בעסער, אַז ער זאָל נישט וווינען בײַ אונז.

האָט ער דאַן מיטאַמאָל אַ טראַכט געטון:

„זי האָט מורא פאַר אים. אַ סימן, אַז זי ליבט אים
נאָך!"

און בײַ אים האָט זיך אַרויסגעריסן:

— דו היטסט זיך פאַר אים, זע איך!

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, ברוינשטיין.

— היינט פאַרוואָס זאָגסטו, אַז בעסער זאָל ער נישט ווױ-
נען בײַ אונז? וואָס מיינסטו מיטן „בעסער"?

— וויל איך דיר נישט ענטפערן אויף דעם! — האָט זי
געזאָגט.

דערנאָך, ווען זיי זענען געקומען אַהיים, האָט בערטאַ, אַזוי
ווי זי וואָלט געענטפערט אויף אירע געדאַנקען, זיך אָנגערופן צו
אים:

— ברוינשטיין, דו זאָלסט וויסן, אַז איך דאַרף זיך נישט
היטן פאַר אים, ווײַל ער, קאָן זיין, האָט מיך שוין לאַנג פאַרגעסן
און איך ליב דיך, נאָר דיך.

— איז דאָס אמת, בערטאַ, אַז דו ליבסט נאָר מיך? — איז
ער צוגעגאַנגען צו איר און האָט אָנגענומען איר האַנט און אַריינ-
געקוקט איר אין די אויגן.

— האָב איך דיר אַמאָל אַ ליגנט געזאָגט, ברוינשטיין? —
האָט זי געענטפערט.
— און יענעם, בערטאַ?
— ווי אַ פּריינט דערוויילּ...
— „דערווייל?" — וואָס מיינסטו, בערטאַ?...
— איך מיין דערווייל, ווייל מאָרגן, קאָן זיין, זאָל קיין פריינד אויך נישט זיין.
— פאַרוואָס?
— ווייל וואָס מער איך טראַכט וועגן דעם, אַז ער האָט מיר נישט אָנגעזאָגט וועגן זיין קומען, אַלץ קלאָרער ווערט מיר, אַז ער האָט מיך שוין לאַנג נישט אין זינען. און עס איז בעסער אַזוי! — האָט בערטאַ צוגעלייגט, און אויפגערעגט געשמייכלט — ניי, האָט ער אַן אַנדערע מסתמא, האָב איך דאָך אויך אַן אַנדערן, זענען מיר קוויט? נאַטירלעך, ער האָט געמעגט שרייבן צו מיר, אַז ער קומט; האָט זיך געמעגט נאָכפרעגן אויף מיר, ווען ער איז געקומען; אָבער אַז ער האָט עס נישט געטון, מאַכט אויך נישט אויס — בעסער אַזוי...
און זי האָט זיך אַ צי געטון צו ברוינשטיינען און אים שטורמיש אַרומגענומען.
— אַבי דו ביסט מיט מיר, אַבי דו ליבסט מיך — האָט זי אַרויסגעפּליסטערט מיט אַ הייסן אָטעם — דאַרף איך קיינעם נישט מער, גייט מיך קיינער מער נישט אָן, קיינער, קיינער. דו הערסט? קיינער!...
און זי איז צוגעפאַלן צו זיינע ליפּן מיט אירע און האָט אים געקושט, אַזוי ווי זי האָט אים נאָך קיינמאָל פריער אַזוי נישט געקושט.
און דידאָזיקע קושן אירע האָבן אים איצט אָנגעצונדן מער ווי ווען עס איז פריער. ער האָט צווישן זיינע ביידע הענט אַריינגעכאַפּט איר קאָפּ און אים אָפּגעוואָרפן אַביסל צוריק, אַזוי, אַז ער זאָל קאָנען קוקן איר אין די אויגן; און ער האָט געקוקט אין זיי, אין זייער הייסער און מיט ליידנשאַפט פאַרנעפּלטער בלויקייט, געקוקט, און עס האָט אים געצויגן צו אירע פיס זיך וואַרפן און

אַרומכאַפּן אירע קני און אויסשרייען דאָס, וואָס ער איז נישט אימשטאַנד געווען אויסצודריקן מיט ווערטער; דאָס, וואָס עס האָט אים געמאַכט ציטערן פונם קאָפּ ביז צו די פיס; דאָס, וואָס עס האָט געברענט אין זיין פלייש, אין זיין בלוט, אין זיין האַרץ.

פלוצלינג האָט זיך בא אים הייזעריק אַרויסגעריסן: „דו!"
און ער האָט זי אַ כאַפּ געטון אין זיינע אָרעמס און גענומען זי ווילד קושן.

שפּעטער, ווען זיי זענען אַוועק שלאָפן, האָט זי זיך אָנגערופן צו אים:

— איז ווי זאָגסטו, ברוינשטיין, זאָל איך אים יאָ איינלאַדן ווינען בא אונז?

— איך האָב דיר שוין געזאָגט — האָט ער געענטפערט.

— רעד מיך נישט צו, וואָרים דו וועסט מיר נאָך איינרעדן — האָט בערטאַ אַ לאַך געטון.

און אַז ער האָט געשוויגן, האָט זי צוגעלייגט:

— איך וועל עס אָבער נישט טון. גוט-נאַכט!...

*

אויף מאָרגן אינדערפרי, ווען זיי זענען, ווי יעדן טאָג, געפאָרן צו זייער אַרבעט מיט דער אונטערערדישער באַן, האָט זי זיך אָנגערופן צו אים.

— ברוינשטיין, אויב איך קום היינט שפּעטער, זאָלסטו גיין עסן אָן מיר. וואָרים עס קען זיין, אַז ליעוו זאָל מיך אָפּרופן אין אָפיס און דאַן אפשר וועלן מיר ערגעץ גיין עסן.

איז ברוינשטיין אומרויק געוואָרן, ווען ער האָט עס דערהערט, און עס האָט אים פאַרדראָסן, הלמאי ער איז אומרויק, און ווידער האָט ער, אַזוי ווי נעכטן, צולהכעיס זיך, איר געזאָגט:

— יאָ, יאָ, אוודאי... גיי מיט אים עסן, גיי...
פאַרוואָס זאָלסטו נישט גיין?...

און שפּעטער, ווען ער איז געזעסן אין דער רעדאַקציע פון דער צייטונג, ווו ער איז געווען אָנגעשטעלט פאַר אַ מיטאַרבע־טער, און האָט געשריבן, האָט ער זיך יעדע ווײַלע געפרעגט:

„פאַרוואָס איז מיר היינט אַזוי אומעטיק?"

און באמת האָט ער געוווסט, פאַר וואָס אים איז אומעטיק געווען, נאָר ער האָט זיך געוואָלט איינרעדן, אַז ער ווייסט נישט.

אַזוי גראָבט איין דער שטרויס־פויגל זיין קאָפּ, בעת ער דערשמעקט זיין שונא, מיינענדיק, אַז ווען ער וועט נישט קוקן אויף זיין שונא, וועט יענער אים אויך נישט זען.

מיטאָגצייט האָט ער אָפּגערופן בערטאַן אין איר יוניאָן־אָפיס און געפרעגט בײַ איר:

— נו, וואָס האָסטו געהערט פון דיין פריינד?

— ניין — האָט זי אים געענטפערט אין טעלעפאָן אויפגע־רעגט, ווי אים האָט זיך אויסגעחיזן — איך האָב פון אים נישט געהערט און וויל פון אים נישט הערן! וואַרט אויף מיר אין רעס־טאָראַן, ווי אַלע מאָל.

ברוינשטיין האָט דערנאָך פאַרלאָזט דעם טעלעפאָן מיט אַ פריילעכן שמייכל.

ער איז געקומען אַהיים פון דער רעדאַקציע אין דער אייגע־נער צייט, ווי יעדן טאָג, אַרום דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג. נאָכדעם האָט ער זיך געזעצט אַרבעטן איבער זיין ווערק און האָט געאַר־בעט אַרום אַ שעה, און געשילדערט, ווי זיינע העלדן, די ביי־ע, פרייע מענטשן האָבן געלעבט און געפילט, און געדענקט און גע־האַנדלט.

און מיטאַמאָל, בעת ער האָט געשילדערט די ליבע פון איי־נער פון זיינע העלדינס, וואָס האָט שפּעטער געדאַרפט דער־ציילן איר מאַן, אַז זי האָט ליב אַן אַנדערן, און ער, איר מאַן, האָט געזאָלט אויף דעם רעאַגירן מעשה נייער, פרייער מענטש, דאָס הייסט, אָן אַ סימן פון אייפערזוכט, נאָר פאַרקערט — האָט ער אַוועקגעלייגט די פעדער און זיך אויפגעהויבן פונם אָרט.

„איז דאָס באמת אַזוי?" — האָט ער זיך איצט צום ערשטן מאָל געפרעגט און גענומען שפּרייזן איבערן צימער אויפגערעגט הין און צוריק — „אויב איר מאַן ליבט זי אַזוי, ווי איך האָב פריער געשילדערט, קען דאָן אפשר זיין, אַז ער זאָל נישט אַזוי רויק זיך באַציען צו די אינטימע פּאַרהעלטענישן פון זיין פרוי מיט אַ פרעמדן מאַן... דאָן... דאָן איז דאָך מיין גאַנץ ווערק אַ ליגנט!"

און באַ דעמדאָזיקן געדאַנק איז אים מוראדיק געוואָרן.

באַלד אָבער האָט ער זיך געענטפערט:

„ער וועט אַזוי האַנדלען. ער מוז אַזוי האַנדלען, עס טאָר גאָרנישט זיין באַ מיר קיין ספק וועגן דעם. אַז נישט, וואָס איז דער חילוק צווישן אים און דעם מענטש פון דער אַלטער וועלט? און צוואָס שרייב איך דאַן דאָס ווערק אינגאַנצן?"

אָבער גאָר זיכער אין דעם, וואָס ער האָט זיך געענטפערט, איז ער איצט נישט געווען. דאָס הייסט, ער האָט געוואָלט זיך איינשמועסן, אַז ער איז אין דעם זיכער. אָבער אויפן טיפן גרונט פון זיין נשמה האָט אַרונטערגעזונקען אַ ספק...

ער האָט אַ קוק געטון אויפן זייגער — נאָך פיר. האָט ער דאַן אַ טראַכט געטון:

„אפשר האָט יענער נאָכמיטאָג אָפּגערופן בערטאַן, צי גאָר זי באַזוכט אין איר אָפיס? זאָל איך זי אָפּרופן און פרעגן? ניין!" — האָט ער זיך געענטפערט, — „זי וועט דאַן ווידער מיינען, אַז איך בין שטאַרק אומרויק וועגן דעם, וואָס זי וועט זיך מיט אים טרעפן".

און אין אַ ווײַלע אַרום איז ער דאָך צוגעגאַנגען צום טע-לעפאָן, וואָס האָט זיך געפונען באַ זיי אין דער היים, און אָפּ-גערופן בערטאַס אָפיס און זיך נאָכגעפרעגט באַ איר, צי ליעוו האָט זי נישט אָפּגערופן נאָכמיטאָג און ווען זי, בערטאַ, האָט אים גע-ענטפערט, אַז ניין, און אים ווידער דערמאָנט, אַז ער זאָל אויף איר וואַרטן אין רעסטאָראַן, האָט ער איר געוואָלט ווייזן, אַז ער פרעגט זיך נאָך אויף ליעוון, נישט חלילה, מחמת ער, ברוינשטיין,

וויל נישט, אַז זי זאָל זיך טרעפן מיט יענעם, און ער האָט זיך פלוצלינג אָנגערופן:

— אפשר, בערטאַ, זאָל איך אים גאָר אָפרופן און אים איינלאַדן צו אונז?

— זיי נישט קיין נאַר. און איך בעט דיך נישט! — האָט ער דערהערט איר אומצופרידענעם ענטפער.

איז אים נאָכדעם ווידער פריילעך געוואָרן אויפן האַרץ, אָבער גאָר פריילעך; ער האָט געוויזן איר, בערטאַן, און זיך אַליין, אַז ער איז פאָרט דער אמת־פרייער מענטש. ווען ער האָט געוואָלט אַליין יענעם איינלאַדן צו זיי אַהיים! אין דערדאָזיקער רגע האָט ער אַליין געגלייבט, אַז ער האָט עס טאַקע געוואָלט...

דאַן האָט ער נאָך אַ שעה געאַרבעט מיט באַגייסטערונג איבער זיין ווערק. און נאָך פינף איז ער אַוועק אין רעסטאָראַן אויף בראָדוויי זיך צו טרעפן מיט בערטאַן.

אַזוי זענען אַוועק נאָך עטלעכע טעג, און בערטאַ האָט זיך מיט ליעוון נישט געטראָפן.

און יעדן טאָג האָט בערטאַ גערעדט וועגן ליעוון מיט ברוינשטיינען אַלץ אויפגערעגטער און פיינטלעכער; האָט אים דערציילט, אַז פון איר פריערדיקער ליבע צו יענעם איז בא איר אין האַרץ קיין זכר נישט פאַרבליבן; אַז אפילו דעם רעספעקט, וואָס זי האָט פריער צו יענעם געהאַט, האָט זי פאַרלוירן. מחמת ווען זי טראַכט איצט פון יענעם, זעט זי ערשט איין, וואָס פאַר אַ שוועכער מענטש יענער איז און וואָס פאַר אַ מוראדיקער עגאָאיסט. פריער האָט זי דאָס נישט געקענט זען, ווייל זי איז געווען משוגע פאַרליבט אין אים; אָבער איצט, אַז זי איז גלייכגילטיק צו אים, אינגאַנצן גלייכגילטיק — האָט זי גערעדט כמעט מיט פאַרביטערונג — זעט זי יענעם מיט אָפענע, קלאָרע אויגן. אַ שוועכער מענטש, אַן עגאָאיסט, טראַכט נאָר פון זיך אַליין. נאָר פון זיך אַליין!

און אַן אַנדערש מאָל האָט בערטאַ גערעדט:

— נו, און אַז מען האָט שוין אַן אַנדערע, און ווען מען איז שוין אפילו פאַרליבט אין איר משוגע, איז דערפאַר וואָס?

טאַר מען זיך דערפאַר נישט דערמאַנען אַן דער פרוי, וואָס זי איז אַמאָל געווען אַזוי נאָענט? דו פאַרשטיי מיך, ברוינשטיין — האָט זי געקעדט פאַרביטערט — מיך אַרט נישט, פאַרוואָס ער האָט מיך איצט אַזוי פאַרגעסן, נאָר מיך אַרט שטאַרק, ביז ווייטיק אַרט עס מיך, פאַרוואָס איך האָב אַזאַ מענטש פריער אַזוי ליב געהאַט!...

און ברוינשטיין, וואָס איז איצט זיכער געווען, אַז צווישן בערטאַן און ליעוון איז אַלצדינג געווען איצט געענדיקט, האָט רויק מיט איר מסכים געווען, אַז ליעוו האַנדלט גאָר־נישט שיין!... גאָרנישט מעשה אינטעליגענטער חבר און דזשענטלמען.

— אַ פריינט האָט ער דאָך דיר געמעגט בלייבן — האָט ער געטענהט.



איינמאָל נאָכמיטאָג, ווען ער איז געזעסן אינדערהיים און האָט געאַרבעט, האָט דער טעלעפאָן אָנגעהויבן צו קלינגען.

ער איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און באַלד האָט ער דערהערט בערטאַס קול.

— זיי היינט בײַ מ. אין קאַפע־הויז — האָט ער געהערט איר קול — אַרום עלף...

— פאַרוואָס עפּעס מיטאַמאָל? — האָט ער אין טעלעפאָן אַרייַנגעשריגן.

און בערטאַס קול האָט אים געענטפערט:

— איך האָב היינט געטראָפן ליעווין, וועלן מיר דעם אָוונט פאַרברענגען, און עלף וועלן מיר זיין דאָרט אין קאַפע־הויז...

ברוינשטיין איז אָפּגעטרעטן פון טעלעפאָן אַ צעמישטער.

— אָט האָסטו דיר! געטראָפן זיך, — האָט ער צעטומלט געטראַכט.

ווייטער אַרבעטן האָט ער שוין נישט געקענט, איז אַרומגעגאַנגען איבער די צוויי צימערן הין און צוריק, הין און צוריק, האָט אַריינגעקוקט אין דער קליינער קיך אָן אַ פאַרוואָס און זיך נישט געקענט קיין אָרט געפינען.

וואָס האָט אַזעלכעס פּאַסירט? גאָרנישט, אָדער כמעט גאָרנישט. בערטאַ האָט זיך געטראָפן מיט דעם, מיט וועמען זי האָט זיך געזאָלט פריער טרעפן; וועמען ער, ברוינשטיין, אַליין האָט געהאָלט איינלאַדן צו זיי אין הויז; און דאָך האָט עס אים איצט צעטומלט און צעמישט, און מוראדיק שווער איז אים געוואָרן אויפן האַרץ.

געוויס האָט ער אַליין דאָס געהאַלטן פאַר די נאַטירלעכסטע זאַך, אַז יענער מיט בערטאַן זאָלן זיך זעען: זיי האָבן זיך געדאַרפט זעען תיכף ווי ער איז געקומען, און דאָך... פאַרוואָס איז אים געוואָרן אַזוי שווער אויפן האַרץ. פאַרוואָס?...

אַז דאָס איז באַ אים די אייפערזוכט, די אַלטע, אַלטע אייפערזוכט פון אַ מאַן צו אַ פרוי, וואָס ער ליבט זי, און וואָס ער באַטראַכט איר מינדסט געפיל, ווי עפּעס, וואָס עס געהערט אים, און נאָר אים אַליין, — דאָס וואָלט ער, ברוינשטיין, איצט בשום אופן נישט צוגעגעבן...

אַזוי האָט ער פאַרבראַכט אינדערהיים ביז צען באַנאַכט. דערנאָך איז ער אַוועקגעפאָרן דאַון טאַון און איז געקומען אויף דער צווייטער עוועניו.

אויף דער צווייטער עוועניו האָט געראַשט. דער טראַמוויי האָט זיך מיט אַ קלינגעריי און מיט אַן אייזערנעם געפילדער דורכגעטראָגן. מאַשינעס אין די צענדליקער, מיט גרויסע, פייערדיקע אויגן, האָבן זיך געיאָגט איינע נאָך דער אַנדערער, איינע קעגן דער אַנדערער, און צייטנווייז האָט זיך איינע פון זיי צעשריגן מיט אַ ווילד געשריי, ווי אַ צערייצטע חיה רעה.

פון די וואָדעוויל־הייזער און פון די קינעמאָ־הייזער האָבן זיך געטראָגן מעכטישע שטראָמען, וואָס האָבן פאַרפלייצט

ביידע טראָטוארן און זיי פאַרהילכט מיט געלעכטער און געפּילדער.

זיי האָבן זיך געטראָגן, ווי שטראָמען פון אַ גרויסן טייך, פול מיט פרייד און לוסטיקייט.

די אַפּריל-נאַכט איז געווען אַן אָנגענעמע. זי האָט געאָטעמט מיט פרילינג.

די קאַפע-הייזער האָבן געלאָקט מיט פריילעכע, העלע פייערן. פון די געשעפטן, ווו מען האָט פאַרקויפט ראַדיאָס, האָט ווילד אַרויסגעקוויטשעט דער „דזשעז", די נייע מוזיק, וואָס זי נעמט איין איצט די גאַנצע וועלט מיט אירע ווילדע, פּרימיטיווע טענער, אפשר מחמת דערפאַר, ווייל ערשט זי דריקט אויס דעם אמתן תוך פון מענטשן. . .

ברוינשטיין האָט באַמערקט צווישן די פאַרבייגייער באַקאַנטע פרויען און מענער, וועלכע האָבן אים געגריסט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דעם קאַפע-הויז, ווו ער האָט געזאָלט זיך טרעפן מיט בערטאַן און ליעוון און ווו פריער, איידער ער האָט זיך געטראָפן מיט בערטאַן, איז ער געווען אַ שטענדיקער אָנגעלייגטער גאַסט.

דורך די העל-באַלויכטענע גלעזערנע טירן און פענצטער האָבן זיך געריסן פריילעכע טענער פון אַ צימבל און מענטשישע שטימען און געלעכטער.

ברוינשטיין האָט אַ קוק געטון אויף זיין זייגער — געווען באַלד עלף.

## זיבּצענטער קאַפּיטל

### אינם קאַפע־הויז

ער איז אַריין אין קאַפע־הויז, האָט געוואָרפן די אויגן אויף אַלע זייטן, האָט באַמערקט אַרום די טישלעך באַקאַנטע, וואָס האָבן זיך צו אים געגריסט מיט הענט און שמייכלען; באַמערקט דעם פריינטלעכן שמייכל, וואָס עס האָט צו אים געוואָרפן דער באַלעבאָס פונם קאַפע־הויז, אַ ייד מיט אַ קלוג און לאַכנדיק אויג, וועלכער האָט געקוקט אַזוי אויף זיינס אַ גאַסט, אַז עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיין לאַטשטשענדיקער בליק גליטשט זיך אַריין יענעם אין דער קעשענע, אָבער בערטאַן האָט ער דאָרט נישט באַמערקט.

האָט ברוינשטיין זיך דאַן געזעצט אַליין בײַ אַ טישל און אים איז נאָך אומעטיקער געוואָרן.

דאַן, כּדי צו פאַרטרייבן דעם אומעט, האָט ער זיך גענומען בעסער צוקוקן צום עולם, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען.

ער האָט באַמערקט די פאַרפירערישע ציגיינער־געשטאַלט פון פערלען און תּיכּף נאָך איר — דאָס קינדעריש־אומשולדיק־שמייכעלע פון דער בלאָנדער בלוי־אויגיקער רחלען, פון דער שטילער אין זיך פאַרשלאָסענער רחלען, וואָס האָט אים, ברוינשטיינען, אַ פּאָר מאָל געקושט מיט אַ מינע און ליפּן, ווי אַ פרום יידיש ווייבל איר צאינה וראינה.

און דערנאָך איז זיין בליק געפאַלן אויף דער שלאַנקער, טונקעלער, הויך־בּוזימדיקער און שוואַרץ־אויגיקער געשטאַלט פון דעם קעבּעדער ווייבל, וואָס איר טונקלקייט, ווי ברוינשטיינען האָט זיך אויסגעוויזן ערשט מיט איין יאָר צוריק, איז געווען אַ טונקעלער שלייער איבער אַ פלאַקערנדיקן, זינדיקן פייער, וואָס מיט

אים איז אָנגעטרונקען געווען איר יעדעס אבר און איר יעדע באוועגונג.

איר נאָמען האָט ער איצט געהאַט פארגעסן; נאָר דערמאָנט האָט ער זיך, אַז פאריאָרן ווינטער, ווען ער האָט זיך מיט איר צום ערשטן מאָל געטראָפן אין דעם אייגענעם קאַפע־הויז און זי איינגעלאַדן צו זיין טישל, האָט ער נאָך דעם צווייטן גלאָז וויין, אַז ער האָט איר אַ פּאָר מאָל, דאָס הייסט, דעם קענעדער ווייבל, אַ גלעט געטון איבער די האָר, אַ קוש געטון איר אין שטערן און דערנאָך — ווי וויים איז ער, דער שטערן פון די ליפּן! — האָט ער איר מיטאַמאָל אַ נאָמען געגעבן אַפראָדיטאַ.

פאַרוואָס דווקא אפראָדיטאַ? — ווייל — ווי ער האָט איר דעמאָלט בפירוש פאַרזיכערט — ווען אַפראָדיטאַ, די גריכישע געטין פון ליבע, וואָלט מגולגל געוואָרן אין פלייש און בלוט, וואָלט זי אַנדערש נישט אויסגעזען, ווי נאָר אַזוי ווי די, דאָס קענעדער ווייבל הייסט עס.

און סיי פּערל און סיי די שטילע רחלע, און סיי די טונקל־פּייערדיקע אַפראָדיטאַ האָבן איצט געשמייכלט צו אים, און ער האָט זיי געענטפערט מיט אַ צעטראָגענעם שמייכל, און נישט מער. פריערדיקע צייטן וואָלט ער צו זיי צוגעגאַנגען, אָדער צו זיין טישל זיי צוגערופן, צי זיי אַליין גאָר וואָלטן צו אים צוגעגאַנגען. און איצט זענען זיי געבליבן זיצן אויף זייערע פּלעצער און ער אויף זיינעם. — זיי האָבן שוין געהערט, אַז ער איז איצט אַ „באַלעבעסל" געוואָרן און דערפאַר האָבן זיי נישט געוווסט, צי זיי זאָלן צוגיין צו אים אָדער נישט; און ער איז נישט צוגעגאַנגען צו זיי, ווייל זיי האָבן אים שוין איצט מער נישט אינטערעסירט.

ער האָט ווידער אַ קוק געטון אויפן זייגער — שוין געווען האַלב צוועלף, און בערטאַ איז נאָך נישט געווען!

ברוינשטיין איז נערוועז געוואָרן, האָט נישט געוווסט, וואָס צו טון מיט זיך, געטראַכט, אפשר זאָל ער פאַרלאָזן איצט דאָס קאַפע־הויז און קומען שפּעטער צוריק; צום סוף איז ער געבליבן זיצן ווייטער און האָט באַשטעלט אַ פלאַש וויין, אָבער ער האָט

זיך נישט צוגערירט דערצו און נאָכאַנאַנד געקוקט מיט צעטראָגע-
נע אויגן אויף דער אַריינגאַנגס-טיר.

נייע געסט זענען אַריינגעקומען, אַנדערע פון זיי באַרימט-
קייטן פון דער יידישער גאַס.

ס'רוב פון זיי זענען געקומען מיט יינגע פרויען און מייד-
לעך, וואָס ברוינשטיין האָט זיי כמעט אַלע געקענט.

יעדע פון די דאָזיקע פרויען און מיידלעך איז געווען, אָדער
האָט געוואָלט זיין פון דעם נייעם, מאָדערנעם טיפּ.

כמעט יעדע פון זיי האָט בײַ יעדע געלעגנהייט מאַניפעס-
טירט איר פרייהייט און איר באַפרייונג פון די מנהגים און די
טראַדיציעס און פון דער אָנגענומענער מאָראַל פון דער אַלטער
וועלט.

אַנדערע פון זיי האָבן עס מאַניפעסטירט בלויז טעאָרעטיש
און אַנדערע טאַקע דורך מעשים.

אַלצדינג, וואָס עס האָט געשמעקט מיט דער אַלטער וועלט,
מיט אירע מנהגים און טראַדיציעס, און מיט איר לעבנס-שטייגער,
סיי אינם לעבן, סיי אין דער ליטעראַטור און סיי אינם טעאַטער
אויף דער בינע, האָבן אָט די פרויען און מיידלעך געהאַלטן
פאַר אַלט, פאַרשימלט און שעדלעך און עס האָט געמוזט באַקעמפט
ווערן.

נייע פאָרמען אין אַלצדינג פאָדערט דער היינטיקער מענטש,
סיי דער מאַן און סיי די פרוי. אַוועק מיט דעם פאַרטוכלעטן קב-
פון דעם פריערדיקן פאַמיליענלעבן. אַוועק מיט די שווערע פאַר-
זשאַווערטע קייטן פון דער צבועהקישער מאָראַל. דער היינטיקער
מאַן איז נישט דאָס אייגנטום פון זיין פרוי און די היינטיקע פרוי
איז נישט דאָס אייגנטום פון איר מאַן. קיינער פון זיי האָט אַ
רעכט אויף דעם צווייטנס געפילן, אויף דעם צווייטנס פערזענלעכ-
קייט, אַזוי אויך דאָס היינטיקע מיידל. אַוועק מיט יעדער באַרבאַ-
רישער פאָדערונג פון דער אַלטער וועלט. אַז זי, דאָס מיידל, מוז
פאַרבלייבן אַ ווייסע, אומשולדיקע טויב ביז צו איר חתונה..
וואָס פאַר אַ באַליידיקונג פאַר דער פרוי — פאָדערט מען דאָס
אויך פון דעם מאַן? די היינטיקע פרוי וויל נישט וויסן פון אָט

דער טאָפּלטער מאָראַל. אויב דער מאַן מעג עס, מעג עס דאָס מיידל אויך...

אָט דידאָזיקע טענות, בעצם נישט קיין נייע, וואָס מען האָט אָבער אַמאָל געהערט נאָר פון איינציקע פרויען אויף דער יידישער גאַס, פון פרויען, רעוואָלוציאָנערקעס, האָט מען איצט געהערט פון כמעט אַלע אָט די פרויען און מיידלעך, וואָס ברוינשטיין האָט זיי געקענט. פאַרכאַפּט פון דעם גייסט פון דער נייער. נאָך דער מלחמהדיקער און רעוואָלוציאָנערער צייט, האָבן אַנדערע פון זיי מיט דידאָזיקע טענות באמת אויסגעדריקט זייער רעוואָלוציאָנערן אידעאַל, אין וועלכן זיי האָבן אויפריכטיק געגלייבט. באַזונדערס יענע פון זיי, וואָס האָבן באַלאַנגט צו די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער-פּאַרטייען. און ווידער אַנדערע, אפשר ס׳רוב פון זיי, האָבן אַזוי געטענהט פאַר מאָדע וועגן, ווי זיי האָבן פאַר מאָדע וועגן גערייכערט ציגאַרעטלעך, געטרונקען דעם ווײַן, ווען זיי האָבן אים אַפילו נישט געקענט פאַרטראָגן, געשוירן די האָר ווי ייִנגלעך, גע-האַלטן זיך מיט אַ באַזונדערער בראַוואַדאָ; און בײַ אַ טייל פון זיי איז דאָס אפשר אויך געווען אַ שפּיל פון זייער טעמפּעראַ-מענט...

האָבן אַנדערע פון זיי זיך טאַקע אויפגעפירט אַזוי ווי זיי האָבן גערעדט, און ס׳רוב פון זיי האָבן בלויז גערעדט אַזוי און געחלומט פון אַ „געזעצלעכן" חתן.

פּלוצלינג האָט זיך אין קאָפּע-הויז באַוויזן דאָס הויכע, מאָ-גערע געשטאַלט פון דעם יידישן שריפטשטעלער פעדערמאַן, און פון אַלע זייטן האָט מען אים באַגריסט, און ער האָט זיך אומגע-קוקט מיט זיינע נערוועזע שוואַרצע אויגן און אויפגעכאַפּט שמייכ-לען און בליקן פון באַקאַנטע ווייבלעך און מענער, וואָס זענען גע-זעסן אַרום די טישלעך, און איבער זיין בלייך פּנים האָט זיך צע-גאָסן אַ צעריטלטער שמייכל און זיינע אויגן האָבן זיך צוואַרעמט און צעפינקלט, און ער האָט געמאַכט מיט נערוועזע הענט אויף אַלע זייטן און זיך געגריסט.

די קעלנערס האָבן אים אויך באַגריסט מיט באַזונדערע ברוך-הבאַ-מינעס; דער ייד, וואָס איז געשטאַנען הינטער אַ גרויסן

צימבל, האָט אים אַ לאַשטשע געטון מיט אַ סאַמעטענעם, שמייכל־דיקן בליק.

קאַנטיל געווען, אַז ער איז גאַר־גאַר אַן אַנגעלייגטער גאַסט אין אַט דעם קאַפּע־הויז.

ער, פעדערמאַן, איז געווען אַ באַוווסטע פּערזענלעכקייט אויף דער יידישער גאַס, אַ באַרימטער שריפטשטעלער, וואָס האָט זוכה געווען, אַז זיינע ווערק זאָלן איבערגעזעצט ווערן אויף פרעמדע שפּראַכן.

וועגן אים אַלס מענטש, האָט מען צווישן זיינע באַקאַנטע געהאַט אַ פאַרשידענע מיינונג. צווישן ס׳רוב פון זיינע באַקאַנטע, קען מען זאָגן, אַ פאַרקערטע מיינונג.

קיין מענטש איז נישט שטענדיק איין מענטש, און דער שריפטשטעלער פעדערמאַן איז באַשטאַנען פון אַ סך מענטשן.

ער איז געווען לייכטזיניק און ער איז געווען פּראַקטיש. האָט געהאַנדלט אַמאָל אימפּולסיוו און היציק און אַמאָל — אויס־גערעכנט און געלאַסן. איז געווען פאַרעקשנט און אַנטשלאָסן, און כאַראַקטער־שוואַך און נאָכגיביק, ווי דער גרעסטער שוואַכלינג. אַ חכם געווען — אין זיינע שריפטן כמעט שטענדיק — און אינם לעבן ס׳רוב אַ נאַיוו, נאַריש קינד.

ער האָט שטאַרק געגלייבט אין זיינע דיכטערישע כוחות און אין דער אייגענער צייט האָט ער זיך געשראָקן פאַר דער קאָנקו־רענץ פון אַ סך אומבאַדייטנדיקערע טאַלאַנטן איידער ער. און מחמת דעם האָט ער אַמאָל אַרונטערגעריסן אַן אַנדערנס אַ ווערק, דווקא דערפאַר, ווייל עס איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן.

אַנדערע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ רשע מרושע און ווידער אַנדערע פאַר דער גוטסקייט אַליין, און סיי די און סיי די אַנדערע זענען גערעכט געווען, אָדער אומגערעכט געווען.

מחמת ער איז געווען סיי דאָס און סיי דאָס אַנדערע, אַזוי ווי ער איז געווען, סיי אַ חכם און סיי אַ נאַר.

אַ באַהעמער לויט זיין נאַטור, האָט ער פאַרלעבט יעדע פּרוטה, וואָס ער האָט פאַרדינט.

און אין יענע צייטן, ווען ער האָט נישט געהאַט, וואָס צ

פארלעבן, איז ער געווען אומגליקלעך, איז דערשטיקט געוואָרן פון איינזאַמקייט, ווייל אין דעם קאַפּע־הויז לעבן פּאַרטויבט דער באַהעמער, די קינסטלערישע נאַטור, זיין איינזאַמקייט און בענקעניש. קיינער פילט נישט אַזוי שאַרף די איינזאַמקייט און די בענקעניש פונם לעבן, ווי דער דיכטער, בפרט דער יידישער דיכטער.

פעדערמאַן, וואָס האָט, ווי יעדער דיכטער און קינסטלער ס'רוב געלעבט צווישן דער באַפּעלקערונג פון זיין פאַנטאַזיע, האָט דערנאָך, ווען ער האָט זיך צונויפגעשטויסן מיט די קליינלעכע פּראָזאַישע אינטערעסן פון דער ממשותדיקער, פּראַקטישער וועלט, זיך אָפט געפילט נאַריש, פאַרלוירן און אויסערן פּלאַץ.

איינזאַם האָט ער זיך דאַן געפילט אין דער פּראַקטישער וועלט, וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן פּוסט און קאַלט, און אַ שווערע בענקשאַפט האָט זיך אויפגעכאַפּט אין אים, אפשר נאָך דער באַפעלקערונג פון זיין פאַנטאַזיע, צווישן וועלכער ער האָט געלעבט דאָס רוב אַזוי גליקלעך, און דאַן איז ער אַוועקגעלאָפן אינם קאַפּע־הויז.

דאָרט האָט ער צווישן זיינע פריינט שריפטשטעלער, ס'רוב אַזעלכע איינזאַמע ווי ער, און צווישן זיינע באַקאַנטע פון דעם שיינעם מין, איבערהויפט צווישן די לעצטע, בײַ אַ גלאָז ווין, זיך נישט געפילט מער איינזאַם און נישט געבענקט מער.

די פרויען זענען געווען זיין שטענדיקע שוואַכקייט. ער האָט ליב געהאַט אַלע פרויען, דערפאַר איז ער ערנסט נישט פאַרליבט געווען אין קיין איינער פון זיי.

צייטנווייז האָט ער זיך געקענט צעהיצן פאַר איינער אַזוי, אַז ער אַליין האָט דעמאָלט געמיינט, אַז זיין לעבן ממש עקט זיך אָן איר, און מיטאַמאָל אין אַ וואָך אָדער צוויי, — אויס — ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט אַן אַנדערער.

און אַמאָל האָט ער זיך הינגעריסן מיט דריי־פיר מיידלעך אויף איין קלאַפּ, און יעדע פון זיי געגלעט איבער די האָר און

איבער די באַקן, פאַרבלאָנדזשעט אַמאָל צו די ליפּן, און אין ליבע זיך דערקלערט.

און ער אַליין האָט זיך דעמאָלט געפרעגט, וועמען פון זיי ליבט ער מער. און ער האָט זיך אויף אַ נאַיװן שטייגער געענטפערט:

— אוי, זיי זענען דאָך אַלע אַזעלכע פאַרשווינדן!

אין זיינע אויגן זענען זיי אַלע געווען „איין פערל שענער איידער די אַנדערע אין דער קרוין פון דער נאַטור", ווי ער האָט גערופן דאָס ווייבערישע מין.

און אַזוי האָט פעדערמאַן געליבט אַלע מיידלעך און ווייבלעך און זיך נישט פאַרליבט אין קיין איינער פון זיי ערנסט, און ער איז פאַרבליבן ווייט אַריבער די פערציקער, וואָס דאָס האָט ער געלייקנט און וואָס מחמת דעם האָט ער אַפילו נישט געוואָלט פייערן דעם פינף און צוואַנציק יעריקן יובילעום פון זיין ליטעראַ-רישער אַרבעט. . .

ער אַליין האָט געטענהט, אַז דערפאַר וויל ער נישט חתונה האָבן, מחמת דאָס וואָרט „חתונה" שמעקט מיט קנעבלשאַפּט און מיט צבֿיעצסטוואָ פון דער אַלטער וועלט.

וואָרים פעדערמאַן, דאַרפט איר וויסן, איז אויך געווען אַזוי ווי ברווינשטיין, איינער פון די רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָט מיט היץ אַטאַקירט די אַלע אַלטע פאָרמען אינם לעבן, און באַכאַנאַנד האָט ער גערעדט וועגן זיינע נייע ווערק, וואָס ער גרייט זיך צו שרייבן, אין וועלכע ער וועט שילדערן בלויז דעם נייעם מענטש. . .

— דעמאָלט וועט די גאַנצע וועלט עפּעס דערזעען — האָט ער מיט היץ ווי געסטראַשעט.

און פאַרוואָס דווקא ער האָט זיך געהיצט אַזוי קעגן די „אַלטע פאָרמען", איז געווען אַ רעטעניש פאַר אַלעמען, וואָס האָבן געקענט אים און זיינע ביז אַהערדיקע שאַפונגען, וועלכע האָבן אים באַרימט געמאַכט.

מחמת לויט זיין גאַנצן מהות און דערציונג איז ער אַריינגע-וואַקסן געווען מיט לייב און נפש אין דער אַלטער יידישער וועלט, וואָס אירע יסורים און ווייטיקן און האָפנונגען, און אירע טראַדי-

ביעס און מנהגים, און געוווינהייטן, האָט ער אין זיין נשמה גע־
טראָגן און דאָס אַלצדינג אויסגעדריקט אין זיינע לידער און דער־
ציילונגען. און מיט קיין שום רעוואָלוציאָנערע פּראָבלעמען האָט
ער זיך פריער אויך נישט אינטערעסירט, און מיטאמאָל אַ רעוואָ־
לוציאָנער, ממש אַ רוצח קעגן אַלע אַלטע פאַרמען געוואָרן!..

האָט די נייע צייט אויף אים אַזוי געווירקט; צי איז דאָס
בלויז געווען איינס פון די סך ווידערשפּרעכונגען אין זיין כאַראַק־
טער, צי אפשר גאָר זעגצן געווען גערעכט יענע, וואָס זיי האָבן גע־
שמועסט, אַז ער איז געוואָרן אַ נייער פאַר מורא, מען זאָל אים נישט
צורעכענען צו די אַלטע, צו די „אָפּגעלעבטע" — סיי־ווי־סיי, איז
ער איצט געווען פון די סאַמע־סאַמע נייעסטע רעוואָלוציאָ־
נערן...

פלוצלינג האָט פעדערמאַן באַמערקט ברוינשטיינען, איז ער
צוגעגאַנגען צו זיין טישל.

— העלאָו, גאָר אַליין? וואָס מאַכסטו? — האָט ער דער־
לאַנגט ברוישטיינען די האַנט און גערעדט מיט אַ מין נערוועזן
אימפּעט — ווו איז עפּעס דיין ייִנג ווייבל? פאַרוואָס קומסטו נישט
אַמאָל אַהער מיט איר? דו האָסט אַ שיין ווייבל, און זייער אַן אינ־
טעליגענטע. און איך האָב געהערט זי רעדן אַמאָל, איז זי מיר
שטאַרק געפעלן געוואָרן! פאַרוואָס לאַדסטו נישט איין אַמאָל צו
זיך דיינע קאָלעגן? וואָס הייסט, געוואָרן אַ באַלעבאָס פאַר זיך, און
דו האָסט נישט געמאַכט עפּעס אַ שטיקל שמחהלע, עפּעס אַ
ליאַמע?

— מיר קלויבן זיך דאָס צו טון, — האָט ברוינשטיין צע־
טראָגן געענטפערט — זעץ זיך, פעדערמאַן, בײַ מיין טיש, זי
קומט באַלד. איך וואַרט עס אויף איר. דו וועסט טרינקען אַ גלאָז
ווייַן?

פעדערמאַן האָט זיך געזעצט. ער מיט ברוינשטיינען האָבן
זיך געהאַלטן פאַר די בעסטע פריינט.

— איך וועל טרינקען אַ גלאָז וויין, — האָט פעדערמאַן גע־
ענטפערט און אַ קוק געטון אויף זיין זייגער — שוין נאָך צוועלף.
מען קאָן נאָך אַ הוליע טון ביז איינס. ברוינשטיין, דו זאָלסט מיך

נישט לאָזן זיצן שפּעטער, ווי ביז איינס. אַ נישט בין איך אַ געקוילעטער. איך דאַרף מאָרגן אַריינגעבן אַ סקיץ אין דער רעדאַקציע. האַ, אפשר טאַקע גיין אַהיים? ווערסט מיך באַגלייטן? עפּעס אומעטיק אַליין. שאַ, איך האָב געהערט, אַז דו שרייבסט איצט גאָר אַ גרויס ווערק, איז דאָס אמת?

— איך שרייב אַ ניי ווערק — האָט ברוינשטיין געענטפערט און אַ קוק געטון מיט פאַרבענקטע אויגן אויף דער אַריינגאַנגס-טיר.

— וועגן נייע מענטשן, האָב איך געהערט...

— יאָ, — האָט ברוינשטיין געענטפערט.

— דאָס, וואָס איך קלויב זיך צו טון — האָט פעדערמאַן אַ זיפץ געטון, און זיינע נערוועזע שוואַרצע אויגן זענען מיטאַמאָל פאַרשלייערט געוואָרן מיט אַ מרה-שחורה. דערנאָך האָט ער צוגעלייגט:

— דו ביסט אַ גרויסער טאַלאַנט, ברוינשטיין, אפשר אונזער גרעסטער. און דערפאַר בין איך אַמאָל אויף דיר נאָך מער אין כעס.

— פאַרוואָס?

— דיר פעלט אַמאָל דער אמתער קינסטלערישער חוש. קינסטלערישע מאָס פעלט דיר. פיינע ניואַנסן פעלן דיר אינגאַנצן. און קינסטלערישע טיפקייט פעלט דיר אויך גאַנץ אָפט. איך רעד מיט דיר אָפן, שאַ, דו ווערסט דאָך אויף מיר קיין פאַריבל נישט האָבן פאַר דעם אמת? קיינער הערט דאָך דאָס נישט. איך זאָג דאָס דיר, ווייל איך בין דיין בעסטער פריינט און איך האַלט, אַז אַ פריינט מוז מען זאָגן דעם אמת, איך וועל אויף דיר קיין פאַריבל נישט האָבן. פאַרקערט, אדרבה, איך וועל דיר דאַנקען.

ברוינשטיין, וואָס האָט גוט געקענט זיין קאָלעגע, האָט זיך צעלאַכט.

— זאָג מיר נאָר, פעדערמאַן, — האָט ער זיך אָנגערופן — פון דיינע רייד פאַרשטיי איך, אַז דו האָסט אין דער לעצטער צייט איבערגעלייענט עפּעס מיינס אַ זאַך, וואָס איז דיר זייער

שטאַרק געפעלן געוואָרן. וואָס פאַר אַ זאַך איז דיר אַזוי געפעלן געוואָרן, זאָג מיר!

— אַי, גיי שוין גיי, — האָט פעדערמאַן זיך אַ כאַפּ געטון, און בשעת דעם ווידער אַ זיפץ געטון — דו מיינסט, אַז מיך פאַרדריסט, פאַרוואָס דו שרייבסט גוטע זאַכן? אוודאי שרייבסטו גוטע זאַכן. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דו ביסט דער גרעסטער טאַלאַנט באַ אונז. נאָך ווייניק? מילא, — האָט ער זיך פּלוצלינג אונטערבראָכן — זאָל איך טאַקע טרינקען וויין? וואָס איז דאָס פאַר אַ וויין? — האָט ער אַ רוק געטון צו זיך די פלאַש וויין, וואָס איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגן און זי אַוועקגערוקט אויף אַ זייט מיט אַ געשריי: — קעלנער!

איז צוגעגאַנגען צו אים אַ קעלנער.

— נעם־צו אָט די פלאַש וויין און ברענג אַן אַנדערע, אָבער נישט אָפּגענאַרט! — האָט ער צוגעלייגט מיט אַזאַ טאָן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געבעטן באַ אים רחמים.

דער קעלנער איז אַוועק מיט דער פלאַש וויין.

דאַן האָט פעדערמאַן זיך אומגעקוקט און אַרויסגערעדט מיט אַמאָל צעטראָגן, זוכנדיק מיט די אויגן אויף אַלע זייטן.

— זע נאָר, ווו זענען זיי אַהינגעקומען? ערשט דאָ געווען...

— ווער?

— פערל און רחלע... און ווו איז די קענעדער שיינקייט?

— לאָז צורו, וואָס דאַרפסטו זיי? — האָט ברוינשטיין זיך דאַן אָנגערופן. און ווידער נערוועז אַ קוק געטון אויף דער אַריינגאַנגס־טיר.

— וואָס הייסט, לאָזן צורו? זייט ווען ביסטו דאָס געוואָרן אַזאַ צדיק?

— איך בעט דיך, פעדערמאַן, לאָז זיי איצט צורו. איך האָב איצט קיין געדולד נישט פאַר זיי.

— אַי, גיי שוין, גיי, עס איז דאָך אומעטיק אָן זיי. איך וואָלט גאָרנישט אַריינגעגאַנגען אַהער, ווען איך ווייס, אַז איך וועל

זיי נישט טרעפן! און בכלל, ווי טרינקט מען דאָס חיין אָן אַ מיידל? אָ, רבקהלע — האָט פעדערמאַן פלוצלינג אויסגעשריגן אַ דערפרייטער — קומט אהער צו אונזער טיש און ברענגט מיט אייך אייער חברטע! איך זאָג דיר, ברוינשטיין, — האָט ער זיך אַ קער געטון צו זיין קאָלעגע מיט אַ נאַיווער מינע — מען קען זיך נישט העלפן: עס איז פאַרט קיין שענערע זאַך אויף דער וועלט נישטאָ, ווי אַ שיין מיידל. די קרוין פון דער נאַטור איז זי פאַרט!

— אַי, לאָז מיך איצט צורו מיט דיינע מיידלעך! — האָט ברוינשטיין אַרויסגעמורמלט און געוואָרפן פאַרבענקטע בליקן אויף דער אַריינגאַנגס-טיר.

פעדערמאַן האָט זיך צעלאַכט און זיך אָנגערופן:

— ברוינשטיין, איך דערקען דיך גאָרנישט. איז דאָס דער איינפלוס פון דיינער? איך זאָג דיר, ברוינשטיין, אַז ווען אַ קינסטלער, אפילו אַ באַוויבטער, בלייבט קאַלט, ווען ער זעט אַ שיין מיידל, איז דאָס דער בעסטער באַווייז, אַז ער איז נישט קיין אמתער קינסטלער.

— נו, בין איך נישט קיין אמתער קינסטלער! — האָט ברוינשטיין געזאָגט מיט בענקעניש אין די אויגן.

צוויי מיידלעך זענען צוגעגאַנגען צו זייער טיש. איינע פון זיי איז געווען העכער פון דער אַנדערער, נאָר ביידע העלע און ליכטיקע, שלאַנקע און בויגיקע, ווי יינגע ביימעלעך. מיט זייערע קורץ געשוירענע האָר און מיט זייער בראַוואַדאָ-שמייכל, און מיטן ציגאַרעט אין מויל האָבן זיי ביידע אויסגעזעען, ווי איבערגעטוענע יינגלעך-קונדסים...

דאָס העכערע מיידל, וואָס איז געווען רבקהלע, האָט אויף אַ באַזונדערן אופן, שיער נישט מעשה מאַן, געדריקט פעדערמאַנען די האַנט און דערנאָך ברוינשטיינען און פאָרגעשטעלט פאַר זיי איר חברטע מיט די ווערטער:

— חברטע מרים!...

פעדערמאַן האָט זיי תיכף אַוועקגעזעצט לעבן זיך, אָדער, ריכטיקער, האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישן זיי ביידן. און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי ער האָט זיך פאַר זיי ביידן באַ-

גייסטערט און געקושט זיי אין די שטערנס, און געגלעט זיי איבער די קעפּ.

און ווען עס האָט זיך באַוויזן די פלאַש ווייַן אויפן טיש, האָט ער געטרונקען אַ טאָסט פאַר רבקהלען, פאַר „דער שענסטער פּערל אין דער קרוין פון דער נאַטור, וואָס הייסט ווייב" — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, און דערנאָך האָט ער אַ צווייטן טאָסט געטרונקען פאַר איר חברטע מרים, וואָס איז פּונקט אַזאַ טייערע פּערל אין דערדאָזיקער קרוין, ווי רבקהלע, און ער האָט פאַרענדיקט זיין טאָסט מיט אָט די באַגייסטערטע ווערטער:

— איך טרינק פאַר אייךביידן. איך באַוואונדער אייך ביידן. איך בין אַ קינסטלער און קני מיט מיין באַגייסטערט האַרץ פאַר אייך, וואָס איר זענט דאָס שענסטע, דאָס הערלעכסטע, דאָס הייליקסטע אינם לעבן. איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך בין פאַרליבט אין אייך ביידן. יאָ, ברוינשטיין — האָט ער זיך אַ קער געטון צו זיין קאָלעגע — דו הערסט, וואָס איך זאָג? איך בין פאַרליבט אין זיי ביידן. דו קענסט עס איצט נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי מען קאָן זיין פאַרליבט אין צוויי, ווייל דו ביסט איצט פאַרליבט אין איינער, אין דיינער. איך זאָג דיר אָבער, אַז מען קאָן זיין איינצייטיק פאַרליבט אין צוויי און אין נאָך מער. שוטה דו — האָט ער זיך מיטאַמאָל צעבייזערט אויף ברוינשטיינען — און אַז דו ביסט פאַרליבט אין דיין ווייב, מיינסטו, אַז דו וועסט זיך נישט פאַרליבן אין רבקהלען צי אין מרימען? דו ווילסט מיר איינרעדן?

— ווער וויל דיר איינרעדן? האָט ברוינשטיין אומגעדולדיק אַרויסגעמורמלט — טרינק דיין ווייַן.

— מאָנאָגאַמיע איז דאָך אַ בלאָף, אַ ליגנט, קעגן דער נאַטור פון דעם מענטש! — האָט פעדערמאַן גערעדט ווייטער — וועלכער מאַן פון דער היינטיקער, צי אַלטער וועלט האָט אַמאָל נישט באַטריגט שטילערהייט זיין געזעצלעך ווייב? וואָס זאָגט איר, חברטעס, האַ? — האָט ער זיך אַ קער געטון צו די ביידע מיידלעך, וואָס האָבן געהאַלטן די גלעזער ווייַן אין די הענט און גע־

שמייכלט צו אים, — וועט איר אויך פּאָדערן פון אייערע מענער, אַז זיי מוזן ליבן נאָר אייך אַליין?

האָט צוערשט רבקהלע געענטפערט, ווערנדיק מיטאַמאָל ערנסט:

— נישטאָ קיין מוז אין ליבע, נישט פאַר דעם מאַן און נישט פאַר דעם ווייב. אַלע פרייהייטן דעם מאַן אַזוי ווי דער פרוי.

און איר חברטע מרים האָט אונטערגעכאַפּט מיט נאָך אַן ערנסטערער מינע:

— איך פאַרשטיי נישט, חבר פעדערמאַן, ווי אַזוי איר קאָנט גאָר אונדז שטעלן אַזאַ פראַגע? מיר זענען אַ ביסעלע מער דערוואַקסן, ווי מיר זעען אויס.

— מרים איז שוין צוויי יאָר אַ מיטגליד אין דער פאַרטיי — האָט זיך אָנגערופן רבקהלע.

— טאַקע? — האָט זיך אַ כאַפּ געטון פעדערמאַן — זענט איר דאָך אַן אמתע און אַ ריכטיקע חברטע. אויב אַזוי, מוז איך אייך אַ קוש טון!

און נישט געפרעגט, צי זי וויל, צי נישט, אַז ער זאָל איר אַ קוש טון, האָבן זיינע ליפּן שוין אָפּגעהילכט אויף אירע און פון אירע האָבן זיי פאַרבלאָנדזשעט צו רבקהלעס שטערן און דערביי האָט ער פייערלעך דערקלערט:

— איך, דער דיכטער, בין שטאָלץ אויף אַזעלכע צוויי חברטעס, קעמפערינס!

דיביידע מיידלעך האָבן הילכיק געלאַכט.

און שפּעטער, ווען אַ צווייטע פלאַש ווײַן איז אויסגעטרונקען געוואָרן, איז פעדערמאַן נאָך פריילעכער געוואָרן און די ביידע אויך. בלויז ברוינשטיין אַליין איז געזעסן, ווי אַ דערהרגעטער און האָט געשוויגן.

און באַכאַנאַנד האָט פעדערמאַן זיך צו אים געווענדט:

— ברוינשטיין, וואָס שווייגסטו?

— ברוינשטיין, איך דערקען דיך נישט!

— ברוינשטיין, וואָס האָט פון דיר געמאַכט דיינע?!

און אויך די ביידע מיידלעך, וואָס האָבן געקענט ברוינשטיי־נען פון פריער, בעת ער האָט נאָך אַזוי געהוליעט אין אָט דעם קאַפע־הויז ווי פעדערמאַן, האָבן זיך געחידושט איבער ברוינשטיי־נען.

— וואָס איז דער מער, חבר ברוינשטיין? — האָט געפרעגט רבקהלע.

ער איז עפּעס שלעכט געשטימט — האָט גערעדט מרים, — אמת, חבר ברוינשטיין?

און אַז ער האָט אַלץ געשוויגן, האָט פעדערמאַן זיך דאַן אָנגערופן:

— אפשר, ברוינשטיין, ביסטו ברוגז, פאַרוואָס איך האָב פרי־ער אָנגעוויזן אויף חסרונות אין דיין קונסט, צי איך מיינע ווער־טער צוריק. און איכל דיר זאָגן דעם אמת: איך האָב דאָס נישט געמיינט, אויף נאמנות, איך האָב דאָס נישט געמיינט — האָט ער זיך מיטאַמאָל צעלאַכט, ווי אַ קינד, און גערעדט ווייטער — דו ביסט אַ גרויסער קינסטלער, אָבער גאָר אַ גרויסער, אַ גרעסערער נאָך פון טאָלסטאָין און היינען צוזאַמען! אַנו, וואָלטן זיי געקענט שרייבן אויף יידיש אַזעלכע דערציילונגען, ווי דו האָסט געשריבן, צי אַזעלכע לידער? פאַר דיין קונסט, קום, איכל דיר אַ קוש טון! — האָט ער איבערן טיש זיך אַ ציִ געטון צו ברוינשטיינען און אים אַ קוש געטון. דערנאָך, אַז ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צוריק, האָט ער צוגעלייגט:

— אָבער אַ פּגר ביסטו, ברוינשטיין. דאָס האָט פון דיר דיינע געמאַכט!

ברוינשטיין האָט נערוועז אַ געשריי געטון:

— הער אויף, אַנישט פאַרלאָז איך דעם טיש!

און פעדערמאַן האָט אים אויף דעם געענטפערט:

— פאַרלאָז, פאַרלאָז נישט, ווען גייט עס אָן, וואָס אַ פּגר טוט!

און ער האָט זיך אַ קער געטון צום מאַן, וואָס האָט גע־שפּילט אויפן צימבל, מיט אַ פריילעך געשריי:

— עפּעס לעבעדיקס צום טאַנצן!

און ווען דער צימבל האָט זיך צעהילכט מיט פריילעכע טע־נער, האָט פעדערמאַן אַ כאַפּ געטון רבקהלען און מרימען און איז אַוועק מיט זיי טאַנצן אַ יידישן, כמעט אַ שמחת־תּורהדיקן טאַנץ: איין האַנט בײַ רבקהלען אויפן אַקסל און די אַנדערע בײַ מרימען, און זייערע ביידנס בײַ אים אויף די אַקסלען, און געדרייט זיך אין אַ קרייז, און געשפּרונגען, און צוגעטופּעט מיט די פיס.

און ברוינשטיין האָט בשעת מעשה אפילו נישט אַ קוק גע־טון אין זייער זייט.

ער איז געזעסן אויף זיין אָרט אַ נערוועזער און אַן אויפ־געדעגטער און האָט געטראַכט:

„קענטיק, אַז זי האָט זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיט יע־נעם, אַז זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן מיר!"

ער האָט נישט באַמערקט, ווי פעדערמאַן האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אַ פאַרסאָפּעט־ער בײַם טיש צווישן די ביידע מיידלעך און זיי געקושט, דאָ איינע און באַלד די אַנדערע.

— דו זיצסט נאָך אַלץ אַזוי ווי אַ פּגר? — האָט פעדערמאַן זיך דאַן אָנגערופן צו אים — ברוינשטיין, צום שוואַרץ־יאָר, טו אַ קוק אויף רבקהלען, זעץ אַוועק לעבן זיך מרימען, טו איר קוש. זאַפּטיקע, מחיהדיקע ליפּן, דו וועסט לעבעדיק ווערן!

— זיין ווייב וועט אייפערזיכטיק זיין — האָט זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל מרים — האָט ער מורא...

— ברוינשטיין גלייבט נישט אין אייפערזוכט, אמת, ברוינ־שטיין? — האָט פעדערמאַן געזאָגט — ענטפער, צום שוואַרץ־יאָר!

— איך ווייס נישט — האָט ער געענטפערט.

— וואָס הייסט, דו ווייסט נישט? — האָט פעדערמאַן זיך אַ כאַפּ געטון — דו האָסט דאָך אַמאָל גערעדט, אַז די אייפערזוכט איז אַן איבערבלייבעכץ פון דער אַלטער וועלט, און דער נייער, פרייער מענטש ווייסט נישט דערפון! און איך בין מיט דיר אויך מסכּים...

— איך ווייס נישט, איך ווייס איצט גאָרנישט, לאָז מיך צורו! — האָט ברוינשטיין שטיל אַרויסגעמורמלט.

פעדערמאַן האָט זיך אַ כאַפּ געטון פונם אָרט מיט די ווערטער:

— דו ביסט קראַנק, קום אַהיים, איך וועל באַצאָלן און קום!

— לאָז, איך דאַרף וואַרטן אויף איר — האָט בראָנשטיין געמורמלט?

— אויף וועמען? אויף דיין ווייב?

— יאָ.

— עס איז דאָך שוין באַלד צוויי. מסתמא איז זי שוין לאַנג אינדערהיים. קום!

— זי וועט קומען. לאָז, פעדערמאַן.

האָט פעדערמאַן זיך דאַן צוריק אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט צווישן די ביידע מיידלעך און דערקלערט:

— נאָך אַ האַלבע שעה וועלן מיר וואַרטן און דאַן וועלן מיר גיין.

מיטאַמאָל איז צו זייער טישל צוגעגאַנגען אַ מיידל מיט רויטע האָר און ווייסע, פאַרטרויערטע אויגן און מיט אַ פּנים, וואָס האָט געהאַט דעם קאָליר פון אַן איינגעטריקנטן ציטרין.

— העלאָ, חבר בראָנשטיין! העלאָ, חבר פעדערמאַן! — האָט זי זיך אָנגערופן אין דערלאַנגט פריער בראָנשטיינען און דערנאָך פעדערמאַנען איר געלע האַנט, וועלכע איז באַשיט געווען איינגאַנצן מיט זומער־שפּרינקעלעך, ווי מיט קלייען.

בראָנשטיין האָט איר שווייגנדיק געדריקט די האַנט. און דערנאָך האָט זיך פעדערמאַן פּלוצלינג אָנגעכמורעט און האָט אַרויסגערעדט אונטער דער נאָז:

— העלאָ, וואָס מאַכט איר?

אַ דריק געטון איר האַנט און דערגאַך אַ זיפץ געטון ממש רחמנותדיק און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון איר.

איז דאָס מיידל געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע און איז דאַן אַוועק צו אַן אַנדער טישל און האָט זיך אַוועקגעזעצט.

האָט זיך פעדערמאַן דאַן געווענדט צו זיינעביידע באַ־
גלייטערינס און שטיל זיך אָנגערופן צו זיי:

— איר הערט, אָט דעם מיידל בין איך אַן אמתער שונא.
אמת, מיינס אַ פאַרערערין, און אַ חברטע אויך, אָבער איר האָט
געזעען איר פנים? דאַרף זי רעדן וועגן ליבע? און זי האָט גע־
רעדט צו מיר אַ פּאָר מאָל דווקא וועגן פרייע ליבע! אָט אַזוי ווי
אַ פינצטערער קבר וואָלט גערעדט פון אַ גן־עדן־גאָרטן. אזוי ווי
זי וואָלט מיט טוכלע אָפּגעגאָסן אַ הייליקייט מיינע. איך קען נישט
קוקן אויף איר זינט דעמאָלט!

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט מיט כעס אַ קוק גע־
טון אהין, ווו דאָס מיידל איז געזעסן, און דאַן האָט ער זיך מיט־
אַמאָל אַ כאַפּ געטון:

— איך בין דאָך אַ רשע, אַ צורר. און אַז זי איז נישט
שיין? דאַרף מען זי דאָך אוודאי מקרב זיין! פאַרוואָס זאָל זי, נע־
בעך, דאַרט זיצן אַליין, האַ?

ער איז אויפגעשפרונגען פונם אָרט און איז צוגעלאָפן צו
יענעם מיידל.

— קומט, פאַרוואָס זענט איר אַנטלאָפן? קומט, זעצט זיך
באַ אונזער טיש און טרינקט אַ גלאָז וויין מיט אונז — האָט ער
גערופן.

און ווען זי איז צוגעגאַנגען צו זיין טיש, האָט ער זי פאָר־
געשטעלט פאַר די אַנדערע צוויי מיידלעך און זי אַוועקגעזעצט
דווקא לעבן זיך. און דערנאָך האָט ער געטרונקען מיט איר וויין,
און נאָכדעם, ווי ער האָט זי געוואָלט באַלוינען פאַר זיין פריער־
דיקער רשעות, האָט ער זי גענומען גלעטן פריער איבערן אַקסל,
דערנאָך איבערן אָרעם, געזאָגט איר, אַז זי האָט עפּעס אַ באַזונ־
דערן חן, אַן עקזאָטישן. יאָ, אַזוי האָט ער איר בפירוש געזאָגט,
און צום סוף האָט ער איר אַ קוש געטון אויך, אַ קוש געטון, און
זיין באַגייסטערונג איז תיכף אָפּגעקילט געוואָרן.

ער האָט גענומען מאַכן מיט די ליפּן, אַזוי ווי אימם מויל
וואָלט אים מיטאַמאָל נישט גוט געוואָרן, און פון זיינע אויגן

האָט אַ קינדערישער אומעט אַרויסגעקוקט, און ער האָט אַ זיפ־
געטון.

און פּלוצלינג האָט ער אַ רוף געטון דעם קעלנער, אים באַ־
צאָלט, אַנגעבאָטן די צוויי מיידלעך צו נעמען זיי אין אַ טעקסי
אַהיים, האָט זיך געזעגנט מיט דער „עקזאָטישער שיינקייט" און
מיט ברוינשטיינען און זיך געלאָזט גיין פונם קאַפע־הויז מיט
רבקהלען און מרימען.

באַם אַרויסגאַנג, האָט ער זיך צוריקגעקערט מיט ביידע
מיידלעך צו ברוינשטיינען, וועלכער איז איצט געזעסן באַם טיש
אַליין.

— די הערסט — האָט ער זיך שטיל אָנגערופן צו אים —
דאָס איז אפילו נישט שיין צו רעדן, דאָס איז אפילו מיאוסער
עגאָיזם, רשעות, אָבער מיר איז פאָרט נישט גוט אינם מויל פון
דעם קוש, וואָס איך האָב איר געגעבן... עפּעס ווי אַ טוכלער
אָפּזאָץ פון אַן אַלטן שוך!... פּע, מען טאָר אַזוי נישט רעדן!...
חברטעס טייערע, אמתע שיינהייטן, איר שענסטע פּערל אין דער
קרוין פון דער נאַטור. מיט אייערע זאַפטיקע ליפּן וועט איר מיר
מוזן צוריקגעבן דעם גוטן טעם אין מויל! קומט!

האָט אַ כאַפּ געטון איינע אונטערן אָרעם און די אַנדערע
און זיך ווידער אַ קער געטון צו ברוינשטיינען:

— גוט־נאַכט! אוי ביסטו אויף צרות, ברודער, ווען דו
וואַרטסט אַזוי לאַנג אויף דיין אייגענעם ווייב!

און ער האָט פאַרלאָזט דאָס קאַפע־הויז מיט ביידע מייד־
לעך.

ברוינשטיין האָט דאַן אַ טראַכט געטון:

„מיין אייגן ווייב?... און אפשר איז זי שוין גאָר יע־
נעמס?..."

און ס'האָט אים אַ מיש געטון אין מוח.

און פּלוצלינג האָט ער דערזען פאַר זיך בערטאַן מיט אַ
הויכן, גרויען מאַן, וועלכער האָט געקוקט אויף אים מיט שאַרפע
אויגן דורך שוואַרץ־גראַמטע ברילן.

— אָט באַקענט זיך — האָט זיך אָנגערופן בערטאַ, וועל־

כע האָט אינגאַנצן געשײנט און געשמײכלט — ליעוו, ברוינ־שטײן!

און די בײדע מענער האָבן זיך שווײגנדיק געדריקט די הענט.

— בערטאַ האָט מיר דערצײלט וועגן אײך זײער אַ סך גוטס — האָט זיך דאַן אָנגערופן ליעוו צו ברוינשטײנען מיט אַ ברוסט־שטים, קוקנדיק נאָך אַלץ אויף אים מיט זײנע שאַרפע אויגן דורך די שוואַרץ־געראַמטע ברילן, און אויף זײנע כמעט נעגער־ליפן האָט זיך געקרײזלט אַ קוים־קוים באַמערקבאַרער סאַרקאַסטי־שער שמײכל.

— און וועגן אײך האָט מיר בערטאַ אויך דערצײלט אַ סך גוטס — האָט ברוינשטײן אַרויסגערעדט און אויך זיך באַ־מיט צו שמײכלען, און דערפאַר געשמײכלט גאַנץ רחמנות־דיק.

בערטאַ האָט אים אַרויפגעלײגט די האַנט אויף דעם אַקסל און אַרײנגעקוקט אים אין פּנים אַרײן מיט שײנענדיקע אויגן.

— ער איז באַ מיר גאָר אַ קינד! — האָט זי זיך דאַן אַ־קער געטון צו ליעוון.

דערנאָך האָבן זײ אַלע זאַלבעדריט זיך געזעצט באַם טישל, בערטאַ לעבן ברוינשטײנען און ליעוו קעגן זײ.

און באַלד איז פאַר זײ געשטאַנען אַ פלאַש ווײן.

— איך האָב פאַרשפּעטיקט — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן צו ברוינשטײנען — מחמת מיר האָבן זיך דאָך יאָרן נישט געזעען, און ליעוו האָט מיר דערצײלט אַזוי פיל אינטערעסאַנטע זאַכן וועגן דעם לעבן אין רוסלאַנד. דו וועסט דאָך מיר אַנטשולדיקן, אמת?

— אוודאי — האָט ער געענטפערט.

דו האָסט דאָך שטאַרק נישט געבענקט נאָך מיר, האַ?

— זיכער נישט — האָט ברוינשטײן ווידער געענט־פערט.

— דאָן ביסטו אַ ווילד קינד — האָט בערטאַ צו אים ליכ־טיק אַ שמייכל געטון.

ברוינשטיינען איז שטאַרק נישט געפֿעלן געוואָרן, פֿאַרוואָס זי האָט אים אָנגערופֿן „קינד", בעת ליעוו איז דערביי געווען. אָבער ער האָט געשוויגן, מחמת ער האָט מורא געהאַט, אַז באַ אים זאָל זיך איצט נישט אַרויסכאַפּן אַ טאָן, אַ באַמערקונג, וועל־כע זאָל אַרויסווייזן זיין אויפרעגונג, וואָס קייגן איר האָט ער זיך איצט שטאַרק געוועהרט.

ער האָט בלויז אַ שמייכל געטון רחמנותדיק און גע־שוויגן.

בערטאַ האָט אָנגעגאָסן די גלעזער.

— שוין לאַנג מיט דיר נישט געטרונקען, ליעוו — האָט זי געזאָגט — נו, פֿאַר דיין געזונט און פֿאַר אונזער אַלעמענס גע־זונט!

און זי האָט אַנגעקלאַפּט איר גלאָז אָן ליעווס און אָן ברוינ־שטיינס, און זיי האָבן גענומען טרינקען דעם ווייַן.

ברוינשטיין האָט נישט געפֿילט דעם טעם פֿון דעם ווייַן, וואָס ער האָט געטרונקען. ער האָט אומרויִק געטראַכט: „ווי גליק־לעך און ווי אויפגעלעבט זי איז היינט! אַזוי האָב איך זי נאָך קיינמאָל נישט געזען... וואָס וועט איצט זיין? וואָס וועט אַרויס־קומען?..."

און ער האָט געקוקט אויף ליעוון פֿון דער זייט, געוואָלט גוט באַטראַכטן אים.

„שוין אַ מאַן פֿון אַ יאָר פֿופֿציק... ווייניק האָר אויפן קאָפּ, און דאָס ביסל, וואָס עס איז אויף אים פֿאַרבליבן, זענען אויך גרוי... עפּעס פֿון אַ מעפיסטאָפֿל איז דאָ אין זיין שטאַרקן פּנים, אין דעם בליק פֿון זיינע אויגן און אין דעם שמייכל אַרום זיין מויל... איך דאַרף, דאַכט זיך, נישט מורא האָבן פֿאַר זיין קאָנקורענץ. אַ סך יינגער פֿון אים און שענער אוודאי" — האָט ער געטראַכט — „און ווייטער, ווער ווייסט, אפֿשר איז ער אינטערעסאַנט..."

— איך האָב געהערט, אַז איר שרייבט איצט אַ ניי ווערק — האָט ליעוו איבערגעשלאָגן מיט אַמאָל זיינע געדאַנקען — בערטאַ

האָט מיר איבערגעגעבן דעם אינהאַלט, און עס געפעלט מ זייער.

— יאָ? — האָט אַרויסגערעדט ברוינשטיין.

— זיכער. און בערטאַן איז אייער ווערק אויך שטאַרק געפעלן, און פון איר מבינ'ת האַלט איך זייער — האָט ליעוו געענטפערט, און אַ קוק געטון אויף בערטאַן מיטן סאַרקאַסטישן בליק אין זיינע אויגן.

פלוצלינג האָט ברוינשטיין אַ טראַכט געטון:

„און איך אַליין הייב אָן, דאַכט זיך, צו צווייפלען אין מיין ווערק!"...

אַ זייגער דריי האָבן זיי פאַרלאָזט דאָס קאַפע־הויז

— איך וויל באַצאָלן פאַר דער טעקסי — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן צו ליעוון, ווען זיי אַלע דריי האָבן זיך אַריינגעזעצט אַן איר.

— זיי נישט קיין קינד, בערטאַ — האָט ליעוו געענטפערט — איך וועל אייך צופירן צו אייער הויז און דאַן וועל איך פאָרן צו מיר אויף דער קוואַרטיר.

— דו האָסט דאָך אָבער באַצאָלט פאַר דער פריערדיקער טעקסי — האָט בערטאַ געטענהט.

— נישט גערעדט, בערטאַ. ווי לאַנג בין איך צוזאַמען מיט דיר נישט געפאָרן אין אַ טעקסי?

— ערשט מיט איין שעה צוריק — האָט בערטאַ זיך צעלאַכט גליקלעך.

— כ'מיין... די פריערדיקע רעכן איך נישט..

— אויב דו רעכנסט נישט די פריערדיקע, איז שוין איבער פינף יאָר, ליעוו, ווי מיר זענען אין אַ טעקסי צוזאַמען נישט געפאָרן.

— וויל איך דיר פאַר אַלע פינף יאָר איצט אָפגעבן — האָט ער צו איר אַ שמייכל געטון.

— אַ דאַנק, ליעוו...

און מיטאַמאָל האָט זי צוגעלייגט:

— ליפּאָ, איך האָב פאַרגעסן באַ דיר צו פרעגן: וואָס הערט זיך מיט דיינע קאָ־וויטיקן?

— אַ סך בעסער איידער פריער. זעלטן לייד איך איצט פון אַ קאָפּווייטיק, — האָט ער געענטפערט.

„אַזוי ווי מאַן און ווייב וואָלטן זיך געטראָפן נאָך יאָרן נישט זעען זיך!" — האָט ברוינשטיין געטראַכט און איז צעטומלט געוואָרן.

די טעקסי איז שטיין געבליבן פאַר זייער הויז. דער שאָפער האָט געעפנט דאָס טירל און בערטאַ איז אַרויס די ערשטע, נאָך איר ברוינשטיין און דאַן ליפּאָ.

— אפשר וואָלסטו אַרויפגעגאַנגען, ליפּאָ, און מיר וועלן טרינקען טיי? — האָט בערטאַ זיך אָנגערופן.

— ניין, צו שפּעט. איך וועל נאָך זיין באַ דיר — האָט ליפּאָ געענטפערט — נו, גוט נאַכט! — האָט ער איר דערלאַנגט די האַנט.

זי האָט גענומען זיין האַנט, געקוקט אים אַ היפּשע ווײַלע אין די אויגן און אָן איר בליק האָט מען געקענט זעען, אַז איר איז שווער זיך צו שיידן מיט אים, ליפּאָן הייסט עס, און דאַן האָט זי אים ראַפּטום אַ קוש געטון און געזאָגט „גוט נאַכט", און איז אַריין אין דער טיר פונם גרויסן אַפּאַרטאַמענט־הויז, אין ערשט, בשעת זי האָט געדאַרפט נעמען דעם עלעווייטאָר, כדי צו אויפהייבן זיך צום דריטן שטאָק, ווו זי האָט געוווינט, האָט זי זיך אומגעקוקט צו זעען, ווו ברוינשטיין איז.

און ער איז געשטאַנען לעבן איר, אַ שטומע כמאַרע, מיטן פּנים אַוועקגעדרייט פון איר.

זי האָט געעפנט די טיר פון זייער וווינונג, באַלד זענען זיי דאָרט געווען אינעווייניק. בערטאַ האָט געשמייכלט. בערטאַ האָט געשיינט. פון בערטאַס אויגן האָט דאָס גליק אַרויסגעלויכטן. איר מאַנטל און הוט האָט זי אַזוי ווי טאַנצנדיק פון זיך אַרונטער־גענומען. איר יעדע באַוועגונג האָט פּולסירט מיט פרייד.

זי האָט צעלאָזט אירע בלאָנדע האָר און זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן שפּיגל און איז געשטאַנען אַ היפּשע צייט און האָט גע־

קערט איר פּנים דאָ אויף איין זייט און דאָ אויף דער אַנדערער, און מיטאַמאָל האָט זי זיך אויסגעדרייט צו ברוינשטיינען און גע־פרעגט:

— ווי איז ער דיר געפעלן געוואָרן, ברוינשטיין?

ער האָט אַ צאַפּל געטון.

— דו פרעגסט עפּעס? — האָט ער זיך אָנגערופן צע־טראָגן.

— איך פרעג: ווי איז ער דיר געפעלן געוואָרן?

— איך ווייס נישט — האָט ער געענטפערט.

— וואָס הייסט? האָט ער אויף דיר גאָר קיין איינדרוק נישט געמאַכט?

און פּלוצלינג האָט זיך בײַ אים אַרויסגעריסן:

— אַן אַלטער מאַן...

זי האָט אַ שמייכל געטון.

— ליעוו איז אַן אַלטער מאַן?

— גרויע האָר... און אפילו אָן גרויע האָר אויך! — האָט ער געערדט ווייטער.

— און דאָס פּאַסט אַזוי צו אים — האָט זי זיך אָנגערופן — די האָר וואָלטן נאָר פאַרשטעלט זיין ווונדערלעכן קאָפּ. וויפיל כאַ־ראַקטער ער דריקט אויס? האָסטו באַמערקט זיין שטערן?

— אַ גאַנץ געווײ־לעכער קאָפּ און אַ גאַנץ געוויינלעכער שטערן — האָט ברוינשטיין געענטפערט און מיט אַלע כחות זיך געוווּרט קעגן זיין אויפרעגונג — און איך וועל דיר זאָגן דעם אמת: אויף מיר האָט ער בכלל נישט געמאַכט קיין גוטן איינדרוק. עפּעס איז דאָ אין זיין פּנים פון מעפיסטאָפעל...

בערטאַ האָט זיך אַ כאַפּ געטון.

— דאָס, זעסטו, איז ריכטיק — האָט זי זיך אָנגערופן — עפּעס פון אַ מעפיסטאָפעל דריקט יאָ אויס זיין פּנים. דערפאַר איז ער אַזוי אומגעוויינלעך אינטערעסאַנט, און דערפאַר איז ער אַזוי יינג. מעפיסטאָפעל איז אַלע מאָל אינטערעסאַנט און ווערט קיינמאָל נישט אַלט. אָבער ער איז נישט דורכויס מעפיסטאָפעל; אַמאָל איז ער דער היפוך פון דעם, אַ פאַרוויקלטע פערזענלעכקייט, זייער

א פאַרחיקלטע — האָט בערטאַ צוגעלייגט מיט התפעלות — אַ קוואַל פון ליכטיקייט און באַגייסטערונג, אַן אכזר און די גוטסקייט אַליין, אַ נאַיוו און אויפריכטיק קינד פון אַ מעפּיסטאָפעל, אַזאַ מענטש איז נישט אַזוי גרינג צו דערקענען!

ער האָט געשוויגן, און אין אים האָט געשריגן און גע־טומלט.

ער האָט קלאָר געזעען, ווי פול זי איז איצט געווען מיט יענעם, ווי פאַרשיכורט זי איז געווען פון יענעם, און געשריגן האָט אין אים: „זע נאַר, זע נאַר, ווי זי רעדט וועגן יענעם! ווו האָט זי פאַרבראַכט מיט יענעם ביז צוויי נאָך האַלבע נאַכט?" און ער האָט זיך נישט דערוועגט דאָס בײַ איר צו פרעגן, מחמת, ווען ער וואָלט געפרעגט דאָס בײַ איר אין אָט דעם מאָמענט, וואָלט ער באַשטימט אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אייפערזיכטיק געווען.

האָט ער דערפאַר געשוויגן.

און פלוצלינג האָט אים אַ ברען געטון אינם מוח:

„אפשר האָט זי ביז צוויי באַנאַכט פאַרברענגט מיט אים ערגעץ אויף גאַר אַן אינטימען אופן?..."

און כדי זיך צו באַהערשן, איז ער אַריין אין צווייטן צימער און האָט זיך געזעצט כלומרשט לייענען אַ בוך; איז געזעסן און האָט געלייענט און גערייכערט איין ציגאַרעטל נאָכן אַנדערן.

— ברוינשטיין, פאַרוואָס גייסטו נישט שלאָפן? — האָט ער שפּעטער דערהערט בערטאַס קול, וועלכע איז שוין געלעגן אויף דער צענומענער סאָפע, אויף זייער נאַכט־געלעגער.

און אין אַ ווײַלע אַרום, ווען ער האָט זיך אויך אָוועקגע־לייגט, האָט זי זיך אָנגערופן:

— וואָס האָסטו דאָרט געלייענט?

האָט ער איר געזאָגט.

— עפּעס אינטערעסאַנט?

— מיר איז עס אינטערעסאַנט.

— פאַרוואָס ענטפערסטו מיר אַזוי בייז? — האָט זי דאַן געפרעגט.

האָט ער איר נישט געענטפערט.

— פאַרוואָס שווייגסטו, ברוינשטיין?

— איך האָב שוין לאַנג געקענט שלאָפן — האָט ער גע־ענטפערט אויפגערעגט — הייסטו מיך וואַרטן אויף דיר אינם קאַפע־הויז און לאָזט מיך וואַרטן ביז צוויי נאָך האַלבער נאַכט. וואָלסטו מיר ווייניקסטנס טעלעפאָנירט, אַז דיר איז אָנגענעם מיט יענעם צו פאַרברענגען און אַז דו קענסט זיך נישט אָפּרייסן פון יענעם. נישט לאָזן מיך וואַרטן און נודיען אַ גאַנצע נאַכט!...

— נו, נו, זיי מיר מוחל, קינד! — האָט זי געזאָגט און אים אַ גלעט געטון די באַקן.

ער האָט אַ צאַפּל געטון.

— הער אויף מיך צו רופן „קינד", וואָס פאַר אַ קינד בין איך דיר! פריער — פאַר יענעם, אויך קינד, וואָס איז, דו האָסט געוואָלט יענעם חייזן, אַז אויף מיר קוקסטו, ווי בלויז אויף אַ קינד?

בערטאַ האָט זיך האַרציק צעלאַכט און אויסגעשריגן:

— ווי קאָמיש דו ביסט, ברוינשטיין.

— איך בין גאָרנישט קאָמיש, בערטאַ, און האַלט נישט, איך בעט דיך, אַז איך בין אַ קינד.

— איך האָב דאָך דערפאַר דיך ליב, ווייל דו ביסט אַ קינד.

— מוחל. און יענעם פאַרוואָס האָסטו ליב?

בערטאַ האָט זיך אויפגעזעצט אויפן געלעגער און אַרויסגע־רעדט מיט שפּאָט אינם קול:

— פע, ברוינשטיין, פע, און דו זאָגסט, אַז דו ביסט נישט אייפערזיכטיק?

ער האָט געענטפערט נערוועז:

— איך בין נישט אייפערזיכטיק. אַלץ איז בא דיר אייפערזוכט!

— וואָס דען איז אייפערזוכט?

— אַי, לאָז צורו, איך וויל שלאָפן — האָט ער געזאָגט און זיך אויסגעדרייט צו איר מיטן רוקן.

— נו, גוט נאַכט! אָבער דו זאָלסט שלאָפן — האָט זי זיך אָנגערופן און אַ לאַך געטון, און זיך צוריק אַוועקגעלייגט.

עטלעכע מינוטן זענען פאַריבער. ביידע זענען נישט געשלאָפן, אָבער ביידע האָבן זיך געמאַכט, ווי זיי וואָלטן געשלאָפן.

דאַן האָט ברוינשטיין זיך פלוצלינג אומגעדרייט ווידער מיטן פנים צו איר.

— דו שלאָפסט, בערטאַ? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, איך שלאָף — האָט זי געענטפערט.

— שלאָפסט דאָך נישט? — האָט ער געזאָגט.

— נו, שלאָף איך נישט, שלאָף דו! — האָט זי ווידער געענטפערט.

— דו האָסט געגעסן אָוונט־ברויט מיט אים? — האָט ער נאָך אַ קורץ שווייגן ווידער געפרעגט.

— יאָ

— אין אַ רעסטאָראַן?

— אין אַ רעסטאָראַן — האָט זי געענטפערט.

— און דערנאָך?

— האָבן מיר געשפּאַצירט.

— וווּ?

— וווּ נישט?

— אָבער וווּ פּאַרט?

— אַ דאגה וווּ, מיין הער און מיין מאַן? אויף דער פינפטער עוועניו און דערנאָך אין צענטראַל־פּאַרק, און דערנאָך באַם חבר אינעם הויז, ווו ער שטייט איין...

— ער האָט דאָרט עפּעס אַ פיין צימער? — האָט ער מיטאַמאָל געפרעגט מיט אַ ציטערדיק קול.

— האַ? — האָט זי זיך אָנגערופן און זיך אַ כאַפּ געטון — נו, יאָ, אוודאי, איך פאַרשטיי, וואָס דו מיינסט. אַ סעפּאַראַט צימער, און מיט אַ שלאָס פון אינעווייניק, און מיט טונקעלע שטאָרעס איבער די פענצטער. האָבן מיר דאָרט פאַרבראַכט אַליין, אָט אַזוי־

ווי דו שטעלסט זיך פאָר און נאָך מער, ווי דו שטעלסט זיך פאָר. וואָס דען, גאַראַנים וועלן מיר זיין, וואָס זנו, מער ווילסטו גאָרנישט וויסן?

און אַז ער האָט געשוויגן, האָט זי זיך דערנאָך צעלאַכט און גערעדט ווייטער:

— אוי, ברוינשטיין, ברוינשטיין, דו ביסט פאָרט קאָמיש! דו ווייסט, וואָס דו, אַן ערלעכער מענטש, האָסט איצט געדאַרפט טון? דו האָסט געדאַרפט פאַרברענען דיין ווערק, נאָך איידער דו האָסט עס פאַרענדיקט!...

ער האָט אַרויסגעקרעכצט:

— דו פייניקסט מיך, הער אויף. בערטאַ, הער אויף!

— איך פייניק דיך? דו פייניקסט זיך אַליין — האָט זי געזאָגט און אַ רוק געטון זיך צו אים און פאַרוואָרפן איר אָרעם אַרום זיין נאַקן — באַרויק זיך. מיט אונז זענען די גאַנצע צייט געזעסן חברים, און מער ווי צעקושט האָבן מיר זיך נישט. און דאָס האָבן מיר דאָך אויך געטון, ווען דו ביסט דערביי געווען. זאָל איך אים אפילו נישט אַ קוש טון, זאָג?

און איצט, באַרויקט אַ ביסל פון אירע ווערטער, האָט ער איר געענטפערט:

— ווער זאָגט עס דיר? און וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך דיר צו זאָגן דעות, וואָס דו זאָלסט יאָ טון און וואָס נישט? אָבער איין זאַך פאַרלאַנג איך פון דיר, בערטאַ: טו וואָס דו ווילסט, דו אַליין האָסט אַ רעכט אויף זיך, אָבער באַהאַלט נישט פון מיר...

זי האָט אים אַ קוש געטון און זיך אָנגערופן מיט אַ הייסן אָטעם:

— נו, נישט גערעדט מער פון דעם. איך וועל דיר קיין ליידן נישט פאַרשאַפן. ליעוו האָט אַ ווייב אין מאָסקווע, וועלכע ער האָט זייער ליב. און מיך ליבט ער נישט. מיר איז ער נאָר אַ פריינט. און ער איז נישט אַזאַ מאַן, וואָס קען האָבן אינטימע באַציונגען מיט אַ פרוי, וואָס ער ליבט זי נישט, איך קען אים. דו ליבסט מיך, דו אַליין — האָט זי גענומען הייס פליסטערן און זיך

געדריקט צו אים — קוש מיך... קוש מיך מיט דיין גאַנצן פייער! ווי איך האָב דיך ליב!...

*        *
*

אויף מאָרגן, ווען זיי זענען אויפגעשטאַנען, און דערנאָך, ווען זיי זענען געגאַנגען אין דעם רעסטאָראַן עסן פרישטיק, איז בערטאַ באַזונדערס צערטלעך געווען צו ברוינשטיינען. צאַרט איז געווען איר בליק, וואַרעם איר שמייכל און איר טאָן, בשעת זי האָט גערעדט מיט אים.

עס איז געווען קענטיק, אַז זי האָט מיט אַלע קרעפטן זיך באַמיט צו דערשטיקן בא אים יעדן ספק וועגן איר ליבע צו אים.

ברוינשטיין איז איר געווען טייער, זיין אויפריכטיק געפיל און זיין באַגייסטערונג פאַר איר זענען איר טייער געווען, און זי האָט נישט געוואָלט, אַז ער זאָל ליידן. זי האָט רחמנות געהאַט אויף אים.

און מחמת דעם, וואָס ער איז איר געווען טייער און ווייל זי האָט אויף אים רחמנות געהאַט, האָט זי דאָס אויפגעוואַכטע געפיל צו ליעוון איצט זיך באַמיט צו פאַרבאַהאַלטן הינטער אַן איבערגעטריבענער צאַרטקייט צו אים, ברוינשטיינען

יעדע פרוי שפּילט פאַר איר מאַן אין אַזעלכע אומשטענדן. די פרייע און דרייסטע בערטאַ איז אין אָט דעם פּרט נישט געווען קיין אויסנאַם. אָבער בעת ס'רוב פון די פרויען אין אַזעלכע אומשטענדן שפּילן זייער שפּיל מיט צעטומלטע און צעשראָקענע הערצער, האָט בערטאַ אָנגעהויבן איר שפּיל רויק און זיכער.

ווייל ווי אַן אַנדערע פרוי האָט זי נישט געדאַרפט מורא האָבן, טאָמער דערוויסט זיך וועגן דעם איר מאַן און זי פאַרלירט דערנאָך צוזאַמען מיט אים איר רעפּוטאַציע און איר מאַטעריעלע עקזיסטענץ; צוליב דעם וואָלט זי נישט געשפּילט און זי וואָלט זיך אויך נישט געשראָקן פאַר דעם; זי האָט געשפּילט, ווייל זי איז

אויפריכטיק אויסן געווען דערמיט, אַז ברוינשטיין זאָל נישט ליידן.

טראַכטנדיק די נאַכט וועגן אירע געפילן צו ברוינשטיינען און אירע נאָך שטאַרקערע געפילן צו ליעוון, האָט זי באַ זיך אָפּגעמאַכט, אַז וואָס עס זאָל נישט געשען שפּעטער צווישן איר און ליעוון (דערווייל איז צווישן זיי נאָך גאָרנישט געהאַט געשען), מוז ברוינשטיינס רו געשאַנעוועט ווערן.

און אַזוי ווי באַ איר אינם האַרץ האָט איצט געברענט דער באַגער, אַז דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט, אַז עס זאָל געשען צווישן איר און ליעוון, זאָל וואָס גיכער געשען, האָט זי דערפאַר דעמדאָזיקן באַגער נאָך ליעוון פאַרבאָרגן הינטער דער צאַרטקייט צו ברוינשטיינען, אַזוי ווי זי האָט די פאָריקע נאַכט פאַרבאָרגן אירע קושן, וואָס האָבן געהערט צו ליעוון, הינטער די קושן, וואָס זי האָט זיי אויסגעלאָדן אויף ברוינשטיינס ליפּן...

און דידאָזיקע צאַרטקייט האָט גערווירקט אויף ברוינשטיינען און ער איז געוואָרן רויק.

שפּעטער אָבער, ווען ער איז געזעסן אין דעם רעדאַקציעצימער און האָט געאַרבעט, האָט ער פּלוצלינג זיך געפרעגט: וועט זי זיך היינט ווידער זעען מיט ליעוון? און ער איז ווידער אומרויק געוואָרן.

ער האָט געוואָלט צוגיין צום טעלעפאָן און זי אָפּרופן. געוואָלט פרעגן באַ איר, צי זאָל ער וואַרטן אויף איר אינם רעסטאָראַן אויף בראָדוויי היינט צווישן פינף און זעקס. הגם זי האָט אים, איידער זיי האָבן זיך אינדערפרי צעשיידט, אויסדריקלעך געזאָגט, אַז ער זאָל אויף איר דאָרט וואַרטן... אים איז איינגעפאַלן, אַז אפשר איז שוין יענער באַ איר דאָרט אינם אָפיס געווען, צי אפשר איז יענער גאָר איצט דאָרט באַ איר, און ווען ער וועט זי אָפּרופן, וועט זי דאָס אים דערציילן...

ער איז אָבער צום טעלעפאָן נישט צוגעגאַנגען. אַ כּעס איז אים מיטאַמאָל באַפאַלן, עפּעס אַ מין האַס צו זיך אַליין, הלמאַי ער איז אַזוי שוואַך, אַזוי נישט אויסגעהאַלטן און אַזוי נישטיק.

ער האָט געטראַכט אויפגערעגט:

אידיאָט, וואָס האָט דאָ אַזוינס פּאַסירט? גאָרנישט. געקומען אַ מענטש, וואָס איז איר פריער נאָענט געווען. אַ געשיכטע פון פּאָר פינף יאָר. איצט ליבט יענער אַן אַנדערע און זי אַן אַנדערן. האָט זי זיך מיט יענעם געטראָפן, ווי מיט אַן אַלטן פריינט, ווי מיט אַ חבר. בפרט ווען יענער האָט זי דאָך לכתחילה געוואָלט אויסמיידן. דאָס ווייסט ער דאָך באַשטימט. און דאָס איז דאָך דער בעסטער באַווייז, אַז יענער איז גלייכגילטיק צו איר. בפרט, ווען ער ווייסט דאָך, ווי בערטאַ האָט אים ליב. זי וואָלט אים אַזוי נישט ליב געהאַט, ווען זי וואָלט געהאַט יענעם אין זינען.

און אַזוי טענהנדיק, האָט ער זיך ביסלעכווייז באַרויקט. סיי־ווי־סיי צום טעלעפאָן איז ער נישט צוגעגאַנגען. בערטאַן האָט ער נישט אָפּגערופן.

דערפאַר אָבער, ווען ער איז שפּעטער געקומען אַהיים, האָט ער נישט געקאָנט אַרבעטן איבער זיין ווערק.

ער האָט זיך געזעצט צום טיש, אָנגעשריבן אַ פּאָר שורות, וואָס זענען אַרויסגעקומען קאַלט און בלייך. און באַלד האָט ער אַוועקגעלייגט די פעדער און אויפגערעגט זיך אויפגעהויבן פונם אָרט און גענומען שפּרייזן איבערן צימער הין און צוריק.

טראַכטנדיק וועגן די פרייע העלדן פון זיין ווערק, האָט ער מיטאַמאָל גענומען טראַכטן ווידער וועגן זיך אַליין, און ער האָט זיך דערמאַנט אָן דעם, וואָס ער האָט דורכגעלעבט די עברדיקע נאַכט.

און איצט איז אים פּלוצלינג קלאָר געוואָרן, אַז ער איז אייפערזיכטיק צו בערטאַן, ווי יעדער אַנדערער מאַן פון דער בור־זשואַזער וועלט צו זיין פרוי, וועלכע ער ליבט און צו וועלכער ער האָט נישט קיין איבעריקן צוטרוי...

און דער דיכטער ברוינשטיין, וואָס איז תמיד אויפריכטיק געווען מיט זיך אַליין, ווען ער האָט ווייטער געטראַכט וועגן דעם, האָט מיט ווייטיק און שאַנד זיך געמוזט זאָגן, אַז דווקא דערפאַר, ווייל זי, בערטאַ, איז אַ פרייע פרוי און זייערע באַציונגען זענען פרייע, האָט ער צו איר קיין צוטרוי נישט. וואָרים זיין אומצוטרוי צו איר קומט דערפאַר, מחמת ער איז נישט זיכער מיט איר, און

נישט זיכער איז ער מיט איר, ווייל זי איז אַ פרייע פרוי און ער־ווייסט, אַז ווען איר זאָל געפעלן ווערן אַן אַנדערער מאַן, וועט זי־זיך דאָן גאָרנישט רעכנען מיט אים, ברוינשטיינען, און אָן שום־קאַמף וועט זי זיך אָפּגעבן יענעם.

אפילו בערטאַ איז אַ פרוי, וואָס וועט אָן ליבע נישט פאַר־קניפּן קיין אינטימע באַציונגען מיט אַן אַנדערן מאַן, אָבער ליעוון ליבט זי דאָך און, ווער ווייסט, ווי לאַנג נאָך ער וועט בלייבן גלייכגילטיק צו איר, אויב עס איז אפילו אמת, אַז ער איז היינט גלייכגילטיק צו איר.

אַזוי האָט ברוינשטיין איצט געטראַכט און ער האָט זיך געשעמט, פאַרוואָס ער האָט אַזוי געטראַכט, און ער האָט מוראדיק געליטן דערפון...

ער האָט זיך געפּרווט ווערן קעגן דידאָזיקע געדאַנקען, געטריבן זיי פון זיך, אַזוי ווי מען טרייבט פון זיך פליגן־קלעקס, וואָס באַפאַלן אייך מיט הונגעריקן זשוזשען און בייסן; געיאָגט זיי פון זיך שיער נישט מיט פאַרצווייפלונג, גערופן זיך ווידער און ווידער: „שמאַטע", „באַלעבעסל", „בורזשוי". און זיי האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט.

אַזוי ווי איינער, וואָס גליטשט זיך אין אַן אָפּגרונט אַרונ־טער, האָט ער געזוכט אָנצוכאַפּן זיך אָן עפּעס, כדי אָפּצוהאַלטן זיין גליטשן, און ער האָט נישט געפונען אָן וואָס זיך אָנצוכאַפּן, אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטן.

צום אָפּגרונט פון זיין עצם נפש האָט ער זיך בעגליטשט אַרונ־טער!...

און צום סוף האָט ער אַ פאַרצווייפלטער זיך געזאָגט:

„קענטיק, אַז איך האָב זיך נישט געקענט!... די אַלטע טעאָריעס מיינע זענען פון דרויסן אויף מיר אַרויפגעהויכט. דער עצם נפש מיינער האָט זיי אָבער אין זיך נישט איינגעזאַפּט, אין זיין פלייש און בלוט; איצט, אַז דער עצם נפש מיינער איז אָנגע־רידט געוואָרן, ווייזט זיך אַרויס, אַז ער שטעקט נאָך טיף־טיף אין דער אַלטער סביבה, אין דעם אַלטן שימל... וואָס וועט איצט זיין? ווי וועל איך קענען איצט גלייבן אין דעם, וואָס איך שרייב

און וואָס איך רעד? און ווי אַזוי וועל איך קענען ווייטער אַרבעטן אין דעם פריערדיקן זין?״...

אָט אַזוי האָט ער זיך געגריבלט אין זיין האַרץ און צוגע־הערט זיך צו זיינע געדאַנקען אַ פּאָר שעה נאָכאַנאַנד, ביז ער האָט געדאַרפט גיין טרעפן בערטאַן אין אַ רעסטאָראַן.

און מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון:

„ווייס איך, אַ מאָמענטאַלע שטימונג, אָנגעווייעט פון דער עבערדיקער נאַכט. און גישט מער! איך בין פריי פון דעמדאָזיקן שימל. אַ קליין איבערבלייבעכץ פון אָט דעם שימל איז מסתמא ערגעץ פאַרבליבן אין מיר, האָט עס די עבערדיקע נאַכט צערודערט, גיט עס איצט אַרויס אָט די שווערע ריחות... דאַרף מען אַר־בעטן איבער זיך, אַז פון אָט דעם איבערבלייבעכץ זאָל אפילו קיין זכר נישט פאַרבלייבן. און איך וועל אַרבעטן איבער זיך, איך מוז, איך מוז!״...

און מיט דידאָזיקע געדאַנקען איז ער אַוועק צו טרעפן זיך מיט בערטאַן אינם רעסטאָראַן...

## אַכטצענטער קאַפּיטל

### ליעוו און בערטאַ

אַ פּאָר וואָכן זענען אַוועק, ברוינשטיין האָט „געאַרבעט״ אי־בער זיך, דאָס הייסט, ער האָט געמיינט, אַז ער „אַרבעט״ איבער זיך, כדי צו באַפרייען זיין גייסט פון דעם ביסל „שימל״, וואָס איז פאַר־בליבן אין אים פון דער אַלטער סביבה, אין וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן און האָט זיך געהאָדעוועט...

און צו „אַרבעטן״ אין אָט דעם זין איז אים איצט דווקא נישט שווער געווען, מחמת אינם משך פון אָט דער צייט האָט ער נאָך נישט באַמערקט צווישן בערטאַן און ליעוון אַזעלכעס, וואָס

זאָל באַ אים אויפוועקן געפילן, קייגן וועלכע ער וואָלט געדאַרפט זיך ווערן.

פאַרקערט, ער איז אַלץ מער און מער באַ זיך זיכער גע־וואָרן, אַז צווישן בערטאַן און ליעוון האָבן זיך איינגעשטעלט אַזעלכע באַציונגען, וואָס וועלן קיינמאָל נישט אַריבערטרעטן די גרענעץ פון ריינער פריינטשאַפט און חברשאַפט.

ליעוו איז אָפט געקומען צו זיי אין הויז און האָט שעהן לאַנג פאַרברענגט מיט בערטאַן און מיט אים, און ער, ברוינשטיין, ווי ער האָט זיך נישט געגראָבן מיט זיינע אויגן און מיט זיינע חושים אין ליעווס באַציונגען צו בערטאַן, האָט ער קיין שום שפור פון אַן ערנסט געפיל אין זיי נישט באַמערקט. ליעווס בליק מיטן סאַרקאַסטישן שמייכל איז תמיד געבליבן רויק, ווען ער האָט געקוקט אויף בערטאַן; אַזוי איז אויך זיין טאָן רויק געווען, בעת ער האָט גערעדט מיט איר.

אפילו ווען זי האָט זיך אַמאָל געזעצט באַ ליעוון אויף דער שויס און מיט אים אַ שטיף געטון, האָט ער, ליעוו, איר בלויז אַ גלעט געטון איבערן קאָפּ רויק, מעשה פריינט און חבר, ס׳רוב פאָ־טערלעך.

אין דעם, וואָס זי האָט זיך אַמאָל געזעצט באַ ליעוון אויף דער שויס, צי אין דעם, וואָס זי האָט אים אַמאָל אַ קוש געטון, האָט ברוינשטיין קיין שום בייזעס נישט געזען. אין זיין קרייז, אין דעם קרייז פון חברים און חברטעס, איז געווען אַ גאַנץ געוויינט־לעכע זאַך, אַז חברים און חברטעס זאָלן אויף אַזאַ אופן אויס־דריקן זייער פריינטשאַפט און חברשאַפט איינער צום אַנ־דערן.

אַ חוץ דעם, האָט ליעוו אָפט גערעדט וועגן זיין טאַביאַן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין מאָסקווע, גערעדט מיט אַזוי פיל ליבע און בענקשאַפט אין זיין בליק און אין זיין טאָן, אַז מען האָט געקענט מיט זיכערקייט זאָגן, אַז זיינע אַלע געדאַנקען און געפילן זענען פאַרנומען בלויז מיט איר.

אויף אַזאַ אופן האָט ברוינשטיין נישט געהאַט, פאַרוואָס צו פאַרדעכטיקן בערטאַן און ליעוון, און מיט רויקע אויגן און מיט

רויק הארץ האָט ער איצט געקוקט אויף זייער פרייגטשאַפט, און ער האָט זיך געוואָלט איינשמועסן, אַז דערפאַר פאַרהאַלט ער זיך אַזוי איצט צו דעם, מחמת ער האָט זיך אַליין גובר געווען, דאָס הייסט, דאָס ביסל „שימל", וואָס איז אין אים פאַרבליבן פון זיין אַמאָליקער סביבה...

אויך בערטאַס באַציונגען צו אים, ברוינשטיינען, האָבן אַ סך צוגעהאָלפן, אַז ער זאָל זיך אַזוי איצט פאַרהאַלטן צו איר און צו ליעוון.

מחמת איר ליבע צו אים האָט זיך מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער צעפלאַקערט; מיט איר ליידנשאַפט האָט זי אים פאַרשיכורט...

ער האָט זיך אַזוי ווייט באַרויקט, אָדער, ווי ער אַליין וואָלט געזאָגט, ער האָט אַזוי ווייט זיך באַפרייט פון זיין „שימל", אַז ער האָט געקענט ווייטער אַרבעטן איבער זיין ווערק, איבער וועלכן ער האָט נישט געאַרבעט פון יענעם מאָמענט אָן, זינט ער האָט דערשפּירט אין זיך דעם „שימל"...

און אַז עס איז פאַריבער נאָך אַ קורצע צייט, האָט ברוינשטיין געגומען גלייבן, אַז ער איז גאָר פריער אויך נישט אייפערזיכטיק געווען, אַז דאָס האָט זיך אים פריער אויסגעוויזן, און ווידער האָט מען פון אים געהערט די פריערדיקע טענות וועגן ליבע און אייפערזוכט, און דער טאָן, מיט וועלכן ער האָט איצט גערעדט וועגן דעם, האָט געקלונגען מיט אַ מין נצחון.

דערדאָזיקער נצחון אין זיין טאָן איז געווען דער אָפּקלאַנג פון זיין איצטיקער זיכערקייט, אַז ער האָט פריער אַ טעות געהאַט, ווען ער האָט געמיינט, אַז ער איז געווען אייפערזיכטיק, אַז באמת איז ער אינגאַנצן פריי געווען פון אָט דעם „שימל"...

ברוינשטיין איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט גרינג זיך געקאָנט איינרעדן...

* *
*

איינמאָל אין אַן אינדערפרי האָט בערטאַ זיך אָנגערופן צו ברוינשטיינען, בשעת זיי זענען געזעסן אין רעסטאָראַן און האָבן געגעסן פרישטיק:

— איך פאַרבלייב היינט ביז מיטאָג אינדערהיים, און אָפּיס וועל איך ערשט פאָרן נאָכמיטאָג.

— פאַרוואָס? — האָט ברוינשטיין געפרעגט.

— אָט אַזוי זיך. איך וויל האָבן היינט אַ האַלבן טאָג יום־טוב — האָט זי געענטפערט.

ברוינשטיין איז דערנאָך אַוועקגעפאָרן דאונטאון צו דער אַרבעט און זי איז אַוועק צופוס אַהיים.

קומענדיק אַהיים, איז זי תיכף צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און האָט אָנגעגעבן אַ געוויסן נומער.

און באַלד האָט זי גערעדט:

— ליעוו?... גוט־מאָרגן!... וואָס מאַכסטו?... איך בין אַלרייט!... וואָס טוסטו איצט?... כ'מיין, אין אָט דעם מאָמענט?... קאָנסטו צו מיר אַריבערקומען?... איך בין אינדערהיים. צי איך דאַרף דיך נייטיק?... זייער נייטיק, אַנישט וואָלט איך דיך נישט גערופן!... ניין, ער איז אין דער רעדאַקציע... אַך, רעד נישט קיין קינדערייען, קום באַלד!... אין אַ האַלבער שעה אַרום? אָבער, געדענק, נישט שפּעטער!...

און ווען זי איז דערנאָך אָפּגעטראָטן פונם טעלעפאָן, איז זי געווען זייער נערוועז און האָט פאַררייכערט אַ ציגאַרעט.

דאַן האָט זי זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן טעפּיך, איז געלעגן אַ ווײַלע, דעם בלאָנדן קאָפּ אָנגעלעגט אויף אַן עלנבויגן, און האָט נערוועז גערייכערט, דערנאָך האָט זי מיט אַן אימפּעט זיך אַ כאַפּ געטון אויף די פיס, אַוועקגעוואָרפן דעם ציגאַרעט, איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל און האָט געקוקט און געקוקט אויף זיך, צעלאָזט פּלוצלינג די בלאָנדע האָר, אַריבערגענומען זיי אויף פאָרנט, אי־

בער אירע אקסלען, און צוריק זיי א שליידער געטון מיטן קאָפּ אויף אהינטער, איז געשטאַנען נאָך א ווײַלע אזוי פאַרן שפּיגל. און מיטאַמאָל האָט זי האַסטיק אַרונטערגעוואָרפן פון זיך דאָס קלייד, אַרויפגעגאָסן אויף דער האַנט פּערפום פון א פלעשעלע און זיך אויסגעריבן דערמיט די נאַקעטע אָרעמס, האַלז און ברוסט און אָנגעטון א גרין-קאָלירטע קימאָנאָ אויף זיך.

דאַן איז ליעוו אַרייַנגעקומען א רויקער, מיטן סאַר־קאַסטישן שמייכל אין זיין בליק און אויף זיינע נעגער־ליפּן.

זי איז געלאָפן אים אַנטקעגן מיט אַן אויפגערעגטן שמייכל, האָט צוגענומען בײַ אים פון די הענט זיין הוט, וואָס זי האָט אוועקגעלייגט אויפן טיש, צוריקגעקערט זיך צו אים און מיט א גראַציעזער באַוועגונג אַרייַנגעלייגט אירע ביידע הענט אין זיינע און געזאָגט:

— א דאַנק, ליעוו.

— פאַרוואָס א דאַנק? — האָט ער א קוק געטון אויף איר מיט זיין שמייכל דורך די שוואַרץ-געראַמטע ברילן.

— פאַר דיין קומען, דו האָסט דאָך נישט געקענט קומען אויך.

— דאַרפסטו דען מיך האָבן אַזוי נייטיק? — האָט ער גע־פרעגט.

— דיך דאַרף איך שטענדיק האָבן נייטיק — האָט בערטאַ געענטפערט — ווילסטו זיך זעצן אויפן טעפּיך?

— אָ, ניין, איך בין אַן אייראָפּעער. איך וועל זיך זעצן אויף דער סאָפע.

און ער האָט זיך געזעצט אויף דער סאָפע, און זי, בערטאַ, האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן טעפּיך צו זיינע פיס און געקוקט צו אים אַרויף מיט אַן אויפגערעגטן שמייכל אין אירע בלויע אויגן.

— וואָס ווילסטו מיר זאָגן, בערטאַ? — האָט ער זיך דער־נאָך אָנגערופן נאָך א קורץ שווייגן.

און בערטאַ האָט אים געענטפערט:

— איך וויל דיר זאָגן... איך קען נישט מער... דאָס איז איבער מיינע כוחות...

— איבער דיינע כוחות... וואָס?...

— צו שטיקן אין זיך — האָט זי געענטפערט מיט אַ הייס פליסטערן; און די בלויקייט אין אירע אויגן האָט זיך באַצויגן מיט אַ דינעם נעפּל און אין האַנט אירע איז געבליבן אַזוי ווי אַ פאַר־חלשטע אויף זיינס אַ קני. — איך בענק נאָך מיין ליעוון...

ער האָט איר אַ גלעט געטון איבערן קאָפּ און אַרויסגערעדט זייער ווייך:

— מען דאַרף נישט, קינד. זאָלן מיר בעסער פאַרבלייבן פריינט, ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט... איך וויל און איך קען בלויז זעען אין דיר אַ פריינט.

— בין איך אַזוי מיאוס געוואָרן?

— ניין, דו ביסט זייער שיין, בערטאַ, אפשר שענער נאָך ווי פריער, דערפאַר ליבט דאָך דיך אַזוי ברוינשטיין.

— אָבער איך וויל, אַז דו זאָלסט מיך ליב האָבן. איך וויל, אַז דו זאָלסט נישט זעען אין מיר בלויז אַ פריינט, נאָר אַ פרוי אויך, מער אַ פרוי, דער עיקר אַ פרוי!

און זי איז אויפגעשפרונגען פונם טעפּיך און האָט זיך האַסטיק געזעצט בײַ אים אויף די קני.

— דו האָסט דאָך מיך אַמאָל אַזוי געליבט — האָט זי גע־פליסטערט נאָך הייסער, און אירע אויגן האָבן זיך נאָך מער גע־נעפּלט, אַזוי ווי געטרויכערט — ווו איז דאָס אַהינגעקומען? האָסטו דאָס אַלצדינג יענער אָפּגעגעבן, דיין טאַניאַן? צי גאָר דו ביסט פאַר די פינף יאָר אַזוי אַלט געוואָרן? דאָס גלייב איך נישט, ווייל דו, ליעוו, קאָנסט נישט אַלט ווערן, וועסט קיינמאָל נישט אַלט ווערן. נו, קוש מיך, קוש דיין בערטאַן, כאָטש איין קוש, ווי אַמאָל!

ער האָט איר אַ קיש געטון.
זי האָט זיך אַ כאַפּ געטון.
— ניין — האָט זי ווידער אַרויסגעפליסטערט — ניין, נישט

אזוי. דיין קוש וויל איך, אַט יענעם קוש, וואָס נעמט אַוועק דעם אָטעם! איך וועל דיר ווייזן.

און זי האָט זיך איינגעגעסן אין זיינע ליפּן מיט אירע און געקרעכצט.

ער האָט געפילט, ווי זי ציטערט און טרייסלט זיך בײַ אים אויף דער שויס און האָט אַרויסגערעדט.

— בערטאַ, נו, מען דאַרף נישט. דו האָסט מיך נישט געדאַרפט רופן. איך האָב נישט געדאַרפט קומען. און מער זעען מיר זיך נישט...

און דאַן האָט זיך בײַ איר מיטאַמאָל אַרויסגעריסן מיט אַ פאַרשטיקט שלוכצן:

— איך האָב מער רעכט אויף דיר, ווי דיין טאַניאַ!

האָט זיך אַרונטערגעגליטשט פון זיין שויס אויפן טעפּיך און איז געבליבן זיצן אַזוי מיטן רוקן צו אים, מיטן בלאָנדן קאָפּ אַרונטערגעלאָזט אויף דער ברוסט, און האָט געוויינט אין זיך, אויפּציטערנדיק מיט די אַקסלען, איבער וועלכע די בלאָנדע האָר זענען צעשאָטן געווען.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פונם אָרט און זיך אָנגערופן:

— איך דערקען דיך נישט, בערטאַ. וואָס מיינסטו מיט די ווערטער, אַז דו האָסט מער רעכט אויף מיר, ווי טאַניאַ?

זי האָט נישט געענטפערט.

— דו האָסט נישט קיין רעכט אויף מיר — האָט ער ווייטער גערעדט.

זי האָט זיך האַסטיק אַ קער געטון צו אים און אַרויסגעמורמלט מיט פאַרשטיקטע טרערן אינעם טאָן:

— יאָ, יאָ, איך האָב אַ רעכט אויף דיר. מיין ליבע גיט מיר דאָס רעכט אויף דיר, די אַלע יאָרן פון בענקעניש נאָך דיר, די אַלע יאָרן, ווען דו האָסט מיר די גאַנצע וועלט פאַרשטעלט מיט זיך!...

ער האָט שפּאַטיש אַ שמייכל געטון און געזאָגט.

— ווייבערישע לאָגיק!... נו, און ווען אפילו אַזוי, דאַרף דאָך דער אַנדערער צד אויך עפּעס פילן...

— און דו ביזט אינגאַנצן גלייכגילטיק צו מיר? — האָט זי אַרויסגעפּליסטערט פיבעריש און געקוקט אויף אים אַזוי ווי אַ פאַרווונדעטע חיה, גאַרנישט ווי די שטאָלצע און זיכערע באַ זיך בערטאַ.

איך בין דיר אַ פריינט און אַ פריינט וועל איך דיר פאַרבלייבן, אויב דו וועסט וועלן — האָט ער געענט־פערט.

— מוחל! — איז זי אויפגעשפרונגען אויף די פיס — פריינט האָב איך גענוג אָן דיר! יאָ, יאָ, מיר דאַרפן זיך נישט זעען מער. איך טאָר דיך נישט זעען. ווען פאָרסטו צוריק קיין מאָסקווע?

— איך ווייס נישט — האָט ער געענטפערט — און וואָס איז דער חילוק, ווען איך פאָר? איך קאָן זיין אין ניו־יאָרק, און מיר זאָלן זיך נישט זעען!

— זאָלסטו מיך נישט זעען! — האָט זי אַ געשריי געטאָן אויפגערעגט, און אירע בלויע אויגן האָבן זיך אַ צינד געטאָן, ווי באַ אַ צערייצטער קאַץ.

ער האָט גענומען זיין הוט פון טישל און געזאָגט:

— גוד־באַי!

— גוד־באַי — האָט זי שטיל, און ווי צו זיך אַליין, גע־ענטפערט, און פּלוצלינג האָט זי זיך אַ וואָרף געטון צו אים און אַ ריס געטון דעם הוט פון זיינע הענט.

— גיי נישט אַוועק, איך וויל נאָך מיט דיר עפּעס רעדן — האָט זי געזאָגט און איבער אירע באַקן האָבן זיך געקייקלט טרערן.

זי האָט צוריק אַוועקגעלייגט דעם הוט אויפן טישל און ליעוו איז געשטאַנען און האָט געקוקט אויף איר מיט אַ סאַרקאַס־טישן שמייכל און האָט געשוויגן.

— וואָס זאָל איך טון, ליעוו? — האָט זי דאַן, נאָך אַ קורץ שווייגן אַרויסגערעדט פאַרצווייפלט.

ער האָט אָנגענומען אירע ביידע הענט און אַרויסגערעדט זייער הייך:

— וואָס דו זאָלסט טון? דריי מאָל דורכן טאָג און דריי מאָל דורך דער נאַכט זאָלסטו זיך זאָגן: ליעוו איז אַן עלטערער מענטש, מיט הייסע האָר, און ברוינשטיין איז אַ סך ייִנגער און ליבט מיך...

— דאָס קאָן איך נישט זאָגן — האָט זי אים איבערגע־שלאָגן — ווייל איך קען ליעוון. ווייל איך ווייס, ווי ייִנג ער איז. ליעוו — האָט זי זיך אַ ציי געטון צו אים — איך בענק נאָך דיין שטורם...

— ער איז נישטאָ. זוך אים בײַ ברוינשטיינען.

— לאָז צורו ברוינשטיינען. ער אינטערעסירט מיך נישט! — האָט זיך בײַ איר אַרויסגעריסן.

— דו האָסט דאָך מיר געזאָגט, אַז דו האָסט אים ליב?

— יאָ, איך האָב אים ליב, אָבער נישט אַזוי ווי דיך.

— אָבער דו קענסט דאָך מיך, בערטאַ — האָט ער זי ווי־דער געוואונען גלעטן איבערן קאָפּ — ווען בײַ מיר איז נישטאָ קיין פאַרלאַנג... איך בעט דיך, נעם זיך אַריין אין די הענט...

— איך קאָן נישט. איך האָב געפּרוּווט, אָבער — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון מיט אַ נערוועזן שמייכל — דו ביסט גערעכט. איך האָב אַ טעות געהאַט. נישטאָ בײַ דיר קיין פאַרלאַנג מער. נישט דערפאַר, מחמת איך בין נישט גענוג רייצנד פאַר דיר, נאָר ווייל דו ביסט אַלט געוואָרן. יאָ, יאָ, דו ביסט אַן אַלטער מאַן, ליעוו. פאַר די פינף יאָר ביסטו אַלט געוואָרן. איצט איז דאָס מיר קלאָר און איך וועל זיך באַרויִקן.

ער האָט אַ שמייכל געטון און זיך אָנגערופן:

— אויב דו פאַרשטייסט עס, בין איך צופרידן. הייסט עס — האָט ער אַ קוק געטון אויף איר מיט זיין סאַרקאַסטישן שמייכל אין די אויגן — אויב אַזוי, קענען מיר זיך נאָך זען, ווי פריינט?

— ווי דו ווילסט — האָט זי געענטפערט אונטער דער נאָז.

— ווי איך וויל ? — האָט ער געזאָגט — און ווי וויל־סטו !

האָט זי איצט געשוויגן.

— אפשר זאָלן מיר זיך מער נישט זעען ? — האָט ער ווײַ־טער גערעדט.

האָט זי אַלץ געשוויגן, האָט נאָר געקוקט אויף אים, און איבער אירע באַקן האָבן זיך אַרונטערגעגליטשט צוויי טרערן.

איז זי דערנאָך געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע, און דאַן האָט ער ווידער גענומען זיין הוט פונם טישל און דערלאַנגט בערטאַן די האַנט.

אַ גוטן !

— ווען זעען מיר זיך ? — האָט זיך בײַ איר אַרויסגע־ריסן.

— אפשר זאָלן מיר זיך מער נישט זעען ? איך מיין גאַנץ ערנסט, בערטאַ. . .

— ווען זעען מיר זיך ? — האָט זי איבערגעפרעגט מיט עקשנות אינם קול.

— ווען ווילסטו ?

— היינט בײַנאַכט זאָלן מיר זיך טרעפן ערגעץ. . .

— איך בין פאַרנומען היינט בײַנאַכט.

— ביז ווי שפעט ביסטו פאַרנומען ?

— דאָס ווייס איך נישט. אַ וויכטיקער מיטינג.

— און מאָרגן ?

— מאָרגן דאַרף איך זיין אין באָסטאָן.

— און אין באָסטאָן ווי לאַנג וועסטו פאַרברענגען ?

— אַ טאָג אָדער צוויי.

— נו, ווען דו וועסט קומען צוריק.

— גוט, איך וועל דיר דאַן אָנקלינגען.

זי האָט אים אַ גלעט געטון די האַנט און אַרויסגעמורמלט מיט אַ צאַרטן שמייכל :

— גוט. דו זאָלסט מיך גלייך אָפרופן אין אָפיס. וועסטו נישט פאַרגעסן ?

און רעדנדיק אזוי, האָט זי אים די גאַנצע צייט די האַנט-צאַרט געגלעט.

— נו, איצט קוש מיך! — האָט זי פּלוצלינג געזאָגט.

ער האָט זי אָנגענומען בײַ דער טאַליע און זי, בערטאַ, האָט זיך אַריינגעדריקט אין אים מיט איר גאַנצן גוף און אויסגעשטעלט צו אים די ליפּן מיט פאַרמאַכטע אויגן.

און אַז ער האָט איר דערנאָך אַ קוש געטון, האָט זי געעפנט ווידער אירע אויגן און געקוקט אויף אים. דאַן האָט זי הייס אַ לאַך געטון.

— ניין, דו ביסט נישט אַלט — האָט זי געזאָגט, און צוגעלייגט — מיין האָפנונג איז נאָך נישט אינגאַנצן פאַרלוירן.

ער האָט איר אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל און זיך אָנגערופן:

— בערטאַ, בעסער טראַכט נישט פון דעם. נו, בין איך פאַר דיר עפּעס אַ נייעס?

— דו ביסט שטענדיק פאַר מיר אַ נייעס, ליעוו.

— נו, שטעל דיר פאָר, דאָס איז געשען. דערנאָך וואָס? איך וועל טאַניאַן נישט פאַרלאָזן.

— דאָס פאַרלאַנג איך נישט פון דיר.

— און דיין לעבן מיט ברוינשטיינען וועט צעשטערט ווערן.

— פאַרוואָס?

— ווייל דו וועסט דאָך אים סוף-כל-סוף דערקלערן...

— איך האָב באַשלאָסן, אַז נישט.

— דו וועסט עס נישט קענען באַהאַלטן פון אים, איך קען דיך, בערטאַ.

— אַן אַנדערן וואָלט איך עס גלייך געזאָגט, אָבער נישט אים, ווייל ער איז מיר טייער און איך האָב אויף אים רחמנות.

— ניין — האָט ליעוו זיך דאַן אַ כאַפּ געטון — איך קען עס נישט. און איך וועל עס נישט קענען. חברטע און פריינדין, אַ גוטן!...

און ער האָט ווידער אַ דריק געטון איר האַנט און געלאָזט

זיך האַסטיק גיין צו דער טיר, זי געעפנט און איז פאַר־שוווּנדן.

און ווען ער איז אַוועק, האָט בערטאַ זיך אַ וואָרף געטון אויף דער סאָפע מיטן פנים אַראָפּ און זי האָט ליידנשאַפטלעך זיך צעוויינט.

זי האָט געוויינט לאַנג, מיטן פנים איינגעדריקט אינעם ווייכן ווינקל פון דער סאָפע און אויפגעציטערט מיטן גאַנצן קערפּער.

די פרוי אין איר האָט שרעקלעך געליטן, אפשר מער פון דעם, וואָס דער מאַן, וועלכן זי האָט אַזוי ליב געהאַט, האָט זי אָפּגעשטויסן, איידער פון דעם, וואָס איר ליידנשאַפט איז בישט געזעטיקט געוואָרן. די אייגענע בערטאַ, וואָס אירע פריינט און באַקאַנטע האָבן זי געהאַלטן פאַר אַ שטאַרקע און שטאָלצע נאַטור, האָט זיך איצט געפילט אַזוי שוואַך און אַזוי אומבאַהאָלפן און אַזוי בישטיק.

זי האָט אַזוי לאַנג געוויינט, ביז זי איז מיד געוואָרן פון די טרערן. דערנאָך איז זי אַנטשלאָפן געוואָרן, ווי אַ דערהרגעטע.

אַ קלינגען פונם טעלעפאָן האָט זי אויפגעוועקט.

זי איז אַרונטער פון דער סאָפע און צום טעלעפאָן צוגע־גאַנגען.

מען האָט צו איר געקלונגען פון איר אָפיס. מען האָט זי גערופן אַהין.

און אין אַ ווײַלע שפּעטער, ווען זי איז געגאַנגען צום „סאָבוויי“ און האָט ווידער געטראַכט פון ליעוון, האָט זי זיך פּלוצלינג מיט עקשנות געזאָגט:

„ער וועט זיך מוזן ווידער פאַרליבן אין מיר און נאָך שטאַר־קער איידער פריער. סיידן איך האָב פאַרלוירן מיין גאַנצן רייץ!“...

* * *

נאָך אַ פּאָר וואָכן זענען אַוועק. ליעוו איז געקומען צו בערטאַן אַהיים אַזוי אָפט, ווי פריער, און האָט זיך אונטערהאַלטן מיט איר און ברוינשטיינען ס׳רוב ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט.

און אַמאָל האָבן זיי אַלע זאַלבעדריט פאַרבראַכט אין אַ רעסטאָראַן, צי געשפּאַצירט אין צענטראַל־פּאַרק, צי גאָר געגאַנגען צו אַ סטאַדיום־קאָנצערט, אָדער אין קינעמאָ־טעאַטער. ברוינשטיין האָט זיך אונטער אָט דער צייט אַזוי צוגעוויינט צו זען שטענדיק ליעוון מיט זיך און מיט בערטאַן, אַז אַמאָל, ווען ליעוו איז מיט זיי נישט געווען, האָט זיך אים אויסגעגעבן, אַז יענער פעלט זיי.

נאָר אַ פּאָר מאָל, די לעצטע צייט, בעת ליעוו האָט באַ זיי פאַרבראַכט, איז בערטאַ אַזוי אָנגעטון געווען, אַז איר כישופדיקע נאַקעטקייט האָט זיך אַרויסגעזען. דאַן האָט ברוינשטיין געוואָרפן פון דער זייט בליקן סיי אויף ליעוון און סיי אויף בערטאַס נאַקעטקייט און זיך דערמאָנט אָן דעם, אַז זי איז געווען ליעווס פרוי און אַז מיט איר נאַקעטקייט איז יענער צו גוט באַקאַנט געווען; דאַן איז אים געוואָרן אומאָנגענעם און ער האָט זיך געפילט אומבאַקוועם.

ער האָט אָבער געשוויגן. קיין וואָרט וועגן דעם נישט אַרויסגעבראַכט.

אָבער זעלטן איז בערטאַ געזעסן אַזוי אָנגעטון, דערפאַר האָט עס קיין טיפערן איינדרוק נישט געמאַכט אויף ברוינשטיינען, און ער האָט פון דעם לאַנג נישט געטראַכט.

בפרט, ווען ער האָט באַמערקט, אַז בערטאַ האָט זיך נישט געהאַלטן די לעצטע צייט אַזוי פּ״יי מיט ליעוון ווי פריער: האָט זיך נישט געזעצט צו אים אויפן שויס און האָט אים נישט געקושט אַזוי ווי זי האָט עס פריער אַמאָל געטון.

עס האָט זיך געשפּירט אַ געוויסע קאַלטקייט.

און נישט בלויז מיט ליעוון אַליין איז זי די לעצטע צייט געווען נישט אַזוי פריינטלעך ווי פריער, נאָר מיט אים, ברוינשטיינען, אויך.

אָפט איז זי בייז געווען, ווען זי איז מיט אים אַליין געווען, און אויפגערעגט, און אַמאָל אָן אַ פּאַרוואָס האָט זי אים געזידלט.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט ער דאַן געפרעגט מיט אַ באַזונדער מינע פאַרוואונדערט.

האָט זי אים ס'רוב נישט געענטפערט, אַ כאַפּ געטאָן אַ בוך און זיך אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפע און געלייענט.

לאַנג אָבער האָט דידאַזיקע שטימונג בא איר נישט געדויערט. באַלד האָט זי אים געקושט מיט אַ מין שטורעמדיקער ליידנשאַפט.

און אין דידאָזיקע קושן אירע, וואָס ער האָט זיי אָנגענומען אויף זיין חשבון, האָט ער געזעען, ווי משוגע זי איז פאַרליבט געווען אין אים, און ער איז גליקלעך געווען.

אַרום אָט דער צייט האָט ער שוין געהאַט באַלד פאַרענדיקט זיין ווערק.

* *

*

איינמאָל, סוף יוני איז דאָס געווען — אין יענעם אָוונט איז ברוינשטיין אַוועק אויף אַ באַנקעט, וואָס איז געגעבן געוואָרן לכבוד אַ ליטעראַט, אַ גאַסט פון פוילן.

בערטאַ איז פאַרבליבן אַליין אינדערהיים מיט ליעוון.

און אַזוי ווי זי איז געווען שלעכט אויפגעלייגט אין יענעם אָוונט, נערוועז און אויפגערעגט, האָט ליעוו זיך מיטאַמאָל צו איר אָנגערופן:

— וואָס איז היינט מיט דיר, בערטאַ?

האָט זי אים געענטפערט:

— וואָס גייט עס דיך אָן?

— אויב איך פרעג, באַווייזט עס, אַז מיך גייט עס יאָ אָן — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל.

— דיך גייט עס נישט אָן. און פרעג נישט!

האָט ער אַ ווײַלע געשוויגן און דאַן ווידער געפרעגט: — און דאָך... זאָג מיר, וואָס איז הײַנט מיט דיר?

זי האָט זיך אַ כאַפּ געטון מיט צעפּלאַמטע באַקן און אויגן און אויסגעשריגן:

— הײַנט? און נעכטן? און די גאַנצע צײַט, זינט איך האָב דיך ווידער געטראָפן?...

איז צוגעגאַנגען צו אים גאַנץ נאָענט, מיט די צעפּלאַמטע אויגן אײַנגעגעסן אין אים, און האָט אַרויסגעפּליסטערט:

— דו פּײַניקער מײַנער!

— און דאַן — אַ גרויסער כּוח האָט זי אַ הייב געטון אין דער לופטן, און באַלד האָט זי זיך געצאַפּלט און געפּלאָכטן אין שטאַרקע אָרעמס, און אַ באַקאַנטן, מיט פײַער־ברויזנדיקן אויסגעשריי האָט זי דערהערט, אַזוי ווי פון אַ הונגעריקער, צעווילדעטער חיה...

שפּעטער, ווען ער האָט זיך געזעגנט מיט איר, איז זי פאַרשיכּורט געווען פון גליק.

זי האָט געפּליסטערט:

— איך האָב דיך צוריק, מײַן ליעוו, איך האָב דיך צוריק! און האָט אים געגלעט די הענט און זײַ געקושט.

זי האָט אינגאַנצן געלויכטן און געשטראַלט, און געשמייכלט.

און באַגלייטנדיק אים ביז צו דער טיר, האָט זי אים פּלוצלינג אָפּגעשטעלט און זיך אָנגערופן:

— ליעוו, ווי וואָלט געווען, אַז מיר זאָלן פאָרן אין די בערג אויף עטלעכע טעג?

— פון מײַנעטוועגן — האָט ער געענטפערט אויך מיט אַ

גליקלעכן שמייכל — אָבער וואָס וועט זאָגן אויף דעם ברוינ־שטיין?

— דאָס איז מיין עסק — האָט זי געענטפערט.

נאָך האַלבער נאַכט, ווען ברוינשטיין האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים, איז בערטאַ נאָך נישט געשלאָפן.

זי איז געלעגן אויף דער סאָפע און האָט געלייענט אַ בוך.

ווען ער איז אַריינגעקומען, האָט זי אים צוגערופן צו זיך און אים אַ קוש געטון און איז בכלל צו אים אַזוי גוט געווען, ווי זי איז שוין לאַנג נישט געווען צו אים.

דאַן האָט זי אים אויסגעפרעגט, ווער איז אויפן באַנקעט גע־ווען און ווער פון די ליטעראַטן האָט גערעדט און צי ער, ברוינ־שטיין, האָט גערעדט, און צי דער גאַסט, דער ליטעראַט פון פוילן, האָט גערעדט.

און ברוינשטיין האָט איר איבערגעגעבן דעם איינדרוק פון דעם גאַנצן באַנקעט, און זי האָט זיך געוויצלט און געשפּאַסט און איז אַזוי פריילעך געווען, אַז ברוינשטיין האָט ממש אָנגעקוואָלן פון איר און זיך צום סוף אָנגערופן:

— זאָל דיר נישט פאַרשטערט ווערן, איך האָב דיך שוין לאַנג נישט געזען אַזוי פריילעך!

האָט זי אויסגעשריגן:

— יאָ, יאָ, שוין לאַנג איז מיר נישט געווען אַזוי פריילעך, שוין לאַנג. מיר איז אַזוי גוט, אַזוי גוט, אַזוי גוט אויפן האַרץ!

און מיטאַמאָל האָט זי גענומען דעקלאַמירן זיינס אַ געדיכט, איז אַרונטערגעשפּרונגען פון דער סאָפע מיט נאַקעטע פיס און האָט זיך אוועקגעשטעלט פאַרן שפּיגל און דעקלאַמירט ווייטער זיין גע־דיכט.

ברוינשטיין האָט געלאַכט.

— זע נאָר — האָט ער זיך אָנגערופן — אפילו מיינס אַ ליד־דעקלאַמירסטו! פאַרוואָס אַזאַ כבוד מיטאַמאָל?

און אָנשטאָט אים צו ענטפערן אויף דעם, האָט זי גענומען

דעקלאַמירן אַן ענגליש ליד און דערנאָך אַ רוסיש, און זיך אונטער־בראָכן פלוצלינג מיט די ווערטער:

בין איך נישט משוגע, ברוינשטיין?

— אַ ביסעלע — האָט ער געענטפערט פריילעך. און צוגעלייגט — אָבער מיר געפעלט דווקא, ווען דו ביסט אַזוי משוגע!

און דאַן האָט זי זיך אָנגערופן:

— אויב שוין משוגע, זאָל זיין נישט אַ ביסעלע! קום מיט מיר אין פאַרק. איך וועל היינט נישט קענען שלאָפן!

— איצט אין פאַרק, נאָך איינס?

— יאָ, יאָ, נאָר איצט. אָט אַזוי וויל איך. איז די לבנה דאָ?

זי איז צוגעלאָפן צום פענצטער און האָט אַרויסגע־קוקט.

— וואָס פאַר אַ נאַכט! וואָס פאַר אַ שיינע לבנה! ווי גוט עס איז איצט צו זיצן אינם פאַרק אויפן גראָז און חלומען און פילן, אַז דו לעבסט! קום, ברוינשטיין, מיט מיר!

— זיי נישט קיין קינד, בערטאַ!

— דו ביסט אַ שלעכטער, ברוינשטיין — האָט זי דאַן געזאָגט מיט אַ טאָן פון אַ נאָכגעגעבן קינד.

— מיר וועלן אַן אַנדערטמאָל גיין, בערטאַ, איך וויל איצט שלאָפן. איז ליעוו דאָ לאַנג היינט געזעסן?

— ער איז נישט לאַנג אַוועקגעגאַנגען. וואָס פאַר אַ וווּנ־דערלעכער מענטש ער איז! — האָט זי דאַן צוגעלייגט מיט באַגייס־טערונג, און אירע אויגן האָבן זיך צעלויכטן.

— וואָס האָט ער היינט דערציילט?

— אַ וווּנדערלעכע געשיכטע — האָט זי געענטפערט און אַ קוק געטון אויף ברוינשטיינען שעלמיש.

— צום ביישפיל?

— איך וועל דיר אַן אַנדערטמאָל דערציילן — האָט זי געענטפערט.

— פאַרוואָס נישט איצט?

— איצט וויל איך נישט. קום שלאָפן! — האָט זי זיך פּלוצ־לינג אונטערבראָכן.

און אין אַ ווײַלע אַרום, ווען זיי זענען שוין געלעגן אויף זייער געלעגער, האָט זי זיך פּלוצלינג אָנגערופן:

— האָב איך דיר שוין געזאָגט, אַז איך פאָר די וואָך אַוועק אויף עטלעכע טעג?

— וווּהין?

— איך ווייס נאָך נישט. דאָס וועל איך ערשט וויסן מסתּמא מאָרגן. קען זײַן אין די בערג ערגעץ, און עס קען זײַן אין אַן אַנדער פּלאַץ. ליעוו פאָרט אויך.

— עפּעס וועגן אַן ענין, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער יוניאָן? — האָט ער אַ פרעג געטון.

— יאָ. וועסט נישט בענקען נאָך מיר?

— אַביסעלע וועל איך מסתּמא נאָך דיר בענקען.

— אָבער נישט מער ווי אַ ביסעלע, דו הערסט?

האָט ער דאַן אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך:

— און דו? וועסטו בענקען נאָך מיר, בערטאַ?

— איך ווייס נישט — האָט זי געענטפערט.

האָט עס אים פאַרדראָסן.

— וואָס הייסט, דו ווייסט נישט — האָט ער זיך אָפּגע־רופן.

— ווײַל איך ווייס נישט. איך רעד מיט דיר אָפן. איך וועל ערשט דאַן וויסן.

— דאָס איז אַ סימן, אַז דו ליבסט מיך נישט אַזוי שטאַרק, בערטאַ.

— וואָס טויגן דיר סימנים? אָט אַזוי איז דאָס, און פאַרטיק!

— ווי מאָדנע דו רעדסט, בערטאַ.

— ווי, ווילסטו, זאָל איך רעדן? דו ווילסט דאָך נישט, אַז איך זאָל דיך נאַרן?

— ניין.

— רעד איך, וואָס איך מיין!

האָט ער דאַן אַ זיפץ געטאָן און האָט אַרויסגערעדט:

— אויב אַזוי, איז טרויעריק.

— וואָס איז טרויעריק?

— וואָס דו ווייסט איצט נישט, צי דו וועסט בענקען נאָך מיר — האָט ער געענטפערט.

— דו ווייסט גאָר וואָס? — האָט זי זיך דערנאָך אָנגערופן — בענק אויך נישט נאָך מיר.

— אַ דאַנק פאַר אַן עצה — האָט ער אַרויסגעמורמלט.

— צי דו ווייסט גאָר וואָס? — האָט זי ווידער געזאָגט — זאָג אויף חנהלען און פאַרגעס באַ איר די בענקעניש נאָך מיר.

האָט ברוינשטיין זיך צעלאַכט, ווען זי האָט עס געזאָגט, מחמת איצט איז אים קלאָר געוואָרן, אַז זי האָט געטריבן קאַטאָוועס מיט אים, און ער האָט דערפאַר אויך אָנגענומען, אַז דאָס, וואָס זי האָט אים געזאָגט, אַז זי ווייסט נישט, אויב זי וועט בענקען נאָך אים, איז אויך געווען נישט מער ווי קאַטאָוועס.

ער האָט געלאַכט.

— וואָס דען האָסטו געמיינט? אוודאי וועל איך אויפזאָגן חנהלען. . .

— זי איז אַ פּייערדיק ווייבל — האָט זי אונטערגעכאַפּט.

— נאָך ווי! — האָט ער ווייטער געלאַכט.

— אַ שיינע, בויגיקע פיגור — האָט זי ווייטער גערעדט.

— אוי־הוי!...

— שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן, און אַ שטורם טראָגט זיך פון איר. ווען איך וואָלט געווען אַ מאַן, וואָלט איך זי נישט פאַרביטן אויף אַזאַ פרוי ווי איך!

ברוינשטיין האָט איר אונטערבראָכן:

— להבדיל אלף הבדלות, גענוג צו רעדן וועגן איר, און דערמאָן זי נישט אין איין אָטעם מיט דיר נישט אפילו אויף שפּאַס, מיר איז עס נישט אָנגענעם.

— ברוינשטיין, איך שפּאַס נישט, זי איז שענער פון מיר, אַ סך רייצנדער פון מיר אַלס פרוי. און דו ביסט אַ נאַר, פאַרוואָס דו האָסט זי אָפּגעשטויסן פון זיך.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— הער נאָר, צי דו ביסט נישט אויף אַן אמת היינט משוגע?

— צי משוגע, צי נישט, איך מיין, וואָס איך זאָג, ברוינ-שטיין, איך שטעל זיך מיר פאָר, מיט וואָס פאַר אַ פּייער זי קושט...

ער איז אַרונטער פונם געלעגער און האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער פּאַדלאָגע.

— וווהין ביסטו אַוועק? — האָט זי געפרעגט.

— איך וויל נישט הערן דיינע נאַרישע שפּאַסן — האָט ער געענטפערט — פאַרוואָס האָסטו זיך מיטאַמאָל דערמאָנט אָן איר?

— אפשר גאָר פאַר אייפערזוכט? — האָט זי אַ לאַך געטון — אפשר דערפאַר, ווייל מיר איז אייגעפאַלן, אַז ווען דו וועסט בלייבן אַליין, וועסטו זיך דאָ באַגעגענען מיט חנהלען?..

האָט ער אַ טראַכט געטון:

„אפשר טאַקע דערפאַר?"...

— דו ביסט אַ נאַר, בערטאַ — האָט ער דאַן זיך אָנגע-רופן — וואָס דיר קאָן איינפאַלן!

און ער האָט זיך צוריק אַוועקגעלייגט לעבן איר אויפן גע-לעגער.

— איך דערלויב דאָס דיר — האָט זי ווידער אָנגעהויבן, — און דו דאַרפסט גאָרנישט פרעגן אויף מיין דערלויבעניש, ווייל איך וואָלט בא דיר אויך נישט געפרעגט...

האָט ער אָט די ווערטער אירע אויך אָנגענומען פאַר אַן אויסדרוק פון איר אייפערזוכט און גוטמוטיק איר אונטער-בראָכן:

— נו, גוט, גוט. אָבער לאָז איצט שלאָפן!

אין דער אייגענער וואָך איז בערטאַ טאַקע אַוועקגעפאָרן. זי איז אַוועקגעפאָרן אין די בערג, אין דער אייגענער געגנט, וווּ זי האָט זיך פאַראיאָרן געטראָפן מיט ברוינשטיינען.

— איך בענק נאָך דעם רויטן באַרג און נאָך דעם וועלדל — האָט זי געזאָגט ברוינשטיינען, איידער זי איז אַוועקגעפאָרן.

ברוינשטיין האָט נישט געוווּסט, ווו זיך אַהינצוטון, ווען ער איז געבליבן אין דער היים אָן איר. ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען.

א שווערער אומעט האָט זיך געשפרייט איבער זיין געמיט, ווי א גרויער נעבל איבער בערג אין א רעגנדיקן טאָג.

ער האָט אפילו נישט געקאָנט אָרבעטן פאַר אומעט און בענקעניש.

אגב האָט אים איצט ווידער אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן דער געדאַנק וועגן ליעוון. אמת, ער האָט זיך איצט אויך געווערט קעגן אָט דעם חשד אַזוי ווי אין דער ערשטער צייט, און האָט צו זיך געטענהט, אַז איצט קאָן גאָר קיין ספק נישט זיין, אַז צווישן בער־טאַן און ליעוון זענען קיין אַנדערע באַציונגען אויסער חברשע נישטאָ, וואָרים ער וואָלט שוין באַמערקט, ווען צווישן זיי וואָלטן אַנדערע באַציונגען געווען, און דאָך... דער געדאַנק וועגן דעם, אַז איצט זענען זיי דאָרט שטענדיק צוזאַמען, זיצן אפשר צוזאַמען אין דעם וועלדל אונטערן באַרג, צי אויפן באַרג, זיי, וועלכע האָבן זיך פריער אַזוי ליב געהאַט, — אָט דער געדאַנק האָט אים נישט געלאָזט רוען, ווי ער, ברוינשטיין, האָט אים נישט געטריבן פון זיך.

„זאָל זיך אויף א מאָמענט אויפוועקן באַ זיי א פאַרלאַנג איינער צום אַנדערן, וואָס וועט זיי שטערן?" — האָט ער גע־טראַכט — „און דער פאַרלאַנג דאָרט וועקט זיך גרינג, איז שטענ־דיק וואַכעדיק"...

און טראַכטנדיק אַזוי, האָט ער אויפגעציטערט פונם קאָפּ ביז צו די פיס.

ער האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף איר בריוו, און צוויי טעג זענען אַוועק און ער האָט פון איר קיין ידיעה נישט באַקומען.

איז ער דאַן נאָך אומרויקער געוואָרן.

און די צווייטע נאַכט איז אים אַזוי אומעטיק געווען, אַז ער איז אַוועק אין דעם באַקאַנטן קאַפע־הויז אויף דער צווייטער עווענוי און האָט דאָרט פאַרבראַכט מיט פריינט ביז נאָך צוויי; האָט דאָרט

אויך געטראָפן זיין פריינט דעם מאָלער שמחהן און אים גענומען צו זיך אַהיים נעכטיקן.

און דערנאָך, ווען זיי זענען געלעגן אויפן געלעגער, האָט ברוינשטיין זיך פלוצלינג אָנגערופן צו אים:

— זאָג נאָר, שמחה, וואָס איז געוואָרן פון דיין פאַראַיאָריקער ליבע, איבער וועלכער דו ביסט געווען אַזוי פאַרצווייפלט, ווען דו האָסט מיך באַזוכט פאַראַיאָרן אין די בערג?

דער מאָלער האָט גלייך נישט געענטפערט, געשוויגן אַ ווײַלע און דערנאָך זיך אָנגערופן:

— יענע ליבע איז נאָך אינגאַנצן נישט אויסגעלאָשן בײַ מיר, זי ברענט נאָך מיט ווייטיק און שפּאָט.

— וואָס מיינסטו מיט ווייטיק און שפּאָט?

— דער עיקר מיט שפּאָט — האָט אַרויסגעברומט אויפגערעגט דער מאַלער אויף זיין באַסאָווע קול — מיט שפּאָט דערפאַר, מחמת איך האָב געזעען אין אָט דעם מיידל דאָס, וואָס פון דעם איז בײַ איר קיין זכר נישט געווען...

— ווייל דו האָסט זי אידעאַליזירט, מיינסטו?

— יאָ, ווייל איך האָב זי אידעאַליזירט, ווי אַן אידיאָט. די צעיושעטע נאַקעטע תאווה האָב איך איינגעוויקלט אין אַ הייליק מענטעלע... אָט דאָס קאָן איך זיך נישט מוחל זיין! אָבער די אויגן האָט עס מיר געעפנט...

— וואָס מיינסטו?

— איך מיין: דאָס האָט מיר די אויגן געעפנט אויף די היינטיקע פרויען — האָט דער מאָלער געענטפערט מיט היץ, און גערעדט ווייטער — ברוינשטיין, איך בין בכלל דער אייגענער רעוואָלוציאָנער ווי פריער, אָבער וועגן דער פרוי האָב איך איצט אַ מיינונג, מיט וועלכער דו וועסט זיכער נישט מסכים זיין, איך מיין וועגן דער היינטיקער פרוי... דו וועסט זאָגן, אַז יענע, וואָס איך האָב געליבט, איז קיין באַווייז נישט, האָב איך זיך אָבער צוגעקוקט צו אַנדערע פרויען און איך האָב זיך דערמאָנט אָן אַנדערע, וואָס איך האָב פריער געטראָפן, און איצט זע איך זיי מיט אָפענע קלאָרע אויגן. דו ווייסט, ווי איך זע זיי איצט? עס איז פאַרהאַן

אַזאַ פלאַנצונג, וואָס דאָ, אין אַמעריקע, הייסט זי „טייגער-ליליע“.
דידאָזיקע פלאַנצונג וואַקסט אַרום זומפּן. זי שפּייזט זיך מיט דער
אומריינקייט פון די זומפּן, זי איז אינגאַנצן אָנגעטרונקען מיט דער-
דאָזיקער אומריינקייט. איז דידאָזיקע פלאַנצונג וווּנדערלעך שיין,
פלאַמענדיק-רויט, אַזוי ווי מיט פלאַמענדיק-רויטן זונען-אויפגאַנג
אָנגעזאַפּט... דערזעט מען זי פון דערווייטנס, לאָקט זי מיט איר
שיינקייט און מיט איר שלאַנקער פאָרם (זי וואַקסט שלאַנק). ציסט
אויס אָבער צו איר די האַנט, ווילסטו מאַכן פון איר אַ בוקעט,
דערזעסטו באַלד, אַז דו האָסט זיך שרעקלעך אָפּגענאַרט. די ווונ-
דערלעכע שיינקייט צעפאַלט און צעקריכט באַ דיר צווישן די פינ-
גער און באַ דיר אויף דער האַנט פאַרבלייבט שימל און דער גע-
רוך פון זומפּ, ממש נישט אָפּצוּוואַשן זי... אָט אַזוי זענען אין
מיינע אויגן די היינטיקע פרויען!...

אין דער פריערדיקער צייט וואָלט אים ברוינשטיין אָט פאַר
די ווערטער שטאַרק געזידלט, איצט אָבער האָט ער בלויז באַ-
מערקט:

— נו, דו טרייבסט איבער, די היינטיקע פרוי איז נישט
ערגער איידער די אַמאָליקע.

— ערגער, נישט אין אַן ערך ערגער — האָט זיך דער מאָ-
לער נאָך מער צעהיצט — ערגער, אין פאַרגלייך מיט די אַמאָלי-
קע פרויען, איז קיין וואָרט נישט! די פרוי פון אַמאָל האָט פאַר-
מאָגט נשמה. האָט געפילט, געחלומט, האָט געהאַט אַן ארון קודש
אינם האַרץ פאַר איר ליבע, האָט זיך מקריב געווען פאַר ליבע,
האָט פאַר אַנטוישטער ליבע אין אַ קלויסטער זיך אויף אייביק
פאַרשלאָסן. ווי מען זאָל נישט קוקן אויף אַזעלכע האַנדלונגען
היינט, קיינער אָבער וועט נישט קאָנען פאַרלייקענען די שיינקייט,
וואָס איז געלעגן אין דידאָזיקע האַנדלונגען. און וואָס פאַר אַ
שיינקייט, פרעג איך דיך, געפינסטו באַ דער היינטיקער פרוי? די
דורכשניטלעכע היינטיקע פרוי לאַכט זיך אויס, געוויינלעך, פון
דער אַמאָליקער פרוי, רופט זי „סענטימענטאַלע באָביצע“; איז
נישט באַזונדערס גליקלעך, ווען זי קריגט אַ געליבטן, און איז
נישט באַזונדערס אומגליקלעך, ווען זי פאַרלירט אַ געליבטן; האָט

זיך באַפרייט פון אַלע נאַרישע אילוזיעס; האָט אַרונטערגעוואָרפן אַלע שלייערס פון דער ליבע און אַרויסגעשטעלט די תאווה מו־טער־נאַקעט, נישט אפילו מיט אַ פייגנבלאַט צוגעדעקט. פאַרשטייט מיך, ברוינשטיין, די פרוי איז געשאַפן, כדי צו דערפילן צוויי גרויסע, וווּנדערפולע פונקציעס אינם לעבן — צו ליבן און צו זיין מוטער. אָבער די היינטיקע פרוי איז נישט פעיק אמתדיק צו ליבן און קינדער וויל זי אויך נישט האָבן.

ברוינשטיין האָט זיך צעלאַכט און זיך אָנגערופן:

— ווי, ווי, שמחה, וואָס פאַר אַ חורבן! און אַלץ אַ דאַנק דעם, פאַרוואָס דו האָסט דיך אַנטוישט אין יענעם נאַרישן מיידל?

— עס הייבט זיך נישט אָן — האָט שמחה געענטפערט — איך קען אַנדערע, אמת אינטעליגענטע פרויען, וואָס זענען נאָך ערגער איידער יענע.

ברוינשטיין האָט אים איבערגעשלאָגן:

— שמחה, דו רעדסט נאַרישקייטן. דו פאַרשטייסט נישט די צייט און דו פאַרשטייסט נישט די היינטיקע פרוי.

— און איך זאָג דיר, אַז די היינטיקע פרוי פאַרשטיי איך יאָ — האָט דער מאָלער אַרויסגעברומט — און מיר ווייזט זיך אויס, אַז יעדער קען זי פאַרשטיין. שווער, זעסטו, איז געווען צו פאַרשטיין די אַמאָליקע פרוי, ווייל זי איז פאַרשלייערט געווען מיט הונדערטער שלייערס. אָבער די היינטיקע פרוי, וואָס איז אינגאַנצן אָן שלייערס, זי פאַרשטיי איך, זי קען איך. זי איז אַרויס צו נע־מען דאָס לעבן און מאַכט חרוב אַנדערע לעבנס אָן געוויסנ־ביסן. און וואָס אינטעליגענטער זי איז, אַלץ געפערלעכער איז זי, אַלץ פעיקער איז זי אויף כלערליי טריקס, אַלץ קונציקער איז איר באַ־טרוג און אַלץ גיפטיקער איז איר סם.

— שימל, שימל! פון דיין יעדן וואָרט וועגן דער היינטי־קער פרוי שלאָגט אַ שימל! — האָט אים ברוינשטיין ווידער אי־בערגעשלאָגן. — די פרוי, וואָס קען באמת רעפּרעזענטירן די היינ־טיקע, מאָדערנע פרוי קענסטו נישט און נישט דו האָסט זי אַמאָל געטראָפן. דיין קינסטלערישער טעמפּעראַמענט האָט זיך אַזוי משוגע

צפיושעט, אַ דאַנק דער אַנטוישטער ליבע דיינער, אַז דו רעדסט שוין באַלד ווי אַ מאָראַל-פּריידיקער...

און ברוינשטיין האָט דאַן גענומען רעדן וועגן דער היינטי-קער פרוי און זי פאַרטיידיקט הינגעריסן און מיט אַ סך גייסט.

און שפּעטער האָט ער גענומען רעדן וועגן בערטאַן, און אים דערציילט, ווי זי האָט זיך ווידער געטראָפן מיט ליעוון און ווי זיי ביידע זענען אַוועקגעפאָרן אין די בערג.

דער מאָלער האָט זיך צעלאַכט אויף זיין באַסאָווע קול.

— וואָס לאַכסטו, שמחה?

— אָט אַזוי — האָט שמחה געענטפערט.

ברוינשטיין איז אויפגערעגט געוואָרן סיי פון זיין פריינטס געלעכטער און סיי פון זיין ענטפער:

— מיר געפעלט נישט דיין געלעכטער — האָט ער זיך אָנגע-רופן — פע, עפעס אַזוי ציניש!

— נו, לאָז שלאָפן! — האָט דער מאָלער אַרויסגע-ברומט.

איז ברוינשטיין צו אים צוגעשטאַנען:

— ניין, זאָג מיר, וואָס מיינט דיין געלעכטער?

— אַי, לאָז מיך צורו. איך וויל שלאָפן!

— דו מוזסט מיר זאָגן. דו מיינסט — דו פאַרדעכ-טיקסט?...

— וואָס הייסט, איך פאַרדעכטיק? איך קען נישט די היינ-טיקע פרוי! — האָט שמחה געענטפערט מיט שפּאָט — דו ווייסט דאָך דאָס?

— בערטאַן קענסטו זיכער נישט!

— זאָג איך דען, אַז איך קען זי?

ברוינשטיין האָט אויפגערעגט אַ געשריי געטון אויף אים:

— דו ביסט דאָך אַן אידיאָט! איך פאַרשטיי טאַקע, וואָס דו מיינסט!

דער מאָלער האָט אים נישט געענטפערט און זיך אומגעדרייט צו אים מיטן רוקן.

ברוינשטיין האָט נערוועז אַ טראַכט געטון:

„פאַרוואָס האָב איך אים גענומען צו מיר נעכ־טיקן?"

און ער האָט שוין נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן.

און פּלוצלינג איז פאַר אים אַרויסגעשווומען דאָס וועלדל אונטערן רויטן באַרג, און ער האָט דערזען דאָרט ליעון מיט בערטאַן...

ער האָט זיך אַ טרייסל געטון.

זיין פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט, און באַלד האָט ער דער־זען פאַר זיך יענץ צימער אין דעם האָטעל, וווּ ברוינשטיין איז מיט איר פאַראַיאָרן זומער געווען, אין איצט איז געווען מיט איר דאָרט ליעוו...

ער איז אַראָפּ פונם געלעגער, צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט אַרויסגעקוקט.

ער האָט אָבער קיין זאַך נישט געזען. פאַר זיינע אויגן האָבן זיך געטראָגן אַנדערע בילדער, וואָס האָבן גענישט זיין מוח און געצונדן זיין בלוט.

אַזוי איז ער געשטאַנען באַם פענצטער אַ היפּשע צייט, דערנאָך האָט ער זיך ווידער אָוועקגעלייגט אויף זיין געלעגער, אָבער איינשלאָפן האָט ער נישט געקענט.

נאָכאַנאַנד האָבן זיי זיך געטראָגן פאַר אים, ליעוו און בער־טאַ, און בערטאַ און ליעוו, און דאָס וועלדל, און דער רויטער באַרג, און די גרינע לאָנקעס, און בערטאַס צימער, און האָבן גע־רעגט אים און געצונדן, זענען פאַרשוווּנדן אויף אַ ווײַלע און זע־נען באַלד צוריקגעקומען און האָבן אים געפּייניקט מיט אייפער־זוכטס־קרעמפּן...

צום סוף האָט ער זיך געזאָגט, אַז ער וועט מאָרגן אויך אַהין פאָרן.

ערשט מיטן טאָג איז ברוינשטיין אַנטשלאָפן געוואָרן.

* * *

אויף מאָרגן האָט ער באַקומען אַ בריוו פון בערטאַן. יעדעס וואָרט פון דעמדאָזיקן בריוו האָט געאָטעמט מיט גליק. און גע־רעדט האָט זי מער פון ליעוון, איידער פון זיך אַליין. ווען ברוינ־שטיין האָט דעם בריוו געלייענט, האָט זיך אים אויסגעגעבן, ווי ער וואָלט געהערט ליעווס שפּאָטיש געלעכטער. . .

דאָס איז געווען אינדערפרי, אין דער צייט, ווען ער האָט געדאַרפט פאָרן אין רעדאַקציע.

האָט ער אָפּגערופן דעם רעדאַקטאָר און אים געבעטן, אַז ער זאָל אים דערלויבן עטלעכע טעג אויף צו רוען, מחמת ער איז קראַנק, און ער האָט עס באַם רעדאַקטאָר געפּועלט.

דאַן האָט ער זיך גענומען שלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל ער שיקן אַ טעלעגראַם צו בערטאַן וועגן דעם, אַז ער פאָרט צו איר אַרויס, אָדער ער זאָל צו איר קומען אומגעריכטערהייט. און, צום סוף, געווייצט פון אַ מין קרענקלעכער נייגיריקייט, צו טרעפן בערטאַן, ווען נישט זי און נישט ליעוו האָבן זיך אויף אים גע־ריכט, כדי אויף אַזאַ אופן צו דערגיין דעם אמת וועגן זייערע באַ־ציונגען, האָט ער איר קיין טעלעגראַם נישט געשיקט.

אַרום איינס באַטאָג איז ער געפאָרן מיט זיין פריינט, דעם מאָלער, צום וואָקזאַל, האָט געקויפט אַ בילעט, פאַרבראַכט מיט זיין פריינט ביז דער צוג האָט געדאַרפט אָפּגיין, דאַן האָט ער זיך גע־זעגנט מיטן מאָלער און איז אַריין אין אַ וואַגאָן.

און שפּעטער, ווען דער צוג האָט זיך געטראָגן פאַרביי וועל־דער און פעלדער און לאָנקעס און פאַרביי ווייסע פאַרם־הייזער אין דער ריכטונג צו די קעטסקיל־בערג, האָט ברוינשטיין זיך אַ ביסל באַרויקט, פאַרכאַפּט פון דער ווייכער, פרישער גרינקייט און דער

שטראַלנדיקער העלקייט, וואָס האָבן געשוועבט פאַרביי די אָפענע פענצטער פון די פליענדיקע וואַגאָנעס.

באַלד אָבער האָט ער ווידער גענומען טראַכטן פון בערטאַן מיט ליעווען. און דאַן האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס פאָרן נעמט גאָר קיין סוף נישט.

ער האָט זיך גענומען פילן אינגאַנצן צעבראָכן, אַזוי ווי ער וואָלט געפאָרן נישט בלויז עטלעכע שעה, נאָר עטלעכע מעת-לעת נאָכאַנאַנד.

אַרום פיר נאָכמיטאָג האָט זיך זיין צוג אָפּגעשטעלט באַם שטעטל, וואָס האָט זיך געפונען אַ פּאָר מייל פון דעם האָטעל, וווּהין ברוינשטיין איז געפאָרן.

ער איז אַרויס מיט זיין טשעמאָדאַן פונם וואַגאָן און אַוועק זוכן דעם אויטאָמאָביל פון יענעם האָטעל.

באַלד האָט ער דערקענט דעם פאַראַיאָריקן שאָפער און זיך מיט אים געגריסט, אָנרופנדיק אים באַם נאָמען.

דער שאָפער, אַ מאָגערער ייִנגערמאַן, מיט אַ פאַרברוינט פנים, האָט אים אויך דערקענט, גענומען באַ אים דעם טשעמאָדאַן און איז מיט אים אַוועק צו זיין מאַשין.

דאָרט זענען שוין געזעסן צוויי פרויען, נאָר-וואָס אָנגעקומענע געסט פון ניו-יאָרק.

ברוינשטיין האָט זיך געזעצט לעבן שאָפער.

די מאַשין איז אַרויסגעפאָרן פונם שטעטל און האָט זיך גענומען טראָגן איבער אַ ווייסן קאָנקריט-וועג, וואָס האָט זיך געצויגן, ווי אַן אויסגעשטרעקטער, פאַרברוינטער, מעכטיקער אָרעם צווישן הויכע בערג, וועלכע האָבן מיט זייערע גרינע קעפּ געלויכטן און געגלאַנצט, ווי געזאַלבט.

אינדערלופטן האָבן אַרומגעשוועבט כלערליי געשמאַקע ריחות פון דעם אַרומיקן ייִנגן גרינעם לעבן. די לאָנקעס האָבן זיך געבאָדן אין וואַרעמע און גאָלדענע שטראָמען פון זונשיין.

ברוינשטיין האָט לכתחילה אַריינגעזויגן אין זיך דידאָזיקע ריחות און דידאָזיקע צאַרטע גאָלדענע וואַרעמקייט, ווי איי-

נער, וואָס איז ערשט פון אַ געפענגעניש אַרויס, מיט די גאַנצע לונגען.

באַלד אָבער האָט אַרויסגעשוועבט פאַר אים דער האָטעל, דער גאַניק, און בערטאַ און ליעוו זענען דאָרט געזעסן, און דערנאָך בערטאַס צימער, און זי און ליעוו זענען דאָרט געווען, און דערנאָך דאָס וועלדל אונטערן רויטן באַרג, און דער רויטער באַרג, און אומעטום האָט ער געזען בערטאַן מיט ליעוון, ליעוון מיט בערטאַן, און ער האָט שוין נישט געשפּירט מער די געשמאַקע ריחות און די מחיהדיקע וואַרעמקייט.

ער האָט זיך אָנגערופן צום שאָפער מיט אַן אויפגערעגט קול:

— זענען עפּעס אַ סך געסט בײַ אײַך אינעם האָטעל?

— עטלעכע. נאָך צו־פרי. ערשט נאָכן פערטן דזשולאַי הייבן אָן צו קומען געסט — האָט דער שאָפער געענטפערט.

— וויפיל געסט האָט איר איצט?

— אַ פינף־זעקס

— נישט מער?

— נישט מער.

— און איז דאָ עמעצער פון די פּאַראַיאָריקע געסט?

— איין מיידל — האָט געענטפערט דער שאָפער רויק — אָט די, וואָס איז פאַראַיאָרן מיט אײַך געווען.

ברוינשטיין איז נאָך מער אויפגערעגט געוואָרן.

— איך ווייס — האָט ער אַרויסגערעדט — זי איז דאָרט מיט אונזערס אַ פריינט און נאָך מיט אַנדערע פריינט.

— יאָ, מיט אַן עלטערן מאַן איז זי דאָרט.

— זי איז דאָרט נישט נאָר מיטן עלטערן מאַן. די אַנדערע דאָרט זענען אויך פון איר קאָמפּאַניע — האָט ברוינשטיין זיך אָנגערופן, מיינענדיק, אַז די פינף־זעקס געסט, פון וועלכע דער שאָפער האָט גערעדט, האָבן זיכער געהאַט אַ שייכות מיט דעם

באוועגונגס-ענין, צוליב וועלכן בערטאַ מיט ליעוון זענען אַהינגע-פאָרן.

דער שאָפער האָט געשוויגן.

דאַן האָט ברוינשטיין ווידער אָנגעהויבן אים אויסצופרעגן, אָבער אויף אַ פאַרזיכטיקן אופן:

— וואָס טוען זיי דעם גאַנצן טאָג? שפּאַצירן זיי עפּעס פיל?

דער עלטערער מאַן האָט ליב צו שפּאַצירן.

— ער שפּאַצירט שטענדיק מיטן מיידל — האָט דער שאָפער געענטפערט.

— מיט איר נאָר? און די אַנדערע שפּאַצירן נישט מיט זיי?

— וועלכע אַנדערע?

— איך מיין, די איבעריקע פון זייער קאָמפּאַניע, פון די געסט?...

— די איבעריקע שפּאַצירן נישט — אַלטע ווייבער.

— וואָס הייסט אַלטע ווייבער?

— אַלטע. זיצן דאָרט פון פסח אָן.

— האַ? — האָט ברוינשטיין אַרויסגערעדט בצמישט און אויסגעגלאָצט אויף אים די אויגן.

און דערנאָך האָט ער געפרעגט:

— און די אַנדערע, וועלכע זענען געקומען מיטן אַלטן און מיט איר?

— וועלכע אַנדערע?

— איך מיין פון זייער קאָמפּאַניע. עס האָבן געדאַרפט קו-מען מיט זיי נאָך אַנדערע מענטשן.

— קיינער איז מיט זיי נישט געקומען.

— זענט איר זיכער?

— געוויס. אפשר וועלן זיי נאָך קומען. מיט זיי אָבער איז קיינער נישט געקומען

„אַזוי גאָר? געפאָרן מיט אים אַליין!" — האָט ברוינשטיין אַ טראַכט געטון בצמישט.

דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דעם גאַניק. וואָס איז אַזוי גוט באַקאַנט געווען ברוינשטיינען.

און נאָך איידער ער איז אַרונטער פון דעם אויטאָמאָביל, האָבן זיינע אויגן געזוכט אויף אַלע זייטן בערטאַן, אי אויפן גאַניק אי אַרום, אויף דער דערבייאיקער גרינער לאָנקע, אי אונטער די ביימער קעגן דעם האָטעל.

ער האָט זי אָבער נישט געזעען.

אויפן גאַניק איז קיין לעבעדיק נפש נישט געווען. די גע־פלאָכטענע שאָקל־שטולן, וועלכע זענען דאָרט אויסגעשטעלט גע־ווען פאַזע דער וואַנט, האָבן געשטיצעט, און אונטער די ביימער זענען געזעסן צוויי עלטערע פרויען און האָבן געקוקט נייגעריק אויף די נייע געסט, וועלכע זענען אָנגעקומען.

ברוינשטיין איז אַראָפּ פונם אויטאָמאָביל, אויפן גאַניק אַרויף און זיינע אויגן האָבן פון דאָרט געבלאָנדזשעט צום באַקאַנטן וועלדל אונטערן רויטן באַרג און צום שמאָלן וועג, וואָס האָט זיך גע־צויגן אַהינצו, ווי אַ ווייסער פאַס צווישן גרינע טעפּיכער.

צוויי ווייסע פערד האָבן זיך דאָרט געפּאַשעט אַרום וועלדל.

— העלאָו, מיסטער ברוינשטיין! — האָט ער פלוצלינג דער־הערט הינטער זיך אַ באַקאַנט קול.

ער האָט זיך אומגעקוקט, און דערזעען פאַר זיך דעם באַ־לעבאָס פונם האָטעל, מיט די אַראָפּגעהאָנגענע, האַלב־רונדע וואָנ־סעס, ווי אַ פּאָדקאָווע, און מיט די אויגן, וואָס איינס פון זיי איז בײַ אים געווען פאַרזשמורעט און דאָס אַנדערע האָט כיטרע געקוקט אויף אים.

— וואָס מאַכט איר, מיסטער ברוינשטיין? — האָט דער באַלעבאָס פונם האָטעל גערעדט ווייטער, און געדריקט אים די האַנט.

— אָ, זייער גוט — האָט ברוינשטיין געענטפערט, — וואָס מאַכט איר?

— אַ, וואָס איך מאַך וועל איך ערשט קענען זאָגן, ווען דער סעזאָן וועט זיין פאַריבער. דערווייל הייבט ער זיך ערשט אָן. נאָר מסתמא וועט גאָט העלפן. מיינע געסט פאַרגעסן מיך

נישט! — האָט דער באַלעבאָס פונם האָטעל געענטפערט, און פלוצלינג געגומען רופן — מערי!...

א מיידל, מיט א פאַרהאַוועט פּנים, איז געקומען צו־לויפן.

— פיר אַריין דעם דזשענטלמען אין רום 25 — האָט דער באַלעבאָס איר געזאָגט, און איז אַוועק.

ברוינשטיין האָט זיך א כאַפּ געטון.

— איך דאַרף נישט האָבן קיין סעפּעראַט צימער — האָט ער זיך אָנגערופן — איך בין געקומען...

ער האָט געוואָלט זאָגן, אַז ער איז געקומען צו זיין ווייב; אָבער מערי האָט אים נישט געלאָזט ענדיקן און אים אונטער־בראָכן:

— איר קענט איצט האָבן אַ סעפּאַראַט־צימער פאַרן זעלבן געלט, ווייל מיר האָבן אַ סך ליידיקע צימערן...

— יאָ, אָבער מיין ווייב איז דאָ...

— איר זענט געקומען מיט אייער ווייב? — האָט מערי זיך אָנגערופן.

און אַנשטאָט איר אויף דעם צו ענטפערן, האָט ברוינשטיין מיטאַמאָל געפרעגט:

— איז מיסעס פרידלאַנד אין איר צימער?

— מיסעס פרידלאַנד איז אַוועקגעפאָרן קיין מאָנטיסעלאָ און וועט נישט זיין צוריק ביז מאָרגן.

ברוינשטיין האָט זי אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט.

— קיין מאָנטיסעלאָ אַוועקגעפאָרן? ווען? — האָט ער אַרויס־גערעדט.

— היינט אינדערפרי איז זי אַוועקגעפאָרן. צו עפּעס א פריינט. וועט דאָרט נעכטיקן. זי איז געפאָרן אַהין מיט דעם מאַן...

— מיט מיסטער ליעוון

— מיט איר מאַן. זי איז דאָ מיט איר מאַן...

— מיט איר מאַן?! — האָט ער קוים אַרויסגערעדט — פון־וואַנען ווייסט איר, אַז זי איז דאָ מיט איר מאַן?

— וואָס הייכט, פונוואַנען איך ווייס? זיי האָבן דאָך איין ציי־מער — האָט מערי נאַיוו געענטפערט.

פאַר אויפרעגונג האָט ברוינשטיין זיך אַרונטערגעלאָזט אויף דער דערבייאיקער שאָקל־שטול און געקוקט אויף מערין מיט ווייס־אויפגעריסענע אויגן.

אַזוי ווי עמעצער וואָלט אים מיט אַ שווערער משא געדריקט אויפן מוח.

ער האָט צעטומלט געמורמלט:

— יאָ, יאָ, איך ווייס, איך ווייס, איר מאַן...

— קומט, איך וועל אייך ווייזן דאָס צימער — האָט מע־רי אים איבערגעשלאָגן — ווייל איך האָב זייער קיין צייט נישט.

און ווען ער איז אַוועק נאָך איר, האָט ער קוים גע־שלעפט זיינע פיס. ווי מיט בליי וואָלטן זיי בא אים אָנגעגאָסן גע־ווען.

ער האָט זיך געשלעפט נאָך מערין און נישט געזעען דעם וועג פאַר זיך. קיין קלאָרן געדאַנק האָט ער איצט נישט געהאַט אינם מוח. נאָר עפּעס האָט בא אים אין דער צעטומלטער נשמה פאַרצווייפלט געשריגן, עפּעס האָט זיך דאָרט געשלאָגן קאָפּ אָן דער וואַנט...

מערי האָט אים אַריינגעפירט אין אַ צימער און געוואָלט שוין אַרויסגיין, האָט ער זי מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט.

— זייט איר זיכער, אַז זי איז דאָס? — האָט ער אַרויס־גערעדט מיט אַן אויפגערעגטן שמייכל.

— ווער זי?

— איך מיין... זייט איר זיכער, אַז דאָס איז די מיסעס פרידלאַנד?

— קיין אַנדערע מיסעס פרידלאַנד איז דאָ נישטאָ.

— ווי זעט זי אויס?

— אַ שיין ווייבל, אַ בלאָנדס... וואָס איז, פאַרוואָס פרעגט איר זיך נאָך אַזוי אויף איר?

— אָט אַזוי... מיר זענען באַקאַנטע — האָט ער רחמנות־דיק אַ שמייכל געטון — וועלכע רום איז זייערע!

— רום 17. אָבער איך האָב קיין צייט נישט — האָט זי זיך פאַרהאַוועט אַ כאַפּ געטון, און פאַרלאָזט זיין צימער.

איז ער אַ ווײַלע אַרומגעגאַנגען איבערן צימער הין און צו־ריק און האָט געטראַכט: „וואָס איצט, האַ? וואָס איצט? אַנט־לויפן! אַנטלויפן! היינט נאָך, היינט!"...

און דאַן איז ער אַרויסגעלאָפן אין קאָרידאָר, האָט אויפגע־זוכט די טיר מיט דעם נומער 17 אויף איר. זי איז נישט געווען פאַרשלאָסן! האָט ער זי געעפנט און איז אַריינגעגאַנגען אינעווי־ניק אין צימער.

איין בעט איז דאָרט געשטאַנען, אַ טאָפּלט־בעט, און צווישן אָט דעם בעט און קאָמאָדע זענען געשטאַנען צוויי טשעמאָדאַנען, אויף דער וואַנט זענען געהאָנגען קליידער פון אַ פרוי און אַ מאַן.

ער האָט דערקענט בערטאַס אַ קלייד, וואָס עס האָט אויף זיך געהאַט אויזאָרן, וואָס זיינס אַ באַקאַנטער מאָלער האָט פאַר איר אויסגעמאָלן. דאַ האָט ער באַמערקט אירע פּעלענע שטעק־שיך אונטערן בעט.

איצט איז אים אַלצדינג קלאָר געוואָרן. זי האָט אים גע־נאַרט, די גאַנצע צייט גענאַרט, זינט זי האָט זיך מיט יענעם געטראָפן! זיי ביידע האָבן אים גענאַרט, געשפּילט פאַר אים קאָ־מעדיע, וואָלט זי כאָטש אים געזאָגט דעם אמת, וואָלט זי כאָטש אים נישט געזאָגט, אַז זי האָט אים ליב, און בלויז אים!... געשפּילט זיך מיט אים, ווי מיט אַ נאַריש יינגל, ביידע, יענער אַרויסווייזנדיק גלייכגילטיקייט צו בערטאַן און זי — ליבע צו אים, און אַזאַ ליבע, אַזאַ ליבע!...

און ער האָט זיך געזעצט אויפן טאָפּלטן בעט און האָט זיך צעשמייכלט, אַזוי ווי איינער, וואָס האָט זיך פּונם זינען גע־רירט.

אַזוי איז ער געזעסן אַ היפּשע ווײַלע און האָט געשמייכלט.

דאַן איז זיין בליק געפאַלן אויפן טישל, וועלכעס איז געשטאַנען באַם פענצטער.

ברוינשטיין האָט באַמערקט בריוו אויף יענעם טישל, האָט ער זיך אויפגעהויבן צו זעען, וואָס פאַר אַ בריוו זענען דאָס געווען.

די בריוו זענען אַדרעסירט געווען צו ליעוון...

ברוינשטיין האָט משונהדיק אַ לאַך געטון אין זיך, עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַלצדינג אין אָט דעם צימער — דאָס בעט, די ווענט, בערטאַס און ליעווס קליידער, בערטאַס און ליעווס טשעמאָדאַנען און די בריוו אויפן טישל, און אפילו די שיין, וואָס האָט עס אַלצדינג באַלויכטן, האָבן ממש געלאַכט פון אים.

ער איז אַרויסגעלאָפן פונם צימער, אַרונטער אויפן גאַניק און פון דאָרט איז ער אַוועק מיטן וועג צום באַקאַנטן וועלדל אונטערן רויטן באַרג.

די זון האָט נאָך געגאָסן אירע גאָלדענע שטראַלן איבער די לאַנקעס און איבער די שפּיצן ביימער; געלע שמעטערלינגען האָבן געפלאַטערט באַ דער זייט פונם וועג, ווי קליינע, פלאַטערנדיקע פלאַמען; אָבער ברוינשטיין האָט דאָס אַלצדינג נישט באַמערקט.

פאַר זיינע אויגן האָבן זיך נאָך געטראָגן בערטאַ און ליעוו און דאָס צימער מיטן טאָפּלט-בעט, און פאַרשטעלט אים די גאַנצע וועלט.

ער איז אַריין אין וועלדל און האָט זיך דאָרט געזעצט אויף אַ פעלז, אויף וועלכן ער איז אין לעצטן יאָר אָפט געזעסן מיט בער-טאַן.

ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. זיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. זיין גאַנצער גוף האָט זיך געבויגן, ווי אונטער אַ שווערער משא.

זיינע צעהיצטע געדאַנקען, וועלכע זענען געווען צעטומלט, האָבן אים אינגאַנצן באַוועלטיקט. ער האָט זיי נישט געקענט באַ-הערשן, באַרויקן.

אומזיסט האָט ער געפּרוווט טראַכטן געלאַסן און רויק, כדי

צו באַשליסן, וואָס ער זאָל טון. ער האָט קיין כּוח נישט געהאַט פאַר דעם.

ער האָט בלויז געמורמלט:

— וואָס זאָל איך טון? וואָס זאָל איך טון? געשפּילט זיך מיט מיר. . וואָס זאָל איך טון? אַוואַנטוריסטקע! . . .

דאַן האָט ער אַרויסגענומען זיין פאָנטאַן־פּען, אויפגעזוכט אין זיין בוזים־קעשענע פּאַפּיר און גענומען שרייבן אַ בריוו צו בערטאַן:

„איך בין דאָ געווען. איך ווייס אַלצדינג. פיין, זייער פיין האָט איר זיך געשפּילט מיט מיר! איך פאָר צוריק קיין ניו־יאָרק ווי פון אַ לוויה נאָך דעם נאָענטסטן מענטש. ניין, דאָס איז נישט דער ריכטיקער אויסדרוק. נישט פון אַ לוויה נאָך דעם נאָענטסטן מענטש פאַר איך, נאָר פון אַ לוויה נאָך דער העכסטער הייליקייט מיינער, וואָס איך האָב זי געפונען באַגראָבן אין אַ טיכן זומפּ!“. . .

ער האָט איבערגעלייענט, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, און האָט צעריסן דאָס פּאַפּיר אויף קליינע שטיקלעך, אַריינגענומען זיי אין אַ הויפן און אַוועקגעוואָרפן הינטער דעם פעלז, אויף וועלכן ער איז געזעסן.

ער איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך אַוועקגעשלעפּט ווייטער צווישן די ביימער, האָט זיך געשלעפּט טריט בא טריט, אַזוי ווי ער וואָלט אויף זיך געשלעפּט אַ שווערע משא.

יעדע ווילע האָט די זון דורך דעם בלעטער־ים צו אים אַ שמייכל געטון, אַדער דער פרישער הויך כּוונם וועלדל האָט אים אויפן פּנים אַ לאַשטשע געטון, אָבער ברוינשטיין האָט עס נישט באַמערקט און נישט געשפּירט.

אין זיינע געדאַנקען פאַרטון איז ער געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער צווישן די ביימער און געטראַכט און דערמאַנט זיך. . . ער האָט אַלץ געוואָלט זיך ערגיין, ווען איר באַטרוג האָט זיך אָנגעהויבן. עס האָבן אויפגעלעבט אין זיין פאַנטאַזיע די אַלע טרעפענישן און באַגעגענישן פון בערטאַן מיט ליעוון, ווען ער איז אויך געווען מיט זיי, און מיט די אויגן פון זיין זכרון האָט ער

איצט זיך געגראָבן אין ליעווס בליקן, אין ליעווס מינעס. און איצט האָבן זיי זיך אים אויסגעוויזן דער היפוך פון גלייכגילטי־קייט...

וואָס פאַר אַן אידיאָט ער איז געווען, ווי אַזוי האָט ער עס גלייך נישט באַמערקט!

פלוצלינג איז ער שטיין געבליבן. ער האָט דערקענט דעם פלאַץ, ווו ער מיט בערטאַן האָבן דעם לעצטן זומער פאַרבראַכט אַ סך גליקלעכע שעהן און ווו נישט איינמאָל האָבן זיי ביידע גע־רעדט וועגן זייער ווייטערדיק גליקלעך לעבן. איז ער געשטאַנען און האָט געקוקט אויף יענעם פלאַץ צווישן בוּשעס און פאַרצווייג־טע ביימער, און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער זעט נאָך בער־טאַן דאָרט און זיך...

מיטאַמאָל האָט זיך בײַ אים אַרויסגעריסן:

— גוּד־בײַ!

און ער איז מיט שנעלע טריט אַוועק צוריק צום האָ־טעל.

אין דעם אייגענעם אָוונט איז ער אַוועקגעפאָרן צוריק קיין ניו־יאָרק...

* *
*

פאַרנאַכט איז דאָס געווען, אין עטלעכע טעג שפּעטער.

בּרוינשטיין איז נאָר־וואָס געקומען אַהיים מיט זיין פריינט דעם מאָלער.

זינט ער האָט זיך צוריקגעקערט פון די בערג, איז ער די גאַנצע צייט געווען מיט זיין פריינט, וואָס יענער איז געווען דער איינציקער מענטש, פאַר וועלכן ער האָט זיין האַרץ אויסגע־רעדט.

דער מאָלער האָט בײַ אים גענעכטיקט, געשפּאַצירט מיט אים, פאַרבראַכט מיט אים אין דער היים און געזוכט אים צו טרייסטן און צו באַרויקן.

דער ריז שמחה האָט דערביי אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינ־לעכע צאַרטע נשמה.

מיטאַמאָל האָט זיך די טיר געעפנט און בערטאַ איז אַריינגע־קומען אַ שטראַלנדיקע, אינגאַנצן פרייד, אינגאַנצן גליק.

ברוינשטיין האָט זי דערזעען, איז ער לכתחילה צעטומלט געוואָרן; באַלד אָבער האָט ער זיך ווי איבערגעוואַלט אַ ריס געטון פון זיין אָרט און איז אַרויסגעלאָפן אין צווייטן צי־מער.

בערטאַ נאָך אים מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס. פלוצלינג אָבער האָט זי באַמערקט, ווי ער איז געשטאַנען און האָט געקוקט אויף איר, און זי האָט אַרונטערגעלאָזט די הענט און זיך אָפּ־געשטעלט.

— פאַרוואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר? און פאַרוואָס זעסטו אויס אַזוי? וואָס איז דער מער? דו ביסט קראַנק? — האָט זי זיך אָנגערופן.

ער האָט אַרויסגעמורמלט:

— גענוג געשפּילט, אַוואַנטוריסטקע!

האָט זי אויסגעגלאָצט אויף אים די אויגן.

— אַוואַנטוריסטקע? וואָס מיינסטו? ווער איז אַן אַוואַנטו־ריסטקע?

ער האָט ווידער אַרויסגעמורמלט, ווי צו זיך אַליין:

— גאָט מיינער, וואָס פאַר אַן אומשולדיקע מינע? ווי קען מען אַזוי?

זי האָט זיך אָנגערופן:

ביסטו דאָ משוגע געוואָרן? וואָס רעדסטו?

— איך בין געווען משוגע. דו האָסט מיך משוגע גע־מאַכט, פאַרבלענדט מיך מיט דיין באַטרוג. אין די הערלעכסטע שלייערס האָסטו זיך געוויזן פאַר מיר. פאַרגעטערט האָב איך דיך. און וועמען האָב איך פאַרגעטערט? אַ מיאוסע אַוואַנטו־ריסטקע!

זי האָט אַ געשריי געטון אויף אים:

— ברוינשטיין!

ער האָט ביטער אַ שמייכל געטון:

— געפאָרן וועגן אַן ענין, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג, האַ?... איך ווייס וועגן וואָס פֿאַר אַן ענין דו ביסט געפאָרן. איך בין דאָרט געווען. געווען דאָרט, אין דעם צימער נומער 17. איך ווייס אַלץ...

האָט זי ווידער אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן, דעמאָלט האָט זי שפּאָטיש אַ שמייכל געטון און רויק אַרויסגערעדט:

— אַזוי גאָר? האָסט מיר, הייסט עס, נאָכגעשפּיאָנירט? מילא, אויב דו ווייסט שוין, בין איך צופרידן, פֿאַרשפּאָרט מיר אַ סך דערקלערונגען.

און זי האָט איראָניש צוגעלייגט:

— עס וווּנדערט מיך נאָר, וואָס דו, ברוינשטיין, האָסט פֿאַרגעסן, אַז איך בין נישט דיין אייגנטום, אַז קיינער האָט אויף מיר קיין דעות נישט און אַז איך דאַרף קיינעם נישט אָפּגעבן קיין חשבון וועגן דעם, וואָס איך טו, אָדער וואָס איך טו נישט...

— אָבער דיין שפּילן! צו וואָס האָסטו זיך געשפּילט מיט מיר? פֿאַרוואָס האָסטו געזוכט צו מאַכן אויף מיר דעם איינדרוק, אַז מיך האָסטו ליב און יענער איז בלויז דיינס אַ פֿריינט?...

— אויס רחמנות צו דיר. און ווייל דו ביסט מיר טייער און דיין אַרבעט. איך וואָלט דיר אָבער דערציילט פֿריער אָדער שפּעטער...

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון:

— מיין אַרבעט! וועלכע אַרבעט? אפשר מיין לעצט ווערק? מיין נייע אדם און חווהן, האַ? — האָט ער אויסגעשריגן מיט גאַל — עס איז דאָך אַ ליגנט, דורכויס ליגנט! איך האָב עס נאָך נישט פֿאַרענדיקט... אָט איצט וועל איך עס פֿאַרענדיקן... זע, ווי איך וועל עס פֿאַרענדיקן!..

ער איז צוגעלאָפֿן צום טישל און האָט אַרויסגעכאַפּט פֿון אַ שופֿלאָד אַ גאַנצן פּאַק מיט פֿאַרשריבן פּאַפּיר און איז אַריינגע־לאָפֿן דערמיט אין קיך אַריין. דאָרט האָט ער פּיבעריש אָנגעצונדן דאָס גאַז־אייוועלע און אויף דעם אַרויפֿגעוואָרפֿן דאָס פּאַפּיר. אין אַ

ווײלע אַרום האָט דאָס פײער זיך אַרײַנגעכאַפּט צווישן די בלעטלעך, זײ האָבן גענומען רויכערן. . .

בערטאַ איז אַרײַנגעלאָפן נאָך אים מיט אַ צעטומלט געשרײ:

— וואָס טוסטו? . . .

און זי האָט געוואָלט אַראָפּכאַפּן דאָס פּאַפּיר פונם פײער.

ער אָבער האָט זי צוריקגעשטויסן.

און דערווײל האָט דאָס פײער געטאַנצט איבער דעם פּאַפּיר, געשלונגען די שוואַרצע שורהלעך, ביז עס האָט זיך פון דעם אַלעם אָפּגעשטעלט אַ קלײן קופּקעלע אַש. . .

בערטאַ האָט זיך צעװײנט און איז אַרויסגעגאַנגען אין דעם אַנדערן צימער.

און ברוינשטײן איז געשטאַנען, האָט געקוקט אויף דעם קופּקעלע אַש און געמורמלט צו זיך אַלײן:

— אַ ליגנט! כזב ושקר! . . .

ער האָט נישט געהערט, ווי דער מאָלער איז אַרײַנגעקומען.

— וואָס האָסטו געטון? — האָט דער מאָלער אויפגערעגט אַרויסגעברומט, אַרויפלײגדיק זײַן שווערע האַנט אים אויפן אַקסל.

ברוינשטײן האָט זיך אַ קער געטון צו אים און אָנגעקוקט אים דערשלאָגן:

— איך האָב די גרויסע ליגנט פאַרברענט — האָט ער אַרויסגעמורמלט.

* *
*

אין דעם זעלביקן אָוונט האָט בערטאַ פאַרלאָזט ברוינשטײנען און אַוועק צו ליעוון. דער מאָלער איז געבליבן מיט ברוינשטײנען און איז אויף קײן מינוט פון אים נישט אָפּגעטרעטן.

און ברוינשטיין האָט פאַר אים אויסגערעדט זיין האַרץ, געשילדערט פאַר אים זיינע ליידן, זיין אַנטוישונג, און צום סוף האָט ער געזאָגט:

— שמחה, רעוואָלוציעס קאָנען געמאַכט ווערן עקאָנאָמישע און סאָציאַלע, אָבער נישט קיין רעוואָלוציעס אויף די פונדאַמענטאַלע געפילן פון אונזער האַרץ. פריוואַט־אייגנטום וועט אָפּגעשאַפט ווערן, מוז אָפּגעשאַפט ווערן, אָבער דאָס פריוואַט־אייגנטום פון אונזער האַרץ, פון אונזער ליבע, וועט מען קיינמאָל נישט קענען אָפּשאַפן. איך האָב אויפריכטיק געגלייבט, אַז די ליבע דאַרף זיין פריי, קען זיין פריי, מוז זיין פריי, מען דאַרף נאָר זיין דורכגעדרונגען מיט די פרייהייטס־אידעאַלן, און אַז די אייפערזוכט איז אַ פּראָדוקט פון די אַמאָליקע שקלאַפישע געפילן, וועלכע זענען אינגאַנצן פרעמד דעם פרייען מענטש; האָב איך געשריבן וועגן דעם אַ ווערק — „די נייע אדם און חוה“ — געשריבן מיטן טיפסטן גלויבן, מיט דער טיפסטער איבערצייגונג, און איצט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז אַ ליגנט, אויסגעטראַכט נאָר פון שיינע טעאָריעס און פּראָגראַמען און פון שיינע ווונטשן. נישט מיר דיריגירן אונזערע אור־אינסטינקטן, נאָר זיי אונז. און מיר שפּילן לויט זייערע מוזיק־נאָטן דעם אַלטן, אַלטן מאָטיוו, וואָס פון קדמונים אָן האָבן אים געשפּילט און וועלן אים אייביק שפּילן אַלע לעבעדיקע ברואים, יעדער נאָך זיין כוח נאָך און נאָך זיין טעמפּעראַמענט נאָך. און דידאָזיקע אור־אינסטינקטן וועלן שטענדיק אונז פאַרכישופן, צעדולן און פאַרגולמען; און אונז, פאַרגולמטע, וועט די אייפערזוכט פייניקן; און מיר, פאַרגולמטע, וועלן שטענדיק וועלן באַזיצן אַליין, גאַנץ אַליין, דאָס פריוואַט־אייגנטום פון אונזער האַרץ, אַ נישט וועלן מיר ליידן די מוראדיקסטע יסורים, און עס איז גאָר קיין חילוק נישט, צי דאָס איז אַ מרס. קאָהען, אַ מיסטער קאָהען, אַ מרס. יאַכנעטשיק, גראָבע מענטשן, וואָס איך האָב זיי געטראָפן אין די בערג, צי דו, צי איך, צי בערטאַ, כל זמן מיר וועלן זיין פאַרגולמט אונטער דעם כישוף פון אָט דעם פונדאַמענטאַלן געפיל, פון אָט די אור־אינסטינקטן, וואָס מען רופט „ליבע“.

שמחה האָט אים איבערגעשלאָגן:

— אפשר זענען מיר נאָך דערצו נישט דערוואַקסן... אפשר די שפּעטערדיקע דורות, ברוינשטיין...

— אפילו די קומענדיקע דורות וועלן אויך נישט קאָנען ענ־דערן די פונדאַמענטאַלע געפילן, די אור־אינסטינקטן באַם מענטש — האָט ברוינשטיין געזאָגט — ווייל זיי זענען דער הויפּט־נערוו פונם לעבן. דאָס איז איצט מיין איבערצייגונג!

דער מאָלער האָט פאַרטראַכט אַרויסגעמורמלט:

— אפשר — ווער קען וויסן ? — אפשר ביסטו גערעכט. און עס קאָן זיין — האָט ער צוגעלייגט פאַרטראַכט — אַז עס איז אַזוי בעסער פאַר דעם לעבן, פאַר דעם מענטש, וואָס מען וועט נישט קאָנען ענדערן די אייגנשאַפטן פון דער ליבע. וואָרים סוף־כל־סוף האָבן דאָך די שענסטע טעאָריעס און רעוואָלוציעס איינאיינציקן צוועק — צו גליקלעכער מאַכן דעם מענטש, צו פאַרשענערן דאָס לעבן. און די ליבע, מיט אַלע אירע ליידן, איז אין אַלע צייטן געווען און וועט פאַרבלייבן דאָס העכסטע און דאָס שענסטע אינם לעבן!...

ס ו ף

1927 — ברוקלין, ניו־יאָרק.

